# פעטער דער גרויסער

א היסטאָרישער ראָמאַן פון

## מ. זייפערט.



## ПЕТРЪ ВЕЛИКІЙ

פערלאג פאן

קאנטראוויץ אונד קאצענעלענבאגען,

35 לודלאָוו סטריט, נויאָרק.

---

ידרוק פאן קרוגער אונד ליפשיץ, 

173 איסט בראָדוויא, נויאָרק.

# דער יונגער מערדער.

## (דאס גליקליכע פּאאר, דער קוכענפּערקויפער, דער אונבּעקאנטער ליעבּהאבּער, ארים אבּער עהרליך. דער קאמפּף, דער מארד, דער ציינע, ריכטיגע בעווייזע, רוססישע גערעכטיגקייט).

עס איז געוועזן א וואונדער־שיינער אבענד אין מאָנאט מאי 1687.

דיא גרויסע טהורמגלאָקע פון מאָסקווער קרעמעל האט גע־שלאגען ניין אוהר, דער קלאנג האט דורכגעציטערט דיא גאנצע ריעזענשטאדט און איז ענדליך אבּגעשטארבען אין דער ריינער בּאל־זאמישער לופט, וואס האט דיא שטאדט צוגעדעקט וויא מיט איין אונזיכטבארען שלייער.

אימער שטילער און שטילער זיינען דיא שטראסען געווארען, נור ווייט פון דעם קרעמעל, וואו דיא אָרימערע קלאסע פון מאָסקוועער בעפעלקערונג האט געוואוינט, האט זיך נאך געלאזט הערען דער האלבשטומער קלאנג פון א העזעריגען האַרמאָניק, אדער דאס פרע־ליכע לאַכען פון עטליכע יונגע מעדכען, וואס האבען ערגעץ וואו אין א גארטען מיט יונגע רוססישע כאָלדאטען געטאנצט דעם רוססישען „חאָראָוואָד“ (א סארט טאנץ).

קוים איז דער קלאנג פון דער גלאָקע ציטערנדיג אונד אבשטערבענדיג אין דער ריינער נאכטלופט פערקלונגען, אלס דיא קליינע, מיט אייזען בעשלאגענע טהיר פון דעם קרעמעל האט זיך לאנגזאם געעפענט און איין יונגע, אונגעפעהר זעכצעהן יאהר אלט, איז ארויסגעטרעטען אויף דער גאס. דער ריעזענגרויסער גרענאדיער

וואס האט וואכע געהאלטען ביי דעם טויער פון קרעמעל, האט זיך אויסגעצויגען אין דער לענג און אין דער ברייט, האט פאר דעם יונגען העררן זיין געוועהר פרעזענטירט און איז געבליעבען שטעהן רוהיג און אונבעוועגליך, וויא איין פיגור, וואס איז אויסגעגאססען פון מעטאל.

שוין אויף דיעם ערשטען בליק האט מען געקענט דערקענען, דאס דער יונגער הערר געהערט צו דער פאמיליע פון דער רוסישער קייזערין נאטאליא קיריללאָוונא, אדער ער איז איינער וואס געהערט צום קייזערליכען האף. ער האט אויף זיך געטראגען דיא קליידער פון איין קייזערליכען פאשז, שווארצע לעדערנע שיך מיט זילבערנע שפארן, ברייטע ביינקליידער ביז דיא קניע פון גרינעם סאמעט און א קורצע יאקע פון רויטער זיידע מיט זילבער-טרעסען פערפוצט. אויף דעם קאפ האט ער געטראגען א קאסטאָר הוט מיט ברייטע ברעגין, וואס האט זיין בלייכעס געזיכט ביז דיא אויגען פערדעקט און זיינע דונקעלבלאָנדע לאנגע לאָקען האבען איהם ביז דיא פלעצעס גערייכט. דאס מאגערקייט פון זיין קערפער און דיא בלאסקייט פון זיין געזיכט, האבען גענוג עדות געזאגט, דאס דיעזער יונגער הערר האט שוין צו פיעל פון דעם זיסען לעבענסבעכער גענאסען און זיין יונגעס בלוט איז שוין פערגיפטעט מיט דיא ווילדעסטע ליידענשאפטען, וואס זענען צו פריה אין איהם ערוואכט. נור זיינע שעהנע אויגען האבען נאך גע־פונקעלט אין איין אונהיימליכען פייער און האבען געוויעזען, דאס ער בעזיצט נאך גענוג קראפט און ענערגיע מיט דיא ווילדעסטע שטורמס פון לעבען צו קעמפפען.

מיט איין אונגעדולדיגער בעוועגונג פון זיין האנד, האט ער דעם גרענאדיער פאר זיין מיליטערישען גרוס געדאנקט, האט זיך ארום געקוקט נאך אלע זייטען, אזוי וויא ער וואלט זיך וועלען איבערצייגען, אויב יעמאנד זעהט איהם, ער האט זיין הוט נאך טיעפער איבער זיין געזיכט ארונטער געדריקט און איז האסטיג אוועק געגאנגען.

א פאאר סעקונדען האט איהם דער גרענאדיער שוויגענד

נאכגעקוקט און אלס ער איז פערשוואונדען געווארען, האט זיך איין איראָנישער שמייכעל אויף זיינע ליפּפּען געוויזען.

— „דער יונגער פּרינץ געהט שוין ווידער אויף דער יאגד!“ האט דער גרענאדיער צו זיך זעלבסט געמורמעלט און האט ווידער אָנגעהויבען אומצוגעהען הין און צוריק מיט דעם געוועהר אויף זיין שולטער פאר דעם טויער פון קרעמעל. „אין דיא קליידער פון איין פּאַשז וועט מען איהם קוים דערקענען, איך וואלט נור וועלען וויסען, ווער וועט זיין דאס גליקליכע טייבעלע, וואס וועט אין זיין נעטץ אריינ־פאלען!“

איינציגוויים זיינען דיא שטערן ארויסגעטרעטען אויף דעם דונקעלבלויען הימעל און האבען געווארפען איין צויבערהאפטען שיין אויף דער גרויסער שטאדט, וואס איז פון מינוט צו מינוט שטיללער געווארען און אלס דיא טהורמגלאָקע פון דעם קרעמעל האט דיא צעהנטע שטונדע געקלונגען, זיינען שוין אלע גאסען פון מאסקעווע לעער פון מענשען געווארען און דיא גאַנצע שטאדט איז שוין געלעגע אין דעם ערשטען שלאף.

צו יענער צייט איז נאך אין דער רוסישער רעזידענץ קיינע טהעאַטערע און קיינע עפענטליכע פערגניגונגס־פּלעטצער געוועזען. דיא איינוואהנער האבען נאך דיא זיטען פון זייערע עלטערן שטרענג געהיט, דיא אויסגעלאסענהייט איז אונטער דיא רוסישע יוגענד נאך ניט געוועזען, מען פלעגט גאַנץ פריה אויפשטעהן, א גאנצען טאג ארבייטען און מיט זאָננענאונטערגאנג געהן שלאפען.

אונגעפעהר א האלבע שטונדע וועג פון דער שטאדט, איז גע־שטאנען איינע איינזאמע אלטע רוסישע קירכע מיט א פּארקען פון ברעטער און מיט אלטע לינדענבוימער ארומגערינגעלט, דיא קירכע האט געהייסען „סוויאטאיא טראיצא“ און פלעגט נור אין דיא זאנ־טאגס טעג בעזוכט ווערען, ווען דער רוסישער גלח פלעגט אהער צום גאָטעסדיענסט פון דער שטאדט קומען. צוואנציג אדער דרייסיג קלאפטער פון דער קירכע ענטפערנט, איז געשטאנען א קליין הויז,

פון גראבע באלקען'ס געבויעט, וואו דער פערוויטוועטער זאכאר מיט זיין איינציגער טאכטער דוניא האבען געוואוינט. הארט ביי דעם הויז איז געלעגען א גרויסער גארטען מיט זעהער פיעל פרוכט־בוימער וואס זיינען יעצט אין רעכטען בליהען געשטאנען. דער דיאקאן זאכאר איז אויף זיין גארטען זעהער שטאלץ געוועזן, דען ער איז דער גרעס־טער און דער שענסטער אין דער גאנצער אומגעגענד געוועזען און זיין יונגע טאכטער דוניא פלעגט איהר גאנצע צייט פערברייגגען און אלע איהרע קרעפטע אנווענדען, איהם צו פערשענערן. זיא האט אין איהם געלאזט א שעהנע אלטאנקע אויסבויען, האט דיא אלטאנקע מיט אלערליי בלומען ארומגעפלאנצט און פלעגט דארטען מיט איין האנדארבייט אין דער האנד כמעט דעם גאנצען טאג פערברייגגען.

אויך יעצט איז זיא אויף דער גריענער באנק פון דער אטלאנקע געזעסען, איין קליינער קארב איז נעבען איהר געשטאנען, אבער זיא האט ניט געארבייט. רוהיג און אנבעוועגליך זיינען איהרע קליינע און ווייסע הענד געלעגען אין איהר שויס און איהר בליק פון איהרע וואונדערשעהנע אויגען האבען וויא טרוימעריש ארויס געקוקט אויף דעם שטילען גארטען, וואס איז אבגעגאסען געווען מיט דיא זילבער ווייכע שטראהלען פון דער לבנה. א שטילינקער ווינטעלע האט דיא צווייגען און דיא בלעטער פון דיא בליהענדיע פרוכטבוימער בעריהרט, דיא גריענע בלעטער האבען זיך אנגעפאנגען צו בעוועגען און עס האט זיך געלאזט הערען יענער געהיימניספאלער גערויש, יענער זיעסער געפליסטער, וואס ערפילט אונזערע הערצער מיט פרייד און וועהמוטה.

וויט אין איין פערבארגענעם ווינקעל פון דעם גארטען, האט איין נאכטיגאל איהר לוסט און טרויער אין לאנגע טרעלען אויסגע־וריקט.

אבער ניט דיא פראכט פון דער שעהנער פריהלינגס נאכט, ניט דיא הערליכקייט פון דער ראמאנטישער נאטור האבען יעצט דוניאס געדאנקען בעשעפטיגט, דער זיסער גערויש פון דיא בלעטער האבען איהרע אויערען קוים בעריהרט, דיא קליינע מאנדשטראהלען.

וואס זיינען וויא געשמאָלצענער זילבער אויף דיא גריענע צווייגען געלעגען און דיא מעלאנכאָלישע ליעדער פון דער נאכטיגאל האבען יעצט איהר אויפמערקזאמקייט אויף זיך ניט געצויגען. פיעל ערנסטערע געדאנקען האבען איהר יעצט אין אנשפרוך גענומען, איין געגענשטאנד, פון וועלכען איהר גליק אדער אונגליק איז אבגעהאנגען.

ענדליך האט איהר קערפער לעבען בעקומען, איין לאנגער זיפץ האט איהר פערקלעמטע ברוסט בעוועגט, איין גרויסער טרער וויא איין בליצענדער ברילליאנט איז פון איהרע ברעמען אויף איהר שויס אראפגעפאלען און טרויעריג מיט איהר קאפּ שאָקלענדיג, האט זיא אויסגערופען:

— „אומזיסט זיינע מאטערנעס! מיין פאטער וועט איהם ניט אויסהערען, ער האט איהם שוין עטליכע מאל געזאגט, אז ער וויל ניט וויסען פון קיין פערבינדונג צווישען מיר און איהם, דאס לעצטע מאל האט איהם מיין פאטער זאגאר גראב אנגעטראטען און האט איהם שטרענג פערזאגט, דאס ער זאל מעהר ניט וואגען אין אונזער הויז צו קומען. מיין באָריס, דער אונגליקליכער, ער האפט נאך! ער האפט נאך מיין פאטערס הערץ מיט גוטע רייד צו ריהרען. אך! וויעפיעל ווערטער האב איך שוין אומזיסט פערלארען, איך האב פאר איהם געוויינט, געיאמערט, צו זיינע פיס געלעגען, איך האב איהם שוין ניט איינמאל געזאגט, אז אהן איהם איז מיר אונמעגליך צו לעבען, אז אהן איהם וועל איך אוועק געהן א יונגע פון דער וועלט, אבער ער האט מיך אויסגעלאכט, ער האט מיר געענטפערט, אז פון ליעבע שטארבט מען ניט. אָה, ווען ער זאל נור וויסען, וויא לייכט איך וועל אויסגעהן, ווען איך וועל מיין געליעבטען באָריס פערלירען!“

זיא האט פערדעקט איהר געזיכט מיט ביידע הענד און האט איינינע מינוט געוויינט אין דער שטיל.

— „אבער וואס זאמט ער זיך אזוי, מיין באָריס?“ האט זיא וויעדער אנגעפאנגען און האט איהרע טרערין אבגעווישט. „זאל ער היינט פיעלייכט ביי מיין פאטער עפּעס אויסווירקען?“

אבער נור איין מאמענט איז זיא ביי דיעיען זיסען געדאנקען פערבליבען.

— „ניין! ניין! דאס קען ניט זיין! האט זיא וויעדער אויס־גערופען, „דאס איז אונמעגליך! מיר מענשען גלויבען גערן אין דעם. וואס מיר ווינשען. מיין פאטער וועט זיך ניט לאזען בייגען, האט ער זיך איינמאל צו עפּעס ענטשלאסען, האלט ער זיך אן דעם פעסט וויא איין אייזען. איך האב דאס מיין באָריס'ן פריהער געזאגט און ער האט זיך געוויס געשעהמט צו מיר מיט מיין פאטערס אנטווארט צו קומען און איז זיך צוריק א היים אוועק געגאנגען."

אימער טיעפער און טיעפער איז איהר שעהנער קאָפּ אראפּ־געזונקען, אימער טרויעריגער און פינסטערער זיינען איהרע געדאנקען געווארען און אימער געדיכטער איז געווארען דער גוסס פון איהרע הייסע טרערען.

שוין צוויי יאהר נאך דער רייהע האט זיא דעם יונגען באריס געליעבט. זיא האט געליעבט מיט דער גאנצער קראפט פון איהר זעעלע, מיט דעם גאנצען פייער פון איהר יונגעס, אונשולדיגעס הערץ. ער איז איין יונגער שעהנער אונטער־אָפיציער אין דער קייזערליכער גארדע געוועזן, אבער דער אלטער דיאקאָן זאכאר, וואס איז אויף זיין שטאנד זייער שטאלץ געוועזען, האט איהם דאך צו פראסט פאר זיין איינציגער טאכטער געפונען, פאר וועלכער ער האט געזוכט א מאן פון א העכערן שטאנד. דוניא האט אין דער גאנצער אומגעגענד גע־גאָלטען פאר א זעלטענער שענהייט, פיעלע יונגע לייט פון רייכען קויפמאנישען שטאנד, האבען געזוכט זיך ביי איהר געפעליג צו מאכען און דאס האט דעם אלטען דיאקאָן דעם קאָפּ פערדרעהט.

פּלוצלונג האבען זיך לייכטע און האסטיגע טריטט געלאזט הערען. דוניא האט האסטיג אויפגעהויבען איהר קאָפּ און אלס זיא האט דיא געשטאלט בעמערקט, וואס האט זיך צו איהר מיט האס־טיגע טריט גענעהערט, איז איין ציטער דורך איהר קערפער דורך

געפלויגען, איהר אטהעם איז איהר פלוצלונג אויסגעגאנגען און זיא איז נור אימשטאנדע געווען איין ווארט אויסצורופען:

— „באריס!“

דאן האט זיא איהרע דורכדרינגענדע בליקע אויף דעם געזיכט פון דעם יונגען סאלדאט געריכטעט, אזוי וויא זיא וואלט פון זיין געזיכט וועלען לעזען דעם אינהאלט פון דער נאכריכט, וואס ער ברייננט איהר יעצט, דען דער אינהאלט קען נור זיין לעבען אדער שטערבען.

אבער דאס אין פרייד און גליק שטראהלענדע געזיכט פון דעם יונגען באריס, האט דורכאוים ניט אויסגעזעהען וויא דאס פינסטערע געזיכט פון יענעם, וואס בריינגט מיט זיך א שלעכטע בשורה. קוים האט דוניא דעם זיסען שמייכעל פון גליק אויף זיינע ליפען בעמערקט, האט זיא ווידער אנגעפאנגען צו ציטערן מיט אלע גליעדער, איהר ליעבליכעם געזיכט איז מיט איינמאל איבערגעגאסען געווארען מיט א וועלע פון פורפור, ציטערנד האט זיא צו איהם איהרע ארעמס אויסגעשטרעקט און שטאמלענדיג פאר פרייד האט זיא אויסגערופען:

— „באריס! מיין באריס!“

— „יא, דיין באריס! אויף אימער און אויף עוויג דיין!“ האט דער יונגער סאלדאט מיט א ציטערנדער שטימע אויסגערופען און איז נעבען איהר אויף דיא קניע אניעדער געפאלען, האט איהרע ביידע הענד ערגריפען, זיי צו זיינער ברוסט צוגעדריקט און וויא צוויי קוועלען האבען זיך זיינע אויגען געעפענט און האבען א ים טרערען ארויס געפלייצט.

— דוא וויינסט? אלזא איז דיין מיה.... האט זיא איהם מיט איין ערשטיקטער שטימע פון שרעק געפרעגט און האט דעם זאטץ ניט געקענט ענדיגען, דען זיא האט אין דיעזען אויגענבליק דערפיהלט וויא איהר הערץ ווערט צוזאמענגעדריקט, אזוי וויא דיא קאלטע האנד פון דעם טויט וואלט זיך אויף איהר ארויפלעגען.

— „פון פרייד! פון גליק!“ האט באריס אויסגערופען, איז האסטיג אויפגעשפרונגען, האט איהר מיט גרויס פייער אומגעארמט

און איהר געזיכט מיט קיסע בעדעקט. „אָה דוניא! מיין זיסע, מיין ליעבע דוניא! מיר זיינען יעצט דיא גליקליכסטע מענשען אויף דער וועלט, קיין מאכט וועט אונז שוין ניט שיידען, מיר זיינען שוין אויף דאס גאנצע לעבען פערבונדען, דיין פאטער האט איינגעוויליגט!

— „איינגעוויליגט? מיין פאטער? גאטט, וויא דאנק איך דיר!“ האט דיא איבערגליקליכע דוניא וויא צומישט פון גליק און פון צווייפעל געשטאמעלט. דוא ביזט מיינער? און איך געהער שוין צו דיר, אך, וויא זים דאס קלינגט! באריס! געליעבטער! איינציגער! דוא ביז מיינער! מיינער! אבער וויא אזוי? וויא איז דאס מעגליך?

זיא האט איהר געזיכט אויף זיין ברוסט פערגראבען און האט אויסגעבראכען א געוויין.

— „בערוהיג זיך, געליעבטע!“ האט איהר באריס געזאגט און האט דיא דונקעלבלאָנדע לאָקען פון איהר קאָפּ וויא בערוהיגענד געגלעט. „בערוהיג זיך, איך בעט דיך און הער מיך בעסער אויס, וויא דיא זאך איז צוגעגאנגען!“

ער האט זיא צוריק צוגעפיהרט צו דער באנק פון דער אַט־לאַנקע, האט איהר אוועקגעזעצט און האט זיך אויך געזעצט נעבען איהר, איהר האנד אין זיינער בעהאלטען.

— „אבער וויא איז דאס געשעהן?“ האט זיא זיך שוין פיעל רוהיגער אפּגערופען. „וויא אזוי האט דאס מיין פאטער מיט איינמאל זיין מיינונג געענדערט? דאס קען איך ניט בעגרייפען!“

— „אט וועל איך דיר דערצעהלען!“ האט ער איהר געענטפערט „איך בין צו איהם אין זיין צימער אריינגעקומען און ער האט מיר געמאכט דעמזעלביגען ברוך־הבא וויא אלע מאל. איך האב אנגע־פאנגען צו רעדען, צו ערקלערען, צו בעטען, איך וויים גאר ניט פון וואנען האט זיך ביי מיר יעצט גענומען אזא שפּראך, אזעלכע פיינע אויסדריקע? אומזיסט! ער האט וויא אימער אומגעווארפען מיט דיא הענד און מיט דיא פיס, אויף אללע מיינע רייד האט ער גיר איין

ענטפער געהאט: „איך וויל ניט! און שוין!“ און אלס איך בין צו דרינגליכער געווארען און בין צו איהם אליין מעהר צוגעשטאנען, האט ער מיך אנגעפאנגען צו בעליידיגען מיט דיא שמוציגסטע ווערטער און צו טרייבען פון הויז“.

— „מיין ארמער באריס!“ האט דוניא מיט וועהמוטה אויס־געריפען און האט איהם מיטליידיג זיין האנד געדריקט. „אבער וויא אזוי איז דאס וואונדער דאך געשעהן?“

— „אלס איך האב איינגעזעהען, דאס אלע מיינע רייד זיינען אומזיסט, האב איך זיך גענומען צו דעם לעצטען מיטעל“, האט באריס ווייטער אנגעפאנגען צו דערצעהלען. „איך האב איהם דערצעהלט פון דעם יונגען פאשז, וואס האט דיך אין דער לעצטער צייט אנגעהויבען אזוי שטארק צו פערפאלגען און צו בעלעסטיגען מיט זיינע פרעכע ליעבעסערקלערונגען. איך האב איהם געשילדערט דיא געפאהר, אין וועלכע דוא שוועבסט, ווען דער אונבעקאנטער פאשז וועט זיך צו דיר ערנסטער נעהמען, אום זיין ניעדערטרעכטיגען ציעל צו ערהייכען, און דיין פאטער האט שוין דאן א גאנץ אנדערן פנים געמאכט.“

— „אך, באריס! ווארום האסט דוא דאס געטהאן?“ האט דוניא מיט איין שמערצליכע מינע אויסגערופען. „דיא זאך מיט דעם אונבעקאנטען פאשז איז גאר ניט אזוי געפעהרליך, וויא דוא גלויבסט, ער איז נאך כמעט גאר א קינד, פיעלייכט נאך ניט קיין זעכצעהן יאהר אלט, וואס האב איך פאר א קינד מורא צו האבען? דאס איז געווים ביי איהם נור א קינדערשער קאפריז, איך געפעל איהם און דאס איז אלעס, ער וועט ענדליך איינזעהען, אז איך בין צו פראסט פאר איהם, און ער וועט אויפהערען מיך צו פערפאלגען, און מיין פאטער האסט דוא מיט דעם נור אומזיסטע זארגען געמאכט, ער וועט ניט רוהען און ער וועט דענקען גאט וויים וואס!“

— „ניין, געליעבטע! האט איהר באריס זעהר ערנסט געענט־פערט. „דיא זאך מיט דעם יונגען פאשז איז ניט קיין קלייניגקייט, וויא דוא מיינסט! דוא ווייסט ניט וויא פערדארבען און וויא אויסגע־

לאסען דיא יונגע הערצען פון אונזער קייזערליכען הויף זיינען, זיי זיינען בערייט יעדע ניעדערטרעכטיגקייט און יעדעם פערברעכען מיט קאלטען בלוט צו בעגעהן, וואו עס האנדעלט זיך אום זייער בייזען ווילען צו בעפריעדיגען!"

— „איך וויים! איך וויים!" האט דוניא עטוואס אונגעדולדיג אויסגערופען, „דוא האסט מיר שוין מעהרערע מאל דערפון דערציילט, אבער וואס האב איך מורא צו האבען?"

באָריס האט זיך אומגעקוקט אין אלע זייטען, אזוי וויא ער וואלט זיך וועלען איבערצייגען דאס קיינער הערט איהם ניט און האט דאן שטילערהייט געענטפערט:

— און אונזער יונגער קראָנפּרינץ פּיאָטר אלעקסייעוויטש איז נאך מעהר אויסוואורף פון אלעמען! דערזעהט ער א שעהנע מיידיל, מוז ער זיא בעקומען, זיא מעג זיך זיין ווער עס וויל! ער האט שוין אין מאָסקווע און ארום שטאדט אפגעטהאן אזעלכע שרעקליכע זאכען דאס עס איז א שרעק צו הערען!"

— „חא! חא! חא! וויא נאריש דוא ביזט מיין גוטער באָריס!" האט זיך דוניא צולאכט. „און דוא גלויבסט ווירקליך, אז דער קראָנ־פּרינץ פּיאָטר אלעקסייעוויטש, דער צוקונפטיגער קייזער פון רוסלאנד ועט קומען און וועט אויסחאפּען זאכאר דעם דיאקאָנס טאכטער? וויא קאָמיש דוא ביזט!"

— „דוא קענסט איהם ניט, דוניא!" האט באָריס עטוואס גע־רייצט פון איהר לאכען געענטפערט. „ער איז צו אלעם פעהיג, ער איז נישט קיין אויסקלייבער, ביי איהם מאכט ניט אויס, צו א יונגע גרעפין, צו א דיאקאָנס א טאָכטער, אבי א שעהן מיידיל!"

— „גע‍ה שוין, געה!" האט זיא זיך אפּגערופען. „דיין ליעבע צו מיר איז אזוי גרויס, אז דוא ציטערסט פאר יעדען שאטען. אבער ווען איך זאל דיר שוין צוגעבען, אז דער צעסארעוויטש (קראָנפּרינץ) איז ווירקליך אזא אויסוואורף, וויא דוא גלויבסט, און ער האט ווירקליך

אויף מיר איין אויג געווארפען, וואס האב איך מורא צו האבען פאר איין איינפאכען פאשז?"

— „און וואס ווייסט דוא, ווער דיעזער אונבעקאנטער פאשז איז?" האט איהר באָרים געענטפערט. „פון וואנען ווייסען מיר, אז ער איז ניט קיין העכערע פערזאָן, וויא ער ווייזט אויס? עס זיינען פיעל ביישפיעלע בעקאנט, ווען דער יונגער צעסארעוויטש האט זיך פער־קליידעט, אים זיך נישט צו קאמפּראמענטירען און אום צו זיין ניעדער־טרעכטיגען ציעל לייכטער צו גלאנגען, אבער צו וואס דארפען מיר זיך ארום צאנקען? דיין פאטער האט דיא זאך מיט אנדערע אויגען בעטראכט, ער האט דיא געפאהר באלד ארויסגעזעהען און אום דיך פון דיעזער געפאהר צו פערהיטען, האט ער איינגעוויליגט דיך שנעל וויא מעגליך חתונה צו מאכען!"

— „מיט דיר?" האט דוניא אויסגערופען און איהרע אויגען האבען פון גליק אויפגעשטראהלט.

— „יא געליעבטע, מיט מיר!" האט איהר באָרים געענטפערט.

„עס איז מיר נור איין בעדינג געשטעלט און דאס איז, איך זאל פון מיין גארדע־רעגימענט ארויסטרעטען און איך זאל מיך בעשעפטיגען מיט פעלד ארבייט אויף מיין מוטערס לאנד־גוט, וואס ליעגט זעקס מיילען פון דאנען."

— „אָה, דאס איז פרעכטיג!" האט דוניא אויסגערופען און האט ענטציקט איהרע קליינע הענד צוזאמען געשלאגען. „איך וועל מיר דארטען נאך א שענערען גארטען וויא דיעזער איינריכטען, מיינע בלומען זאלען דיא שענסטע אין דער גאנצער געגענד זיין, מיינע אלע־אנדערס זאלען העכער וויא דער דאך וואקסען און מיינע מירטהען זאלען מיין נייע אלטאנקע פון אלע זייטען וויא א קליינער וואלד צו־דעקען! היינט וועל איך מיר האָדעוועו הינער, גענז, קאטשקעס, איך האב אזוי ליעב יונגע קאטשקעלאך! זיי זיינען אזוי שעהן און זעהען אויס אזוי אונשולדיג.

— „און א שעהנע פאַווע וועט ביי דיר אין גארטען אומשפּאַ־

ציערען, ניט אמת, דוניא?" האט באָריס זיך אריינגעמישט, אזוי וויא ער וואלט וועלען איהר פאנטאזיע צו הילף קומען.

— „יא, יא, באָריס, א פּאווע! אך, וויא גוט דוא ביזט, מיין ליעבּער, גוטער באָריס!" האט זיא ענטציקט אויסגערופען. „דוא וועסט מיר קריגען א פּאווע, איך האב דאס אזוי ליעב! און אלערליי טייבעלאך, ווייסע, שווארצע, גרויע, וועלען ארום אונזער דאך ארום פליהען, און איך וועל זיי קערנער צרווארפען, און זיי וועלען קומען צו פליהען און וועלען זיך אויף מיין שולטער זעטצען, אך, וויא שעהן דאס איז! וויא שעהן! וויא שעהן!

— „און אז איך וועל פאר נאכט צוריק קומען פון פעלד, וועסט דוא מיר פריילי‍ך און לוסטיג קומען אנטקעגען", האט ער וויא בעגייסטערט ווייטער געפלוידערט און האט איהר מיטביידע אָרעמס ארומגענומען. „און איך וועל דיך צו מיין הארצען צודריקען און וועל דיינע פרישע ליפען קושען", האט ער צוגעגעבען און האט איהר מויל מיט הייסע קושען בעדעקט.

— „פונקט וויא יעצט, מיין גוטער באָריס!" האט זיא איהם גענטפערט און האט זיין קוש ערוויעדערט מיט דער זעלבער צערט־ליבקייט.

— „און איך וועל אונזער קינד פון דיינע הענד צונעהמען און וועל עס אויף מיין פּלייצע ארויפזעטצען, ניט אמת, דוניאשא?" האט ער זיך מיט א שמייכעל אפגערופען.

דוניא איז רויטה געווארען וויא איין אויפגעבליהטע געאָרגיניע.

— „שוין?" האט זיא אויסגערופען און האט זיך פערשעמט אבגעווענדעט. „דוא ווילסט שוין אזוי גיך קינדער האבען? איך וויל נישט קיין קינדער! איך דארף זיי ניט! שפּעטער! שפּעטער!

— „גוט! גוט! זאל זיין שפּעטער! ביי מיר איז דאס אויך ריעכט! אבער יעצט לאז מיך געהן, געליעבטע! עס איז שוין שפּעט און איך האב אנגסט, דאס מען זאל דיא קאזארמע ניט צו שליעסען בעפאר איך וועל קומען אין שטאדט.

— „נעה, מיין ליעבער!“ האט זיא איהם געענטפערט. „אבער זעה, אז מארגען זאלסט דוא צו מיר אביסעל פריהער קומען! יעצט האסט דוא דאך שוין ניט פאר וועמען מורא צו האבען. מיר זיינען דאך שוין חתן און כלה. אך, דער גוטער, ליעבער פאפא! ער האט אונזביידען אין איין מינוט גליקליך געמאכט!“

נאך איין מאל האט דער גליקליכער בארים זיין געליעבטע אומ־געארעמט, נאך איין מאל האט ער זיא צו זיין ברוסט צוגעדריקט און ווידער האט איין לאנגער קוש אין דעם שטילען גארטען אריינגע־קלונגען.

דאן איז ער אוועקגעגאנגען.

דוניא איז געבליבען זיצען אויף איהר פלאטץ. איהר הארץ איז פול פריידע געוועזען און איהרע געדאנקען האבען איהר פערפיהרט אין יענע פאנטאסטישע וועלט, וואו זיא האט נור זיסע בילדער פון גליק און ליעבע געזעהען. אין זיסע חלומות פערזונקען האט זיא ניט געפיהלט וויא דיא שטונדען זיינען געפלויגען און האט אויך ניט גע־זעהען וויא אין מזרח זייט איז דער הימעל פון דעם קינפטיגען טאג שוין העללער געווארען.

— „ער איז מיינער! בארים איז מיינער!“ האט זיא אלע ווייל־ע אויסגערופען און איז ווידער אין איהרע געדאנקען פערזונקען געווארען.

קוים אבער זיינען דיא טריט פון דעם יונגען אונטער־אפיציער אין דיא שטילע נאכט פערקלונגען, אלס דיא אונבעוועגליכע פיגור פון דעם פערשטיקטען פאשו האט לעבען בעקומען.

איינינע מינוטען האט ער דיא שעהנע דוניא מיט זיינע גיעריגע בליקען בעטראכטעט, עס האט אויסגעזעהען אזוי וויא ער וואלט איהר וועלען איינשלינגען, דאן האט ער ערוואכט, א לאנגער זיפץ וויא דער קרעכץ פון איין פיעלנעפלאגטעם הערץ האט זיך פון זיין ברוסט ארויס־געצווינגען, אבער אין זיין מינע און אין זיין גאנצע האלטונג איז געלע־גען יענע פעסטע ענטשלאסענהייט, יענער אייזערנער וויללען, מיט

וועלכע דער פערצווייפעלטער מענש וואַרפט זיך אריין אין מיטען דעם קאַמפף און זוכט אָדער צו זיעגען, אדער צו פאַלען.

— „זיא מוז מיינע זיין!“ האט ער צו זיך זעלבסט געזאגט. „פאָרנעהמערע פון איהר האבען זיך אונטער מיין ווילען געבויגט. וואס מעהר זיא טרייבט מיך צוריק, דעסטאָ מעהר איז מיין בעגעהר און מיין פערלאנגען זיא צו בעזיצען. זיא וועט דאך ענדליך מוזען בעגרייפען, דאס עס איז פיעל קליגער מיין געליעבטע, אלס דיא פרוי פון איין ארעמען סאָלדאט צו זיין!“

ער האט פערלאָזען זיין פלאטץ און מיט פעסטע טריט האט ער זיך צו דער אלטאַנקע גענעהערט.

דער יונגער קובענפערקויפער האט נור זיין קאפּ פון הינטער דעם בוים ארויסגעשטעקט, אום בעסער צו זעהען און צו הערען, ער איז אבער געבליבען אויף זיין פריהערדיגען פלאטץ.

איין ציטערן איז דורך דוניאס קערפער, וויא דורך דיא בעריה־רונג פון איין שטארקען עלעקטרישען שטראָם דורכגעפלויגען. זיא האט דיא האסטיגע טריט דערהערט, האט איהר קאפּ אויפגעהויבען און אלס זיא האט דעם יונגען פּאַשז ערבליקט, איז זיא בלייך געווארען וויא א שטיק ווייסער מארמאָר און איין שרעקענס אויסרוף האט זיך פון איהר ברוסט ארויסגעריסען.

— „אה!“ האט זיא אויסגערופען און איהר שטימע איז פּלוצ־לונג וויא פּאראליזירט געווארען.

זיא האט נור איהר רעכטע האנד וויא אבוועהרענד געקענט אויסשטרעקען, זיא האט געגלויבט, דאס איין אונהיימליכער טייפעל שטעהט פאר איהר.

זיא האט איהם דערקאנט. דאס איז געוועזען יענער, וואס האט איהר אין דער לעצטער צייט אזוי פערפאלגט, וואס איז איהר איבע־ראל אין וועג געקומען און וואס האט איהר גאר אהן אויפהער מיט פרעכע ליעבעסערקלערונגען געפּלאַנט; דאס איז געוועזען דער זעלביגער יונגע, וועלכען זיא האט פאר זיינע פרעכהייט געהאסט פון איהר

גרונד הערצען און וועלכען זיא האט פאר זיינע אונפערשעמטע פאר־דערונגען שוין עטליכע מאל פון זיך פעריאָגט.

צו דיעזער שפעטער שטונדע האט זיא איהם אין דעם איינזא־מען גארטען געוויס ניט ערוואַרטעט און טויטשרעקענים איז איהר בעפאַלען, אלס זיא האט איהם יעצט פלוצלונג פאר זיך דערזעהען.

דער פּאַשז אבער האט ניט געקענט, אדער ער האט ניט גע־וואָלט וויסען, וואס ביי איהר אין הערצען פארגעהט, ער האט נור איהר שרעק בעמערקט און האט זיך געאיילט איהר צו בערוהיגען.

— „ווארום האסט דוא זיך פאר מיר אזוי דערשראקען, מיין שעהנע דוניא?“ האט ער אויסגערופען און זיין שטימע האט פון אונ־טערגעדריקטער ליידענשאפט געציטערט.

— „דוא! דוא!“ האט זיא נור געקענט ארויסשטאַמלען. וויא קומסט דוא אהער?

— „אויף דיא פליגלען פון ליעבע, געליעבטע דוניא!“ האט ער איהר געענטפערט און האט א פאר טריט נעהענטער צו איהר גע־מאכט. „מיין הייסע ליעבע צו דיר, האט מיך צו דיר געפיהרט.“

זיא האט אבער דיעזען זיסען אנטווארט ניט געהערט.

— „וואס האסט דוא דא צו זוכען, דוא פרעכער יונגע?“ האט זיא אויסגערופען און איהרע אויגען האבען אין צארן אויפגעבליצט.

— „מיין גליק, מיין לעבען, מיין גאנצע עקסיסטענץ, מיין אלעס!“ האט ער איהר געענטפערט אלץ נעהענטער צו איהר צוגעהענדיג. „אָה, דוניא! געליעבטע! דוא ווייסט ניט, וועלכער פייער עס פער־צעהרט מיך פון יענעם אויגענבליק אָן, אלס איך האב דיך צום ערשטען מאל דערזעהען, דוא ווייסט, וויא שטארק מיין ליעבע איז צו דיר! איך קען אהן דיר קיין איינציגען אויגענבליק לעבען און דיא שטונ־דען, וועלכע איך פערלעב ווייט פון דיר, אָהנע דיך צו זעהען, זיינען מיר דיא טרויעריגסטע פון מיין לעבען!“

— „איך האב דאס שוין פון דיר עטליכע מאל געהערט“, האט זיא איהם מיט שניידענדע קאלטבלוטיגקייט געענטפערט און האט זיך

פון איהר אָרט נימ געריהרט: „און איך האב דיר שוין דארויף מיין בעשטימטען אנטווארט געגעבען!“

— „אבער איך קען אהן דיר ניט לעבען!“ האט ער שוין לייד־ענשאפטליכער אויסגערופען. „איך וועל שטארבען אויב דוא וועסט מיינע נישט זיין!“

— „דומהייטען!“ האט זיא איהם מיט דערזעלביגער קעלטע געענטפערט. „דאס האסט דוא זיך נור איינגעבילדעט. דיא ליעבע פון איין אנדער מעדכען וועט דיך באלד טרייסטען און וועט דיר פערשא־פען חשק צו לעבען. איהר יונגע הערען פון דער פארנעהמער קלאסע, איהר זוכט ניט דיא וואהרע ליעבע, וויא מיר איינפאכע מענשען פון דער ארמער קלאסע, איהר זוכט נאר דעם גענוסס פון איין איינציגען מאָמענט און דאס קענט איהר קריגען איבעראל גאר אָהן מיה!“

— „אבער איך וויל פון קיין אנדערע ניט וויסען! איך וויל נור דיך! דוא הערסט? נור דיך!“ האט ער אויסגערופען מיט א געוויסע רייצבארקייט און אין זיין שטימע האט געקלונגען דער טאָן פון איי־גענזינן, מיט וועלכען ער איז געוועהנט געוועזען צו פאָרדערן און בע־פעהלען. „דוא ביזט מיר געפעלען, דיך פערלאנג איך און דוא מוזט מיינע זיין!“

— „איך מוז? און ווער ביזט דוא דאס אזוינער, וואס דוא קענסט מיר בעפעהלען?“ האט זיא איהם געפרעגט און איהרע אויגען האבען פון צאָרן וויעדער אויפגעבליצט. „נארישער יונגע!“ האט זיא עטוואס געלאָסענער אויסגערופען. „וועלכער קייזער, וועלכער קעניג און וועלכער פירסט קען דאס א מענשענס הערץ בעפעהלען? און ווען דוא זאלסט זאגאר אונזער צעסארעוויטש פיאָטאר אלעקסייעוויטש זיין, קענסט דוא מיך ניט צווינגען דיך ליעבען, ווערענד מיין הערץ איז שוין צו איין אנדערען פערגעבען!“

— „און ווער איז יענער אנדערער, וועמען דוא האסט דיין הערץ

און דיין ליעבע געשענקט?" האט זיך דער פּאשז אפּגערופען. „א פּראסטער סאלדאט, איין אונוויסענדער מוזשיק!"

— „אבער טריי און עהרליך ווי איין גאט!" האט דוניא ווי בעגייסטערט אויסגערופען און א שטראהל פון גליק איז איבער איהר געזיכט איבערגעפלויגען. „עס איז אמת, ער איז נאר א פּראסטער סאלדאט, אבער וויפיעל העכער שטעהט ער פון אונזערע באיארען (רוססישע עדעללייט), וואס גלענצען אין גאלד און אין זילבער אין דעם קרעמעל און האבען מעהר נישט צו טהאן, ווי שנאפּס צו טרינקען און מיט דיא אויסגעלאסענע האפדאמען שמוציגע ליעבשאפטען צו שפּיעלען! ער איז איין אונוויסענדער מוזשיק, ווייל ער פערשטעהט ניט ווי דוא, דיא קונסט יונגע מעדכען נאכצולויפען און זיי זוכען צו פערפיהרען, אבער נור דארום, ווייל ער איז א פּראסטער סאלדאט און איין אונוויסענדער מוזשיק, איז ער מיר דאפּעלט טהייער און איך האָף מיט איהם גליקליך צו זיין!"

אין דאס ברוסט פון דעם יונגען פּאשז האט געקאָכט ווי אין א קעסעל. קיין איינציגער האט נאך ביז יעצט ניט געוואגט געגען איהם אזא שפּראך צו פיהרען. ער איז פון זיין פריהעסטער קינדהייט אן געוועהנט געוועזען, מען זאל איהם חנפ'ען, ריהמען, גרויסען און אלע ווינשע ערפיעלען. ער האט זיך אין זיין איינגעבארענעם שטאָלץ שטארק בעליידיגט געפיהלט, און האט שוין זיין גאנצען צאָרן געוואלט אויס־גיעסען אויף דיא פרעכע דיאקאָנס טאכטער, אבער ער האט זיין כעס בעהערשט און האט זיך געלאסען אפּגערופען:

— „גליקליך? מיט איהם? נארישע דוניא! וועלכע צוקונפט קען דיר איין ארמער סאלדאט פערשאפען? א גאנצע וואך טרוקענעס ברויט און א שטיקעל מאגערע פלייש צו דיא פייערטעג! דערצו נאך איבעיגעס אומוואנדערן מיט זיין רעגימענט פון שטאדט צו שטאדט, פון לאנד צו לאנד, שלאפען אין שמוטץ אונטער דעם פרייען הימעל, אויסהערן דיא זידלערייען, וועלכע ער בעקומט פון זיינע עלטסטע פאר יעדער קלייניגקייט און איהם ארומפיהרע בעטלען, ווען ער קומט צוריק

פין דער מלחמה מיט איין אפגעשאָסענעם פוס! ניין, דוניא! אזא לעבען טויג פאר דיר ניט. מיט דיין שעהנהייט, מיט דיין ליעבליכקייט, ביזט דוא מעהר ווערטה. דוא דארפסט לעבען אין פראכט און אין גלאַנץ, דוא דארפסט הערשען און גליקליך זיין, און דאס אלעס וויל איך דיר פערשאפען, ווען דוא וועסט זיך ענטשליעסען מיך צו ליעבען און מיינע צו זיין!“

— „דאס הייסט: ווען איך וועל מיך ענטשליסען דיין מעטרעסע (סאָרערזשאנקע) צו זיין!“ האט איהם דוניא געענטפערט און האט איהם מיט איין בליק פול האס און פעראכטונג בעטראכטעט. „דאס הייסט: איך זאל דיר מיין יוגענד, מיין עהרע און אלעס וואס איך בעזיטץ גוטעס און שעהנעס פאר א פאר שעהנע קליידלאך, פאר א גאָלדענעם רינג, אדער א בראסלעט, פערקויפען, ניט אזוי מיין יונגער הערר פאשו? אבער וויא לאנג וועט מיין זאָגענאנטעס „גליק“ דויערען? א מאנאט, צוויי, העכסטענס דריי! וויפיעל דויערט איבער־הויפט דיא קערפערליכע ליידענשאפט פון א מענשען? וואס ערוואר־טעט מיך דאן? דוא וועסט מיך אוועקווארפען וויא איין אלטען ראָק, וואס איז אויף דיר צו איינג, אדער צעריסען געווארען, דוא וועסט געפינען טויזענד אנדערע, וואס וועלען שוין שעהנער און פרישער פון מיר זיין, און וואוהין זאל איך מיך דאן ווענדען? פערפלוכט פון מיין פאטער און פעראכטעט פון דער גאנצער וועלט, וועל איך מוזען זוכען א פלאטץ, וואו מיין אונגליקליכען קאפ אנידער צו לייגען, אבער דאן גיעבט עס נור איין פלאטץ פאר אזעלכע געזונקענע מעדכען: אנפאנגס דאס „עפענטליכע הויז“ און שפעטער — דער טייך! ניין, מיין ליעבער! אזא צוקונפט, אזא גליק וויל איך ניט! און אויב דוא ליעבסט מיךווירקליך וויא דוא שילדערסט מיר, אויב דוא מיינסט מיט מיר עהרליך און טרייא, האב מיט מיר חתונה נאך אונזער געזעטץ פאר גאט און פאר לייטען, און איך וועל מיין הערץ לערנען דיך צו ליעבען און דיר אייביג איין טרייע פרוי צו זיין!“

ביי דיעזען פארשלאַג האט דער יונגער קוכענפערקויפער זיין

האלז נאך לייגגער אויסגעצויגען, ער איז פון זיין פערשטעק ארויסגע־טראטען און מיט איין אויסדרוק פון שפאננונג אין זיין געזיכט האט ער געוואַרט אויף דיא תשובה, וואס דער יונגער פאשז וועט דעם דיאקאָנס טאכטער געבען.

אבער דער יונגער פאשז איז פון דעם אונערווארטעטען פאַר־שלאג אזוי איבעררעשט געווארען, דאס ער האט אין דער ערשטער מינוט ניט געפונען וואס צו ענטפערן. אייניגע מינוט האט ער געזוכט נאך ווערטער, דאן האט ער ענדליך מיט א ציטערענדער שטיממע געענטפערט:

— „דוניא! געליעבטע דוניא! דאס קענסט דוא פון מיר ניט פערלאנגען! דוא ווייסט ניט, ווער איך בין! ניין! ניין! דאס קען ניט זיין! איך טאָר דאס ניט! אך, דוא ווייסט ניט, ווער איך בין!“

— „און איך וויל עס ניט וויסען!“ האט זיא זיך אפגערופען און איהר בליק איז אימער פינסטערער, און דער אויסדרוק פון טיעפער פעראכטונג איז אויף איהר געזיכט אימער דייטליכער געווארען. „וואס ארט מיך ווער דוא ביזט און וואס דוא ביזט? דוא זאגסט דאך, אז דוא קענסט אָהן מיר ניט לעבען, איז דאס ניט גענוג אורזאכע מיט מיר חתונה צו האבען און מיך איביג צו בעזיצען?“

— „ניין! ניין! דאס קען ניט זיין!“ האט דער פאשז אין דער גרעסטער פערווירונג געשטאמעלט. „דוא ביזט נור איין איינפאכע דיאקאָנס טאכטער, פון ניעדעריגער אבשטאמונג, און איך.... איך.... אך, דוניא, געליעבטע, ווען דוא זאלסט וויסען, ווער איך בין!“

— „איך וויים עס!“ האט דוניא אויסגערופען און איהר שטימע האט פון ערגרעגונג געציטערט. זיא איז פון באנק אויפגעשפרונגען, איהר קערפער האט זיך אויפגעריכטעט, עס האט אויסגעזעהען, אזוי וויא זיא ווערט פון סעקונדע צו סעקונדע גרעסער און העכער, דיא צאָרנסאָדערען אויף איהר פיין־געוועלבטען שטערען זיינען דייטליך ארויסגעטרעטען און איהרע אויגען האבען געשליידערט גאנצע פייער־גארבען.

— „דוא ווייסט ווער איך בין?“ האט דער פּאשז אויסגערופען און איז, וויא פון בליטץ געטראָפען, צוריק אפּגעשפּרונגען.

איין ווילדער שרעק האט איהם ערגריפען. דער געדאנק, דאס זיא קאן איהם, האבען איהם אלע זיינע גליעדער פּאראליזירט.

— „יא, איך וויים ווער און וואס דוא ביזט!“ האט זיא אין ווילדען צארן אויסגעשריען. „דוא ביזט איין לומפּ! איין שורקע! איין ניעדערטרעכטיגער קערל, וואס האט זיין גלייבען ניט אויף דער וועלט, וואס פערפּעסטעט גאטטעס ריינע לופט מיט זיין גיפטיגען אטהעם! געה, דוא עלענדער, דוא אבשייליכער! געה שוין! דיין אנבליק אליין, דערוועקט אין מיר איין געפיהל פון עקקעל! געה, איך האססע דיך וויא דעם טויט!“

— „דוניא! דוניא! בעדענק זיך!“ האט דער פּאשז קייכענדיג פאר ליידענשאפט אויסגערופען און האט איהר האנד ערגריפען. „דוא טרעטסט דיין גליק מיט דיינע אייגענע פיס!“

— „טפו, דוא טייפעל!“ האט דוניא געענטפערט איהם גראָדע אין געזיכט ארייגשפּייענדיג און איהר האנד פון זיינע ארויסרייסענדיג. „געה! אדער איך וועל מאכען א גוואַלד!“

מיט גרויס מאכט האט זיא איהם פון זיך אפּגעשליידערט און האט זיך געוועגדעט צום טיהר פון דער אלטאנקע, אום אוועקצוגעהן.

איין ציטער איז דורך זיין קערפּער דורכגעפלויגען, אזוי וויא א שטארקע קאָנוואולסיע וואלט איהם פּלוצלונג ערגריפען, מיט איין האנד האט ער זיין פּנים פערדעקט, אזוי וויא א בלוטיגע וואונד וואלט זיך אין זיין געזיכט אָנגעצונדען, מיט דער צווייטער האנד האט ער דעם קינזאל פון זיין גירטעל ארויסגעצויגען און מיט איין הייזעריגער האלבערשטיקטער שטימע, האט ער אויסגעשריען:

— „שטעה! ניט פון ארט! דוא מוזט מיינע זיין! מיינע, אָדער!“

דיא ווילדע ליידענשאפט האט זיין שטימע דערשטיקט, ער איז אין גאנצען אומגעוואנדעלט געווארען. אלע זיינע גליעדער האבען וויא אין איין העפטיגען פיעבער געציטערט, זיין געזיכט איז נאך בלייר-

בער געוועזן פון דעם מאַנד וואס האט אין דיעזען אויגענבליק פון אונטער א וואלקען ארויסגעטרעטען, גרויסע און קליינע שווייסטראפּען האבען זיין שטערן בעדעקט און זיינע אויגען האבען געפונקעלט וויא צוויי שטיקער פאָספאָר אין דער פינסטער.

— „דוּא מוזט מיינע זיין! מיינע, איך שווערע עס ביי גאט!" האט ער מיט קייכענדער, הייזעריגער שטימע ווידערהאלט. „אָדער דוּא זאלסט קיינעמס ניט זיין!"

— „איך לאַך פון דיר, דוּא ניכטסווירדיגער לומפּ!" האט זיא איהם געענטפערט און האט אנגעפאנגען אוועק צו געהן. „וואס קען מיר טהאן אזא קליינער ווארעם וויא דוּא?"

זיא איז שוין עטליכע טריטט פון איהם וויט געוועזן.

— „דוּא ווערסט פון מיר ניט אנטלויפען!" האט ער געשריען און איז מיט דעם קינזאל אין דער האנד איהר נאכגעלאפען. „דוּא מוזט מיינע זיין!"

ער האט איהר ארעם ערגריפען און מיט דיא גאנצע קראפט, וואס דיא ווילדע ליידענשאפט גיעבט דעם פערברעכער אין זעלבע פערצווייפעלטע מאָמענטען, האט ער איהר צוריק צו דער אלטאנקע געצווינגען. ערסט יעצט האט דיא אונגליקליכע דוניא איינגעזעהען, דאס זיא האט מיט איין פיעל געפעהרליכערן געגנער צו טהאן, וויא זיא האט פריהער געגלויבט און האט אלע איהרע קרעפטען צוזאמען גענומען, אום צו קעמפפען, אום זיך צו פערטיידיגען. מיט איבער-נאטירליכער קראפט האט זיא פון איהם איהר אָרעם ארויס געריסען, דער ארבעל פון איהר קלייד איז אין זיין האנד געבליעבען הענגען, נאך איינמאל האט זיא איהם פון זיך אבגעשליידערט און האט אנ-געפאנגען צו אנטלויפען.

וואהנזין איז איהם בעפאלען, איהם איז שווארץ געווארען פאר דיא אויגען, דיא גאנצע וועלט האט זיך ארום איהם וויא אין ווילדען שטורם געדרעהט. וויא דיא וועלען פון איין רייסענדען שטראָם, האט זיין בלוט צו זיין קאפּ געשלאגען, זיינע פולזען האבען געקלאפט וויא

האמערס און אלעס אין דער וועלט פערגעסענדיג, האט ער איהר פאר דיא האר געחאפט און האט איהר צוריק צו דער אלטאנקע געשלעפט.

— „הילפע! ראטעוועט!" האט דיא אונגליקליכע געשריען.

— „הילפע! ראטעוועט!" האט דער עכא פון דעם איינזאמען גארטען צוריק אפגעקלונגען.

דוניא האט געפיהלט דאס איהרע קרעפטע שווינדען, זיא האט זיך שוין אין גאנצען געפיהלט אין דער מאכט פון דעם יונגען פערברעכער און דער געדאנקען, דאס באלד וועט ער דיא אונמענשליכע טהאט מיט איהר אויספיהרען, האט איהר נייע קרעפטען געגעבען, איהר עהרע צו פערטהיידיגען.

איין שרעקליכער קאמפף האט צווישען זיי אויסגעבראכען, איין קאמפף אויף לעבען און טויט. ער האט איהר געהאלטען פאר דיא האר און האט איהר געזוכט אין דער אלטאנקע אריינצושלעפען און זיא האט איהם מיט איהרע לעצטע קרעפטע פון דער אלטאנקע צוריק אפגעשלעפט, איינינע מאל איז ער מיט איהרע אויסגעריסענע האר געבליעבען שטעהען, אבער אין נעכסטען מאמענט האט ער איהר ווידער מיט זיינע אייזערנע הענד ערגריעפען, ער האט איהר עטליכע מאהל אויף דעם פייכטען גראז א ניעדער געווארפען, דיא קליידער פון איהר אפגעריסען, זיא איז אבער יעדעס מאהל צוריק אויפגעשפרונגען און האט זיך פערטהיידיגט וויא וויט זיא האט געקאנט.

— „יעצט האב איך דיר שוין, דוא פערפלוכטע!" האט ער אויסגערופען און האט איהר ביים האלז געפאקט. „יעצט ביזט דוא מיינע!"

וויא אייזערנע צוואנגען האבען זיינע פינגער איהר האלז פעסטער צוזאמען געדריקט. זיא האט געפיהלט וויא איהר זינן שווינדעט, עס איז איהר פינסטער געווארען אין דיא אויגען.

וויא איין געפאנגענער פויגעל האט זיא זיך אומגעווארפען מיט איהרע גליעדער נאך אלע זייטען, זיא האט שוין געפיהלט דעם הייסען

הויך פון זיינע ברענענדע ליפען אויף איהר מויל, זיא האט געמאכט איינע האסטיגע איבערנאַטירליכע בעוועגונג, האט זיין האנד ערגריפען און האט איהם ביז אין בלוט איינגעביסען אין זיין גראבען פינגער.

— „אה!“ האט ער פון וויטאג אויסגעשריען און איז אפגעשפרונגען צוריק.

— „נאך בין איך ניט דיינע, דוא שורקע!“ האט זיא אויסגערופען און איז פון דער ערד האסטיג אויפגעשפרונגען. „איך וועל בעסער שטארבען, איידער....“

מעהר האט זיא ניט געקענט אויסרעדען, דער קינזאל פון דעם יונגען פערברעכער האט איהר ברוסט דורכגעבויערט.

— „גאט! איך בין געטראפען!“ האט זיא אויסגעשריען און האט זיך מיט איהר האנד צו איהר ברוסט געהאפט.

א לאנגער שטראהל הייסעם בלוט האט דורך איהרע פינגער געשאסען אין דער הויך, דיא שטראהלען פון דער לבנה האבען זיך אין דעם בלוטשטראָם אפגעשפיגעלט, וויא איין אונטערגעהאקטער בוים איז זיא געפאלען צו דער ערד.

— „איך שטארב!“ האט זיא ווידער מיט א שוואכער שטימע אויסגערופען. „לעבע וואהל, באריס, מיין באָריס!“

נאך עטליכע קאָנאולסיווישע צוקונגען פון דעם יונגען קערפער, נאך איין גורגעלטהאן האט זיך פון איהר האלז ארויסגעריסען און זיא איז געבליעבען ליעגען רוהיג, אונבעוועגליך.

דיא שעהנע, אונשולדיגע דוניא האט איהר יונגעס לעבען אין דיא ראזענפעלד פון דער שטילער פריהלינסנאכט אויסגעהויכט.

— „זיא איז טויט!“ האט דער יונגער פערברעכער מיט א שוואכער שטימע אויסגערופען און האט זיך צו דער לייכע איינעבויגען, „און איך בין איהר מערדער!“

ער האט זיך ווידער אויסגעגלייכט, דער קינזאל איז איהם פון זיין האנד ארויסגעפאלען, ער האט דאס ניט געפיהלט.

וויא איין שטאטוע פון מארמאָר איז ער געשטאנען אויף זיין

פלאַטץ און זיינע אויגען האבען זיך וויא שפּיזען אין דעם בלאססען געזיכט פון דער טויטער איינגעגראבען.

— „איך בין איהר מערדער! איך בין איהר מערדער!“ האט ער עטליכע מאהל וויעדערהאלט און זיין קאָפּ איז אלץ ניעדעריגער אראפּ געזונקען.

— „ווארום גראדע דוא און ניט קיין אנדערער, קייזערליכע האהייט?“ האט פּלוצלונג א יונגע שטימע אין זיינע אויערען גע־קלונגען און א ווייכע האנד האט זיך אויף זיין שולטער אוועקגעלייגט.

וויא פון בליטץ געטראפען איז דער יונגער פּאשז אפּגעשפּרונגען פון זיין שטעלע, מיט שרעקען האט ער זיך אומגעקוקט און האט דער־זעהען איין בויערן־קנאבע אין דעם אלטער פון אונגעפעהר זעכצעהן יאהר, מיט איין קארב קובען אין דער האנד.

— „ווער ביזט דוא?“ האט דער פּאשז פון שרעק ארויס גע־שטאממעלט.

— „איין קובענפערקויפער, וויא דוא זעהסט, פּיאָטר אלעקס־סייעוויטש!“ האט איהם דער בויערניונגע געענטפערט.

דער פּאשז האט געציטערט מיט זיין גאנצען קערפּער.

— „דוא קענסט מיך?“ האט ער איהם געפרעגט.

— „אה, זעהער גוט, מיין ערהאבענער צעסארעוויטש!“ האט דער יונגער קובענפערקויפער געענטפערט. „איך וואהן מיט מיין אלטער מוטער ניט ווייט פון דעם קרעמעל!“

— „וויא קומסט דוא אהער?“

— „אויס בלויזער נייגיערדע! איך האב דיך מיט א פּאָאר שטונדען צוריק געזעהען געהענדיג דורך דיא גאסען פון שטאדט און מיר האט זיך געוואלט וויסען וואהין דוא געהסט פערברענגען דיא נאכט; איך בין דיר נאכגעגאנגען ביז אהער.“

— „דוא האסט אלעס געזעהן?“

— „אלעס, אלעס, קייזערליכע האהייט!“

— „דוא וועסט גענגען מיר אלס ציינע אויפטרעטען?“

— „וואס בין איך? א משוגענער? איך געגען דיך צייגען? א פנים דוא האסט דאס מיידעל געשטאכען? דאס האט דאך איין אנדערער געטהאן!“

— „איין אנדערער?“

— „נוא, יא! איין אנדער'ער! פון מיינעטוועגען דער סאָלדאט באריס, איהר אייגענער חתן, אזוי וועל איך טאקי זאגען, אז מען וועט דארפען!“

דער קראנפרינץ פיאָטר האט אנפאנגס זיינע אייגענע אויערען ניט געוואלט גלויבען, באלד אבער האט ער איינגעזעהען, דאס ער האט דא צו טהאן מיט א פפיפיגען בחור, מיט איין געשייטען קערל, וואס וויים צו שווייגען און דערפאר נעהמען א גוטען מקח און זיין שרעק איז מיט איינמאל פערשוואונדען.

— „וויא הייסט דוא?“ האט ער דעם יונגען קוכענפערקויפער געפרעגט.

— „אלעקסייא דאנילאוויטש מענשיקאוו!“ האט איהם דער בויערן־יונגע געענטפערט.

— „גוט, מענשיקאוו!“ האט זיך פיאטר אפגערופען. „איך זעה אז דוא ביזט א קלוגער געשייטער יונג, איך דארף גראדע אזעלכען האבען און וועל דיך צו מיר אין קרעמעל נעהמען!“

— „איך וועל דיר קייזערליכע האהייט טריי זיין ביז מיין לעצ־טען אטהעמצוג!“ האט מענשיקאוו געענטפערט און האט זיך פאר דעם קראנפרינץ ביז צו דער ערד פערנייגט.

ביידע שורקען האבען זיך גוט פערשטאנען.

— „נוא? וואס הויב איך יעצט אהן צו טהאן?“ האט פיאטר ויין נייעם פריינד געפרעגט. „זאל איך פון דאנען אנטלויפען בעפאר מען וועט דיא לייכע געפינען?“

אנטלויפען האט צו מענשיקאווס פלאנען ניט געפאסט, דאס ווען פיאטר וועט אנטלויפען וועט דיא זאכע בלייבען א געהיימניסס,

אויף פיאטרן וועט קיין שטויב פאלען, דען וועלכער משוגענער וועט דאס וואגען דעם רוסישען קראנפרינץ, דעם צוקינפטיגען קייזער און זעלבסטהערשער פון רוסלאנד אין אזא שרעקליכען מארד חושד צו זיין? פערקעהרט, ער האט געוואלט אז דער פערדאכט זאל אויף איהם יא פאלען, דיא זאך זאל אנקומען צו דער אלטער קייזערין נאַטאַליא קירילאָוונא, גאנץ מאסקווע זאל דאריבער שפרעכען, עס זאל פארקומען פאר דעם געריכט, דאן וועט ער אלס צייגע אויפטרעטען, ער וועט איין אנדערן בעשולדיגען און וועט פיאטרס עהרע רעטען, אויף דיעזער וויזע קען זיין עהרגייץ בעפריעדיגט ווערען, ער קען ערדייכען יענע ערהאבענע שטעלונג, צו וועלכע ער האט פון זיין פריהעסטער יוגענד אן געשטרעבט און דארום האט ער גאנץ רוהיג געענטפערט:

— „אנטלויפען? וואס האסט דוא צו אנטלויפען? דוא האסט גאר ניט געטהאן, בלייב נור רוהיג אויף דיין פלאטץ און פערלאז דיך אויף מיר!“

— „אבער מיט וואס וועל איך מיין היער זיין קענען ערקלערן?“

— „גאנץ איינפאך! מיר האבען דא ניט וויט פון גארטען שפאציערט, מיר האבען דערהערט שטימען, א פרויענצימער האט גערופען אום הילפע, מיר זיינען אין גארטען אריינגעשפרונגען צו שפעט! דיא טהאט איז שוין געשעהן, דער מערדער איז אנטלאפען.

— „גלויבסט דוא....“

— „שטיל!“ האט איהם מענשיקאוו איבערגעשלאגען. „איך הער טריטט!“

— „דוניא! מיין טאכטער! וואו ביזט דוא?“ האט דיא שטימע פון איין אלטען מאן פון וויטען אין גארטען אריינגעקלונגען.

פיאטר איז פון שרעק פערגליווערט געווארען אויף זיין פלאטץ.

— „איהר פאטער!“ האט מענשיקאוו אין דער שטיל צום קראנפרינץ געזאגט. „אבער זיך גאר ניט עשראקען, קייזערליכע האהייט!“

באלד האט זיך דיא לאנגע פיגור פון איין הויכגעוואקסענעם מאן אויף דער אללעע געלאזט זעהען און אלס ער איז פון דער דונקעל־הייט ארויסגעטרעטען, האט מען אין איהם דערקענט איין מאן פון אונגעפעהר פינף און זעכציג יאהר, איין לאנגער מאנטעל פון שווארצען שטאף האט זיין קערפער ביז זיין האלז איינגעהילט און פון אונטער זיין רונדען הוט זיינען זיינע זילבערווייסע לאנגע האר אויף זיין נאקען געפאלען.

— „דיא גליקליכע יוגענד!“ האט ער פאר זיך געמורמעלט און איין גליקזעליגער שמייכעלע האט אויף זיינע ליפען געשוועבט. „אין זייער גליק האבען זיי גאר אן דער צייט פערגעסען. דוניא, באריס! וואו זייט איהר?“

ער איז אליך ווייטער געגאנגען און האט פאר זיך גערעדט או אלס ער איז נאהנט פון דער אלטאנקע געקומען, איז ער פלוצלונג אפגעשפרונגען צוריק און האט אויסגערופען:

— „וואס איז דאס?“

פיאטר האט געציטערט וויא א בלאט פון שטורמווינד, מענשי־קאוו האט געהאלטען זיין האנד אין זיא פעסט געדריקט.

דער אלטער דיאקאן האט זיך איינגעבויגען, האט דעם קאפ פון דער טויטער מיט זיין האנד בעריהרט אין וויא איין גיפטיגע שלאנג וואלט איהם פלוצלונג א ביס געטהאן, איז ער האסטיג אויפ־געשפרונגען און האט אויסגעשריען:

— „בלוט! דוניא איז טויט! מיין טאכטער איז ערמארדעט!“

זיינע פיס האבען אנגעהויבען צו וואנקען, מיטביידע הענד האט ער אין דער לופט געגריפען, אזוי וויא ער וואלט זיך וועלען אן עפעס אנהאלטען און איז וויא א שטיק בליי אויף דעם טויטען קער־פער פון זיין טאכטער אנידער געפאלען.

— „מיין ליעב קינד! מיין טאכטער! מיין שעהנע דוניא!“ האט ער געשלוכצט.

מענשיקאוו האט פיאטארס האנד איינגעלאזען און איז צום אלטען צוגעגאנגען.

— „דוא וועסט איהר שוין ניט לעבעדיג מאכען, באטיושקא!“ האט ער מיט זיין וואהל־קלינגענדער שטימע אויסגערופען. „גאט האט אזוי געוואלט, מיר זיינען ליידער צו שפעט געקומען!“

דער אלטער דיאקאָן איז האסטיג אויפגעשטאנען און האט דעם יונגען מענשיקאוו מיט אירע בליקען אנגעקוקט. פון איהם איז זיין בליק צו דעם פרינץ איבערגעפלויגען און קוים האט ער איהם בעמערקט, איז ער צו איהם מיט גרויס האסט צוגעפלויגען און האט אויסגעשריען:

— „דאס איז ער, דער מערדער! דאס איז דער יונגער פאשז, פון וועלכען בארים האט מיר געזאגט! ער האט מיין טאכטער ער־מארדעט, ער און קיין אנדערער!“

מיט אייזערנע הענד האט ער דעם פרינץ ביים ברוסט אנגענומען, האט איהם מיט גרויס קראפט אומגעווארפען הין און צוריק און האט געשריען:

— „גיב מיר מיין קינד צוריק, מערדער! גיב מיר מיין קינד!

טויטשרעקענעס איז דעם יונגען מערדער בעפאללען. ער האט זיך ניט געוועהרט.

אבער מענשיקאוו איז האסטיג צוגעשפרונגען, האט דעם אלטע דיאקאָן צוריק געשליידערט און האט אויסגערופען:

— „ביזט דוא שכור, אדער משוגע, אלטער? ווייסט דוא ווער דיעזער פאשז איז? דאס איז דאך אונזער צעסארעוויטש, „פיאָטאר אלעקסייעוויטש!“

דער אלטער איז צום קראַנפרינץ נאך אמאל צוגעגאנגען און האט איהם טיעף אריינגעקוקט אין זיין געזיכט.

— „גענאדע! גענאדע!“ האט ער אויסגערופען און איז פאר דעם פרינץ געפאלען אויף די קניע. „אָה, איך אונגליקליכער!“

ער האט פּיאטארס פּיס מיט קושען בעדעקט און האט געוויינט וויא א קליין קינד.

— „שטעה אויף, אלטער!“ האט זיך פּיאטר ענדליך אפּגע־רופען, „איך פערצייהע דיר, דען דיין שמערץ איז ווירקליך זעהער גרויס. מיר האבען דיין אונגליקליך קינד געוואלט רעטען, אבער גאט האט עס ניט געוואלט, מיר זיינען צו שפּעט געקומען, שטעה אויף און לאז די טויטע בריינגען אין דיין הויז.“

וויינענדיג איז דער אלטער אויפגעשטאנען און איז ווידער צו דער לייבע אוועק געגאנגען.

— „לאז מעלדען דער פּאליציי פון דעם מארד!“ האט מענשי־קאוו נאכגערופען און צום קראנפּרינץ זיך ווענדענדיג האט ער איהם אין דער שטיל געזאגט. „יעצט איז שוין אלעס אין ארדנונג, יעצט קענען מיר שוין געהן.“

ער האט גענומען פּיאטרס ארם און האט איהם פון גארטען ארויס געפיהרט.

אלס זיי זיינען שוין אויף דער שטראסע געוועזען, האט זיך פּיאטר וויא ערלייכטערט אבגעזיפצט, ער האט געפיהלט וויא א שווערער שטיין וואלט זיך פון זיין ברוסט אראפּגעקייקעלט.

— „דוא וועסט ביי מיר שלאפען, מענשיקאוו!“ האט ער צו זיין בעגלייטער געזאגט, „פון היינט אן בלייבסט דוא ביי מיר.“

— „גוט קייזערליבע האהייט! איך דאנק דיר פאר דער עהרע.“ האט איהם מענשיקאוו געענטפערט, „אבער מיר האבען נאך א גאנג צו מאכען, מיר מוזען באלד לאזען דעם סאלדאט באריס ארעסטירען און זיך אלס ציינען פון דעם מארד מעלדען.“

— „איהם ארעטירען?“ האט פּיאטער פערוואונדערט גע־פרעגט. „פאר וואס?“

— „געוויס!“ האט מענשיקאוו מיט א פערשמוצטען שמייכעל אויף זיינע ליפּען געענטפערט. אלס מערדער פון דער שעהנער דוניא. ווארום ער האט דאך דעם מארד בעגאנגען!“

— „אה! איך פערשטעה!“ האט פּיאטר אויסגערופען אונד זיינע אויגען האבען אין איין אונהיימליכען פייער אויפגעבליצט. „דוא האסט טאלענט און איך וועל עס געברויכען.“

— „איך וועל דיר מיט פריידען דיענען, קייזערליכע האהייט!“ האט מענשיקאוו געענטפערט און האט פּיאטרס ארם נאך פעסטער צו זיך צוגעדריקט.

באלד זיינען זיי אין איינע פון דיא גאסען פערשוואונדען געווארען.

* * *

לוסטיג טאנצענדיג האבען זיך דיא קליינע זאָננענשטראהלען געשפּיעלט אויף דעם זיידענעם טעפּיך (קארפּעט) אין איין גרויסען סאלאָן פון דעם קרעמעל, וואס איז אויסגעפּוצט געווען מיט יענער פערשווענדערישער גלאנץ און פּראכט, מיט וועלכע דיא רוסישע זעלבסטהערשער האבען אימער געליעבט זיך אויסצוצייכנען און מיט וועלכע זיי האבען געזוכט איבערצושטראהלען אלע איבריגע פירסטענ־הייזער פון אייראפּא.

איינע גאלדענע וואנד אוהר האט צוועלף געשלאגען.

דיא גרויסע פליגעלטהיר האט זיך לאנגזאם געעפענט און איינע אלטע קרייגקליכע פרוי, אנגעלעהנט אויף דעם שולטער פון א יונגע בילדשעהנע דאמע, איז לאנגזאם אריינגעקומען אין סאלאָן.

דיא אלטע קריינקליכע פרוי איז געווען דיא קייזערין, דיא רוס־סישע זעלבסטהערשערין נאטאליא קיריללאָווגא און דיא יונגע שעהנע דאמע איהר ערסטע האפמייסטערין, גרעפין מאריע סערגעיעווגא קאריאגין.

דיא יונגע גרעפין האט דיא אלטע קייזערין צוגעפיהרט צו איין פאָטעל, האט איהר אנידער געזעצט און האט איהרע פיס מיט איין יוארעמען סויבעל פעלץ צוגעדעקט.

— „דיא זונן שטעהט שוין אזוי הויך אויף דעם הימעל און דאך איז עס נאך רעכט קאלט.“ האט דיא יונגע גרעפין אויסגערופען,

— „נײן ליעבע מאריע!“ האט דיא קײזערין גענטפערט מיט אײן שמערצליכען שמײכעלע אויף איהרע בלאסע ליפען. „דיא זונן איז ניט שולדיג דאס מײן בלוט װערט פון טאג צו טאג קעלטער און באלד װעט זיא אין גאנצען פערפריערען.

— „אה נײן, קײזערליכע מאיעסטעט“ האט דיא גרעפין אויסגערופען. „דוא װעסט נאך לאנג לעבען! דוא זעהסט אין דיא לעצטע צײט בעדײטענד בעסער אויס װיא פריהער.“

— „דער לעצטער פלאם פון דיא ליכט אײדער זיא געהט אויס, מײן גוטע מאריע!“ האט דיא קײזערין געענטפערט. „אבער דוא זאלסט ניט מײנען, אז דער טויט שרעקט מיך, דיא נאטור פאָדערט איהר רעכט פון אלע מענשען גלײך, דער טויט װיל פון קײן עטיקעטע, זעלבסט געגען אײנער קײזערין ניט װיסען, מיך שרעקט נור דיא צוקונפט פון אונזער לאנד.“

— „פערצײהונג, קײזערליכע מאיעסטעט!“ האט זיך דיא האפמײסטערין אפגערופען. „איך מײן אז אין דעם פונקט דארפסט דוא גראדע זעהר רוהיג און צופריעדען זײן, דער צעסארעװיטש פיאָטר אלעקסײעװיטש איז קלוג און געבילדעט. ער האט פיעל ענערגיע און װילענסקראפט און אונטער זײן רעגיערונג װעט אונזער הײליגע רוסלאנד װיא אײן פרעכטיגער בלומענגארטען אויפבליהען.“

— „ער איז אבער לײדענשאפטליך און אויסגעלאסען.“ האט דיא קײזערין מיט אײן שװערען זיפץ געענטפערט. „זײן הערץ איז פערדארבען, מען דערצעהלט מיר פון איהם שרעקליכע זאכען און פערביטערט מיר מײנע לעצטע טעג.“

— „אָה! ער האט זעהר פיעל פײנד און געגנער, קײזערליכע מאיעסטעט!“ האט דיא יונגע גרעפין אויסגערופען און אײן פערשמוטצטער שמײכעלע איז װיא אײן בליטץ איבער איהר געזיכט איבערגעפלויגען. „מען זוכט איהם נור אין דײנע אויגען ארונטערצורײסען. אבער אין גרונד איז ער גוט און עהרליך. עס איז אמת, ער איז אביסעל לײכטזיניג, אבער װער איז דאס אין דער יוגענד ניט?“

— „דוא זוכסט מיך נור צו טרייסטען, מיין גוטע מאריע,“ האט דיא קייזערין אויסגערופען. „אבער דוא אליין, איך וויים עס, גלויבסט אין זיין עהרליכקייט ניט, אבער גענוג פון דעם! זאג מיר מיי ליעבע מאריע, האסט דוא היינט דעם צעסארעוויטש שוין געזעהען?

— זיין קאמערדינער האט מיר מיט א האלבע שטונדע צוריק געזאגט, אז ער שלאפט נאך!“ האט דיא האָפמייסטערין געענטפערט.

— „וויעדער ביז נאך האלבע נאכט ארומגעבוממעלט!“ האט דיא קייזערין אין דער שטיל, וויא צו זיך זעלבסט געזאגט און א לאנ־גער שמערצליכער זיפץ האט זיך פון איהר ברוסט ארויסגעריסען.

אין דיעזען אויגענבליק איז איין קאמערדינער אריינגעקומען און האט געמעלדעט, דאס דער קאמענדאנט פון מאסקווע (צו יענער צייט אויך שעף פון דער פאליציי) ווארטעט אין פאָדערזאל.

— „אה, דער טעגליכער ראפּארט! ... וויא לאנגווייליג!“ האט דיא קייזערין אויסגערופען. „גוט, ער מעג אריינקומען!“

דער קאמענדאנט, איין הערר אין דיא מיטעלע יאהרען און פון שטרייגגער מאיטערישער האלטונג, איז אריינגעקומען און האט זיך נאך דער זיטטע פון יענער צייט געשטעלט אויף דיא קניע ניט וויית פון טיהר.

— „שטעהט אויף, וואלגין!“ האט דיא קייזערין אויסגערופען און אין איהר שטימע איז א געוויסע אונגעדולדיגקייט געלעגען. „מאך מיר דיין ראפּארט, אבער קורץ און שנעל! געוויס האנדעלט עס זיך וויעדער אום א פּאר בעטרונקענע סאלדאטען, וועלכע מען האט אין דער נאכט ארעטירט, אדער אום א פּאר קליינע שרפה'לאך אין שטאדט. אך, וויא לאנגווייליג דוא ביזט מיט דיינע ראפּארטען!“

— „פערצייהונג, קייזערליכע מאיעסטעט!“ האט דער קאמענ־דאנט געענטפערט און איז אויפגעשטאנען. „היינט ברייננ איך דיר וואס וויכטיגערעס, היינט האב איך דיר וועגען א מארד צו ראַ־פּארטירען!“

— „אה! ענדליך!“ האט דיא קייזערין אויסגערופען און איהרע

אויגען האבען אויפגעבליצט. „ענדליך הויבט מיין מאסקווע אָן אויך צו ווערען א רעכטע שטאדט. עס איז מיר ווירקליך א שאנדע געווען, דאס מיין מאסקווע האט זיך ניט מיט וואס אויסצוצייכנען. אין פאריז און אין לאנדאן שטעהט מען יעדען פריהמארגען אויף מיט צוויי־דריי מארדס און מען האט א גאנצען טאג איבער וואס צו ריידען. נוא? זאג מיר, מיין ליעבער, איז דאס עפּעס א רעכטער שטיקעל מארד?"

— „א האלבע שטונדע רייזע ווייט פון שטאדט, איז דיא יונגע טאכטער פון דעם דיאקאן זאכאר אין גארטען ערמארדעט געווארען, קייזערליכע מאיעסטעט!" האט דער קאמענדאנט געענטפערט.

— „ווען איז דער מארד געשעהען?"

— „וואהרשיינליך עטוואס נאך האלבע נאכט, קייזערליכע מאיעסטעט!"

— „ווייס מען ווער דער מערדער איז?"

— „ער איז ארעטירט, קייזערליכע מאיעסטעט! דאס איז איהר אייגענער חתן!"

— „איהר אייגענער חתן? אַה, וויא אינטערעסאנט!"

— „צו בעפעהל, מאיעסטעט! דאס איז איין יונגער אונטער־אפיציער פון דער גארדע!"

— „און וויא אזוי האט מען דעם מערדער אזוי גיך אויסגעפונען?

— „עס זיינען צוויי צייגען ביי דעם מארד געוועזען, קייזערליכע מאיעסטעט!"

— „צייגען אויך? פארטרעפליך! אויסגעצייכענט!" האט דיא קייזערין אויסגערופען פון מינוט צו מינוט אלס מעהר בעפריעדיגט. „און ווער זיינען דיא צייגען?"

— „איין יונגער מושיטשאָק מיט דעם נאמען מענשיקאוו און זיינע קייזערליכע האהייט, אונזער גנעדיגער צעסארעוויטש פיאטר אלעקסייעוויטש!" האט דער קאמענדאנט מיט נאכדרוק אויף דיא לעצטע ווערטער געענטפערט.

— „מיין זוהן?" האט דיא קייזערין אויסגערופען און איז פון

איהר זיטץ אויפגעשפרונגען. וויא קומט ער צו דיעזער שטונדע דארט?

— „דאס וויים איך ניט, קייזערליכע מאיעסטעט!“ האט דער קאמענדאנט געענטפערט מיט אונזיכערער שטימע און האט זיינע אויגען צו דער ערד אראפגעלאזען.

איהם איז דעם קראנפרינצס אנוועזענהייט אויף דעם מארד־פלאטץ אויך עטוואס פערדעכטיג פארגעקומען, אבער וועלכער בעאמטער אין רוסלאנד האט דאס געוואגט זאגאר אין דיא געדאנקען שלעכטעס איבער איין מיטגליעד פון דער קייזערליכער פאמיליע צו דענקען?

דיא קייזערין האט איהם איין סעקונדע מיט א שטרענגען בליק אנגעקוקט און האט איהם דאן געפרעגט:

— „וואס נאך האסט דוא מיר צו ראפארטירען וואלגין?“

— „אין פעטראווסקי גאס האט דיעזע נאכט א שטאל אפ־געברענט.“ האט דער קאמאנדאנט אנגעהויבען ווייטער צו ראפאר־טירען. „עס זיינען פערברענט געווארען דריי קעלבער, צוויי חזרים און....“

— „גענוג! גענוג!“ האט דיא קייזערין אויסגערופען און האט איהר האנד אבוועהרענד אויסגעשטרעקט. „מעהר וויל איך ניט הערען, דוא קענסט געהן!“

דער קאמאנדאנט האט זיך טיעף פערנייגט און איז ארויס גע־גאנגען.

דיא קייזערין איז וויא געבראכען אויף איהר שטוהל געפאלען און האט געשלאסען איהרע אויגען. פערשיעדענע געדאנקען האבען איהר בעאונרוהיגט, א פנים אז דיא אינטערעסאנטע נייעס זיינען איהר דאך אביסעל צו אינטערעסאנט געוועזען.

— „וויא קומט מיין פיאטר דארט?“ האט זיא פאר זיך מיט א שוואכער שטימע געמורמעלט, מערקווירדיג!“

— „איך געפין דאס גאנץ נאטירליך, קייזערליכע מאיעסטעט!“ האט זיך דיא יונגע האפמייסטערין אפגערופען, אונזער גנעדיגער

צעסארעוויטש, פיאטר אלעקסייעוויטש ליעבט אין דיא שעהנע פריה־לינגסנעכט, וויא אלע פּאָעטישע נאטורען ארום צו שפּאַציערען. נון, איז ער געקומען אין יענע געגענד און האט דערהערט דיא אנגסט־געשרייען פון דער אונגליקליכער מעדכען און זיין גוטהערציגקייט האט ער זיא געוויס געוואלט רעטען און איז ליידער צו שפּעט געקומען, דאס איז גאנץ איינפאך."

— „יא, גאנץ איינפאך!" האט דיא קייזערין גאנץ שטילל אויסגערופען און איין לאנגער זיפץ האט זיך פון איהר ברוסט ארויס־געצווינגען.

דיא טהיר האט זיך ווידער געעפענט און דער קאמער־דיענער האט געמעלדעט:

— „זיינע קייזערליכע האהייט, דער צעסארעוויטש פיאטר אלעקסייעוויטש און אלעקסייא דאנילאוויטש מענשיקאוו!"

— „ווער איז דער?" האט דיא קייזערין מיט פערוואונדערונג געפרעגט.

— „מענשיקאוו? דיעזען נאמען הער איך צום ערסטען מאל, קייזערליכע מאייעסטעט!" האט דיא יונגע האפמייסטערין אויך ניט וועניגער איבערראשט געענטפערט.

זיי האבען אבער קיין צייט געהאט לאנג צו טראכטען, דען באלד איז דער צעסארעוויטש פיאטר אין דער בעגלייטונג פון דעם קיכענפערקויפער מענשיקאוו אין סאלאָן אריינגעקומען. פיאטר האט אויף זיך געטראגען דיא אוניפאָרם פון דער פרעאָבראשזענסקי גארדע, מיט פיעלע ארדענס און שטערן אויף דער ברוסט, זיין בלייכעס געזיכט איז יעצט נאך בלייכער געוועזען און דונקעל־בלויליכע רינגען האבען זיינע האלבפערשלאפענע מידע אויגען ארומגערינגעלט. אין גאנצען האט ער זייער אבגעשוואכט אויסגעזעהן און זיינע גליעדער האבען געציטערט, זיין בעגלייטער אבער האט זייער געזונד און מונטער אויסגעזעהן, א פריש יוגענדליכע רויטהקייט האבען זיינע באקען גע־פארבט און זיינע שווארצע אויגען האבען געגלענצט וויא צוויי גרויסע

שווארצע דיאמאנטען, ער האט יעצט געטראגען דיא רייכע קליידער פון איין קייזערליכען פאשׁז, וואס האבען איהם זעהער גוט געפאסט און עס איז זייער שווער געווען יעצט אין איהם דעם איינפאכען קוכענפערקויפער פון געכטען צו דערקענען.

דיא פראכט און דיא גלאנץ פון דעם קייזערליכען סאלאָן, וויא אויך דיא אנוועזענהייט פון דער קייזערין און איהר יונגע און בילדשעהנע האפמייסטערין, האבען וויא עס שיינט, אויף איהם קיין איינדרוק געמאכט, אזוי וויא ער וואלט צו דיעזער הערליכקייט פון זיין קינדהייט אן געוועהנט געוועזען. ער איז נור געבליבען שטעהן ביים טהיר און האט מיט ערנסטע בליקען דיא איבערראשטע קייזערין אָנגעקוקט.

פיאטר איז צו דער קייזערין צוגעגאנגען, האט זיך פאר איהר לייכט פערנייגט, האט איהר האנד געקוסט און האט אויסגערופען:

— „גוט מארגען, ליעבע מוטער! וויא פיהלסט דוא זיך היינט? בעססער?

— „וויא אלע מאל, מיין זוהן!“ האט איהם דיא קייזערין געענטפערט, דוא ביזט היינט זעהר שפעט אויפגעשטאנען מיין ליעבער פיאטר, אבער זאג מיר, ווער איז יענער יונגער הערר וועלכען דוא האסט מיט זיך געבראכט?

— „דאס איז א יונגער הערר אלעקסייא דאנילאוויטש מענשיקאוו, וואס האט אין דער פערגאנגענער נאכט ביי איין שרעקליכען צופאל מיינע פריינדשאפט אין העכסטען גראד ערווארבען, ליעבע מוטער,“ האט פיאטר געענטפערט. און איך האב איהם מיט זיך געבראכט, אום איהם פארצושטעלען.“

— „איז דאס דערזעלבער וואס האט מיט דיר צוזאמען דעם שרעקליכען מארד בייגעוואהנט?“ האט דיא קייזערין געפרעגט און האט דעם קראנפרינץ מיט איין דורכדרינגענדען בליק אנגעקוקט.

— „וויא? דוא ווייסט שון?“ האט פיאטר געפרעגט און איין ציטער איז זיין קערפער דורכגעפלויגען.

— „ערסט מיט א פערטיל שטונדע צוריק, האט מיר דער קאמענדאנט פון דעם געמעלדעט.“

— „אך, מוטער! עס איז געווען שרעקליך, שוידערהאפט!“ האט פיאטר אויסגערופען מיט איין געקיסטעלטען אויסדרוק פון שמערצען אויף זיין געזיכט, שטעל דיר פאר מיין שרעק! איך שפאציער מיר אזוי ארום אין איין אבגעלעגענע גאס, דיא נאכט איז געוועזן הערליך. איך בין געבליעבען שטעהן ביי איין פרעכטיגען גארטען אום דעם זיסען פארפום פון דיא בליהענדע ראזען איינצואטהמען או אום דאס געזאנג פון איין נאכטיגאל צו הערען, מיט איין מאל הער איך אין גארטען שרעקליכע קולות. איין יונגע פרויענשטימע האט אום הילפע גערופען, אנפאנגס בין איך פון שרעק ערשטוינט געווארען, דאן האב איך זיך בעשלאסען דער אונגליקליכער צו העלפען, דאך האב איך געציטערט פון ארט זיך צו ריהרען, ווייל איך האב געגלויבט דאס איך וועל דארטען מעהרערע מערדער געפינען, פלוצלונג האב איך הינטער זיך דערהערט א שטימע: „יונגער הערר! אין גארטען בעגעהט מען מארד, קומט, לאמיר העלפען.“ איך האב מיך אומגעקוקט און האב דערזעהען דיעזען יונגען מענשען, האסטיג זיינען מירביידע אין גארטען אריינגעשפרונגען, אבער עס איז שוין געווען צו שפעט. מיר האבען נור געזעהן וויא א יונגער סאלדאט אנטלויפט דורך דיא בוימער און באלד איז ער פון אונזערע אויגען פערשוואונדען געווארען. איך האב איהם נאכגעיאגט, אבער איך האב איהם ניט געקענט גרייכען, אויף דער ערד איז א יונגעס מעדכען געלעגען, איהר ברוסט איז מיט איין קינזאל דורכגעבויערט געוועזען. איך האב זיך צו איהר צוגעבויגען און האב זיא געפרעגט: ווער איז איהר מערדער? זיא האט מיר מיט א שוואכער שטערבענדער שטימע געענטפערט: „מיין אייגענער חתן, דער גארדיסט באָרים!“ אין דער נעכסטער מינוט איז זיא שוין א לייכע געווען.“

— „שרעקליך! שרעקליך! האט דיא קייזערין אויסגערופען.

— „מיר האבען געזעהען, אז מיר האבען דא נישט וואס צו

מאכען", האט פיאָטר ווייטער דערצעהלט. "און מיר זיינען געגאנגען דעם קאמענדאנט מעלדען און איהם אויפפאדערן, ער זאל דעם מער־דער זוכען און ארעטירען. מען האט איהם אין קאזארמע געפונען און ארעטירט!"

— "דוא האסט וויא איין בראוועס קינד געהאנדעלט, מיין גוטער פיאטר!" האט דיא קייזערין מיט בעוועגטער שטימע אויסגע־רופען און האט דעם קראנפרינץ צערטליך אומגעארמט. "אויך דוא, מיין גוטער יונגע", האט זיא זיך מיט איין פריינדליכען בליק צו מענ־שיקאָוון געווענדעט. "ביזט א בראוועס קינד! טרעט נעהענטער צו מיר און זאג מיר, ווער זיינען דיינע עלטערן?"

מענשיקאוו איז אהן פורכט צו דער קייזערין צוגעגאנגען, האט ניעדערגעקניעט און האט דעם זיים פון איהר קלייד נאך דער זיטטע פון יענער צייט געקושט.

— "איך בין א יתום, קייזערליכע מאיעסטעט!" האט ער גאנץ דרייסט געענטפערט. "מיינע עלטערן האב איך שוין אלס קליין קינד פערלארען!"

— "ארמער יונגע!" האט דיא יונגע האָפמייסטערין אויסגע־רופען און האט איהם מיט מיטליידיגע בליקען בעטראכט.

— "וויא איך זעה, האט דיר מיין זוהן צו זיין פאַזש געמאכט, ליעבער מענשיקאוו", האט זיך דיא קייזערין אפּגערופען. "און איך בעשטעטיגע דיך גערן אין דיעזען אמט! נו, מיין ליעבער זוהן", האט זיא זיך צו דעם קראנפרינץ ווידער געווענדעט. "וויא אזוי האסט דוא דיא אונגליקליכע ערמאָרדעטע איינע אליין אין גארטען איבער־געלאזען?"

— "איהר פאטער, דער דיאקאָן זאכאר איז ביי איהר גע־בליבען!" האט פיאטר געענטפערט. "אך מוטער, וואס פאר איין הערצרייסענדע סצענע! דער אלטער איז שיער וואהנזיניג געווארען פאר שמערץ, אלס ער האט דעם טויטען קערפּער פון זיין איינציגעס קינד דערזעהען. אין זיין וואהנזינן האט ער זיך אויף מיר וויא איין טיגער

געוואָרפען, ער האט געגלויבט, אז איך בין דער מערדער, ער האט מיך שיער אין שטיקער צעררי‍סען, מיין פריינד מענשיקאָוו האט מיך קוים פון זיינע הענד בעפרייעט!"

— "יא, ער איז אין גאנצען וואהנזיניג געוואָרען, דער אלטער!" האט מענשיקאָוו אויסגערופען.

אין דיעזען מאָמענט איז איין שרעקליכער ליארם אין דעם פאָ־דערזאאל ענטשטאנדען. איין קאַמפּף פון מעהרערע מענשען און לויטע שטימען האבען זיך געלאזט הערען. דיא טיהר פון סאלאָן איז האסטיג אויפגעריסען געוואָרען און דער אלטער דיאקאָן איז א לאנגען מאנטעל איינגעהילט, מיט אויפגעלאזענע האר, מיט ווילד בליקענדע אויגען און מיט איין אש־גרויען געזיכט אין זאאל הערייננגעשטירצט.

— "לאזט מיך! איך מוז צו דער קייזערין! לאזט מיך!" האט ער מיט א הייזעריגער שטימע געשריען.

דער קאמערדיענער איז איהם נאכגעלאפען און האט איהם געזוכט צוריק צו האלטען. צוויי דריי גארדע אפיציערען האבען זיך געוויזען אין טיהר מיט צושראָקענע געזיכטער.

— "פערצייהונג, קייזערליכע מאיעסטעט", האט דער קאמער־דיענער מיט א ציטערענדער שטימע אויסגערופען. "עס איז אונמעגליך געווען איהם צוריק צו האלטען!"

— "ווער ביזט דוא און וואס פערלאנגסט דוא, אלטער?" האט איהם דיא קייזערין מיט א שטרענגער שטימע געפרעגט און האט זיך עטוואס אויפגעריכטעט.

— "איך בין דער דיאקאָן זאבאר, מאיעסטעט", האט דער אלטער מיט שטאקענדען אטהעם און מיט קייכענדער ברוסט גע־ענטפערט. "און בין געקומען דעם מערדער פון מיין קינד פון דיינע הענד צו פאָדערן!"

— "דער מערדער איז שוין ארעטירט, אלטער", האט איהם דיא קייזערין געענטפערט. "און איך שווער דיר ביי מיינע קייזערליכע עהרע, ער וועט מיט זיין לעבען בעצאהלען!"

— „ניין! ער איז פריי!“ האט דער דיאקאן מיט א דאננער־שטימע אויסגעשריען. „ער איז פריי און אט שטעהט ער פאר דיינע אויגען!“

ער האט מיט זיין ציטערענדע האנד אויף דעם צעסארעוויטש געוויזען.

אלע אנוועזענדע זיינען געבליבען שטעהן פערגליווערט וויא פון בליטץ געטראפען.

נור איין מענשיקאוו האט מוטה און זיין בעוואוסט זיין ניט פערלארען. ער האט געוואוסט, דאס יעצט איז דער ריכטיגער מאָ־מענט דיא עהרע פון דעם צוקינפטיגען קייזער פון רוסלאנד צו רעטען און מיט דעם זיך איין אונשטערבליכען נאמען און איינע גלענצענדע צוקונפט צו פערשאפען.

מיט דיא גאנצע קראפט פון זיין שטארקען ארעם האט ער דעם דיאקאן צוריק געשטויסען און האט אויסגערופען:

— „וואהנזיניגער! ווייסט דוא וואס דוא וואגסט?“

— „איך ווייס!“ האט דער אונגליקליכער אלטער אויסגעשריען. „איך ווייס, אז דער צעסארעוויטש האט מיין קינד ערמאָרדעט, און דאס איז דער בעווייז!“

מיט דיעזע ווערטער האט ער פון אונטער זיין מאנטעל דעם טירקישען קינזשאל, וואס פיאָטר האט אין גארטען ביי דער לייבע פערגעסען, ארויסגענומען און האט איהם אויפגעהויבען אין דער הויך.

פיאטר האט אנגעהויבען צו וואנקען און האט זיך געמוזט אנ־באפען אן איין עק טיש, אום ניט אומצופאלען.

— „פערפלוכטער קינזשאל! איהם האבען מיר גאר פערגע־סען!“ האט מענשיקאוו צו זיך זעלבסט געזאגט און האט זיך אב־געווענדעט.

מיט טאדעסאנגסט האט דיא קייזערין אויף איהר זוהן געקוקט, אבער מענשיקאוו האט זיך באלד געפאסט.

— „ער איז וואהנזיניג, קייזערליכע מאיעסטעט, איך שווער

עס ביי דיא היילינע מוטער גאטעס פון קאזאן!" האט ער זיך צו דער קייזערין געווענדעט. „הייסט איהם איינשפּערען! ער דארף דיא פּער־זאָן פון אונזער גנעדיגען צעסאַרעוויטש ניט בעליידיגען. דעם קינדשאַל האט דער גנעדיגער צעסאַרעוויטש פון גארטעל ארויסגענומען, אלס ער האט דעם מערדער נאכגעיאָגט און האט איהם צו דער ערד ביי דער לייבע אראפּגעווארפען, אלס ער איז צוריק געקומען, איך האב עס מיט מיינע אייגענע אויגען געזעהען און קען עס פאר גאט שווערן!"

פּיאטר האט זיך וויא ערלייכטעט אבגעזיפצט. א גאנצער בארג האט זיך פון זיין ברוסט אראפּגעקייקעלט.

— „לומפּ און שורקע!" האט דער דיאקאן געשריען און האט זיך מיט קולאַקעס אויף מענשיקאָוו'ן געווארפען. דוא זוכסט דעם מערדער צו פערטהיידיגען? וויפיעל האט ער דיר דערפאר בעצאהלט?

— „יא, ער איז וואהנזיניג!" האט ענדליך דיא קייזערין אויס־גערופען. „נעהמט איהם", האט זיא זיך צו דיא גארדע אפיציערן גע־ווענדעט, און פיהרט איהם אפּ אין דול־הויז, מען זאל איהם דארט איינשפּערען און קיין מענשען צו איהם צולאָזען!

— „קייזערליכע מאַיעסטעט!" האט דער אלטער אויסגערופען אויף זיינע קניע פאלענדיג און אין הייסע טרערען אויסברעכענדיג. „בענעה ניט אזא זינד! איך בין ניט משוגע, איך בין ביי מיין קלאָרען פערשטאַנד, איך בין נור איין אונגליקליכער פאטער!"

— „נעהמט איהם!" האט פּיאטר דיא אפיציערן מיט איין שטרענגער שטימע בעפעהלען.

— „גוט, איך געה אין מיין פערדערבען!" האט דער אונגליק־ליכער דיאקאן אויסגעשריען און איז אויפגעשפּרונגען. „בין איך יעצט נאך ניט משוגע, וועל איך דאס באלד ווערן און דאס וועט מיר מיין אונגליק מאכען פערגעסען. אבער, זייא וויסען, דוא עלענדער מערדער, דאס עס לעבט איין גאט אויף דער וועלט! ער וועט דאס אונשולדיגע בלוט פון מיין קינד פון דיינע מערדערישע הענד פאָדערן. דיין לעבען וועט פערגיפטעט זיין, וואו דוא וועסט זיך קעהרען און ווענדען, וועט

דיר דער גייסט פון מיין טויטע טאכטער בעגעגענען, זיא וועט דיר דיין קרוין פון קאפּ ארונטער רייסען, און וועט דיר פון דיין טראָהן ארונטער שליידערן! זייא פערפלוכט פון גאט, דוא עלענדער מערדער! אָה, מיין געליעבטעס פאטערלאנד! וויא אונגליקליך ביזט דוא, ווען אזעלכע בלוטיגע טיראנען רעגיערען איבער דיך! זייא פערפלוכט פון גאט, פיאטר אלעקסייעוויטש — — — זייא — פער — פלוכט — פער — פלוכט!"

דיא שטימע האט איהם פלוצלונג ענטזאגט, זיין אטהעם איז אויסגעגאנגען, איין ציטערן איז דורך זיין קערפּער דורכגעלאפען, ער האט זיך וויא איין אונטערגעהאקטער בוים אנגעהויבען צו שאקלען נאך אלע זייטען, איין שטראם בלוט האט ארויסגעפּליצט פון זיין מויל און וויא א שטיק שווערע בליי איז ער אנידער געפאלען אויף דעם ווייכען טעפּיך פון סאלאָן.

ער האט זיין לעצטען אטהעם אויסגעהויכט, איין הערצשלאג האט איהם געריהרט.

מיט איין שטומען ווינק האט דיא קייזערין דיא אפיציערען בע־פאהלען דעם טויטען דיאקאָן ארויס צו טראגען.

* * *

אין דריי טעג ארום האט מען דעם אונגליקליכען אונטער־אָפּ־פיציער בארים, אלס דעם מערדער פון דער יונגער דוניא, אין דעם הויף פון זיין קערקער אויפגעהאנגען.

ווייט דאמאלס איז דער צושטאנד פון דער אלטער קייזערין נאטאליא קירילאוונא אימער שלימער און שלימער געווארען, איהר לעבען האט שוין געהאנגען אויף א האר, פיעלייכט האט זיא דיא וואהרהייט פון דעם מאָרד דאך געוואוסט.

פיאטר האט דעם פארפאל באלד פערגעסען און האט זיך באלד מיט מעהר פרישקייט אין דעם גרויסען ים פון שמוטין אונד ניעדערטרעכטיגקייטען אריין געווארפען. זיין פערטרויטער מענשיקאוו איז זיין רעכטע האנד געווארען און האט איהם איבעראל בעגלייטעט.

אבער דאס וועלען מיר ערפאהרען אין דיא פאלגענדע קאפּיטלען.

## ליעבּשאַפטען פון פּיאטר וועליקי.

עס איז בעקאַנט אונטער וועלכע שוויריגקייטען און געפאַהרען פּיאָטר וועליקים קינדהייט איז פערגאַנגען, זיין הערץ איז געוועזען פער־ביטערט און פערווילדעט, זיין לעבען פערגיפטעט און צו דערזעלבער צייט ווען זיין גייסט האט געשטרעבּט צו מענשליכע בילדונג אונד וויסענשאַפט, האט זיך זיין קערפּער געבּאַדען אין אַ גאַנצען ים פון שמוטציגע און ניעדעריגע ליידענשאַפטען.

שוין אין זיינע ערנסטע לעבּענסיאָהרען איז ער געוועזען אַ מיט־ברודער אין דעם קרייז פון דיא ניעדערטרעכטיגסטע און אויסגעלאַסענע יונגע מענשען, וואס האבען איהם אלס טיעפער און טיעפער אין דעם זומפּף פון פערדארבענהייט אריינגעצויגען. דיא ערנסטע מענשען וואס האבען איהם מיט גוטער אבזיכט אויף זיין אויסגעלאַסענעם לעבען אויפמערקזאם געמאַכט, האט ער אלס זיינע ערגסטע פיינד בעטראַכ־טעט, מיט אויסגעלאַסענע חברים, דאגעגען, האט ער איין פריינד־שאַפטסבונד פיר דאס גאַנצע לעבען געשלאָסען.

דיא אונגליקליכע מוטער פון דיעזען יונגען אויסוואורף, האט זיך קיין ראטה ניט געקענט שאפען אויף וועלכער ארט און וויזע דעם ווילדען חאַראַקטער פון איהר זוהן איינצוהאלטען. אלע איהרע בע־מיהונגען דעם תכשיט צוריק אויף צו פיהרען אויף דעם דרך הישר, זיינען געוועזען אומזיסט, זיא האט פערבּראַכט לאַנגע קוואַלפאָלע טעג און נעכט אין וויינען און בעטען.

ענדליך איז זיין מוטער, נאַטאַליא קירילאָוונא, געפאַלען אויף אַ גוטען געדאַנקען. זיא האט זיך בעשלאָסען דעם זעבּצעהן יעהריגען פּיאטר חתונה צו מאַכען, ווייל זיא האט געגלויבּט, דאס אלס פער־הייראַטהער מאַן וועט ער ווילענדיג אדער ניט ווילענדיג מוזען דעם שאַטען היטען. אום איהר פּלאַן מיט זיכערן ערפאלג אויסצופיהרען, האט זיא ארויסגעשיקט איין אוקאַז צו באָיאַרען (עדעללייט) אונד וואָיעוואָדעס (קריעגסבעאַמטע) אין גאַנץ רוסלאַנד און האט זיי אויפ־געפאָדערט צו אַ בעשטימטען טאג מיט זייערע טעכטער נאך מאָסקווע

צו קומען, פון וועלכע דער פרינץ פּיאטר וועט זיך אויסקלייבען א „צוהערסטו" אויף זיין גאנץ לעבען (פּונקט וויא אחשורוש דער שכור האט געטהאן), דאס איז געווען דאס לעצטע מאל, דאס איין רוסישער מאנארך האט זיך נאך רוסישער אלטער זיטע אויסגעקליבען א ווייב פון פאלק. דיא שפּעטערע פּרינצען האבען זיך שוין אנגעהויבען מחותן צו זיין מיט פּרינצעסינען פון געקרוינטע הייזער, וויא זיי טהוען עס ביז הייטיגען טאג.

אלע באָיארען און וואָיעוואדעס פאלגענדיג דעם אויפרוף פון דער קייזערין נאטאליא קירילאוונא, האבען צוזאמענגענומען זייערע בעסטע און שענסטע טעכטער און מיט דיעזען פּאַך לעבענדיגע סחורה, זיינען זיי געקומען אין דיא אלטע קייזערשטאדט מאסקווא.

דיא קייזערין אליין האט אייגענהענדיג יעדעס מעדכען דורכ־געטאפּט, איבערגעזעהען, וויא מען טהוט עס מיט גענז אויפ'ן מארק, ענדליך האט זיא אויסגעקליבען דיא שעהנע יעוודאָקיא פּיאָדראָוונא לאָפּוכינא, דיא טאכטער פון דעם פארנעהמען און רייכען באָיארען פּיאָדר אבראמאָוויטש לאָפּוכין, אלס פרוי פאר איהר יונגען תכשיט און אלס צוקונפטיגע קייזערין פון רוסלאנד.

אם 27 יאנואר 1689, האט פּיאטר מקדש געווען דיא שעהנע יעוודאקיא בדת רוסיא והפּראוואסלאוויא און אלע קאצאפּעס אין מאסקווא זיינען צערטראסקעט געווארען שכור'נדיג פאר פרייד.

אין דיא ערסטע דריי יאהר נאך דער חתונה האט דיא יונגע קייזערין צוויי זעהנע געבארען. דער ערסטער וואס איז אם 18 פעב־רואר 1690 געבארען, איז יענער פּרינץ אלעקסייא, וואס האט אין דער פערבינדונג מיט מעהרערע באָיארען און וואָיעוואָדעס איינע פערשווע־רונג געגען זיין פאטער פּיאָטר וועליקי אנגעשטיפטעט און איז דער־פאר פון זיין פאטער אייגענהענדיג צום טויט געקנוטעט געווארען, דער צווייטער זוהן פּיאטר'ס אלעקסאנדער, וואס איז אם 13 אקטא־בער 1691 געבארען, האט ניט פיעל אנגעמאכט אויף דער וועלט, ער האט באלד איינגעזעהן אז דער דור איז ניט ווערטה איהם אלס

מיטבירגער צו האבען, איז ער זיך טאקע באלד אוועק געשטארבען. ערסט פיעל יאהר שפעטער, אלס יעקאטערינא דיא ערסטע האט איבער רוסלאנד רעגיערט, האט זיך געפונען איינער א פיינער יונג, וואס האט זיך אין גאנץ רוסלאנד רעקאמענדירט אלס פערשטארבענער פרינץ אלעקסאנדער, פיאטר וועליקיס צווייטער זוהן, וואס איז דורך דעם רוח הקודש ווידער לעבענדיג געווארען און איז געשיקט פון גאטט רוסלאנד גליקליך צו מאכען, ער האט געפאָרדערט דעם טראהן און דיא קראָנע אלס זיין אייגענטהום, אבער יעקאטערינא דיא ערסטע האט מיט איהם א קורצען פראָצעס געמאכט, זיא האט איהם געגעבען זיין אייגענעם קאפּ אין זיינע הענד זיך צו שפּיעלען און ער איז באלד אוים קאפּעלוש מאבער געווארען.

עס איז קלאר בעוואוסט, דאס דיא קייזערין יעוודאקיא האט איהר מאן איניג און טריי געליעבט, דאס אקורצע צייט האט זיא פיאטר וועליקי, וועגען איהר זעלטענער שעהנהייט, אויך געליעבט און געאכטעט, אבער וועלכען ווערטה האבען געהאט דיא הייליגסטע געפיהלען פון א געקרוינטען טירגעניבטם צו יענער צייט און דאצו נאך אין רוסלאנד? נור א קורצע צייט האט דער קייזערליכער טרעמפּ געלעבט מיט זיין גוטע און שטילע פרוי אנשטענדיג, באלד האט אין איהם דער פריהערדיגער שארלאטאן ווידער ערוואכט און דיא ווילדע טהיערישע ליידענשאפט צו אלע שמוטציגע פערגעניגענס, צו אלע זינדהאפטע געניסע, האבען איהם באלד ווידער אריין געצויגען אין דעם טיעפען זומפּף פון שמוטץ און ניעדערטרעכטיגקייט, אין וועלכען ער האט זיין גאנצעס לעבען פערבראכט. דיא שעהנע יעוודאָקיא האט איהם דורך איהר שעהנהייט און דורך איהר שטילעס, בעשיידענעס וועזען, שוין מעהר ניט געקענט בינדען און ער האט איהר אויסגעוויכט.

עס איז דאמאלס אין רוסלאנד דיא ווילדע זיטע געווען, וויא ביי אלע אזיאטישע פעלקער, דאס דיא רוסישע קייזערין האט געמוזט לעבען אבגעשלאסען און צוריקגעצויגען פון דער גאנצער וועלט און

האט זיך ניעמאלס גערארפט עפענטליך צייגען, אויך דיא הערשטר האבען געפיהרט איין צוריקגעצויגענעס לעבען און האבען זיך פאר דעם פאלק געצייגט נור דאן, ווען עס איז דורכאויס נעטהיג געווען.

אבער פיאטר וועליקי האט פון דיעזער אלטער זיטע ניט גע־וואלט וויסען, דאס אבגעשלאסענע לעבען האט פאר איהם קיין גע־שמאק געהאט. ער פלעגט זיך דעם פאלק זייער אָפט צייגען, פלעגט מיט פרעמדע פערזאנען זייער פיעל פערקעהרען; און זיין בעסטער פערגעניגען איז געווע מיט אויסלענדער צו פערקעהרען.

— „דיא רוסישע שעהנע פרויען קען איך שוין גענוג.“ פלעגט ער צו זיינע פערטרויטע זאגען „מיט זייער ליעבע בין איך שוין איבער־זאטט. איך וויל אויך דיא אויסלענדישע שעהנהייטען קענען לערנען. א מענש מוז אבוועקסלונג מאכען!“

דיעזער פערלאנג נאך „אבוועקסלונג,“ וועלכען מיר קענען איינפאך מיט דעם נאמען „טרעמפעניזמוס,“ אדער מענשליכע פער־דארבענהייט“ איבערזעטצען, האט איהם פון יעוודאקיעס זייט פער־יאגט און האט איהם אלץ טיעפער און טיעפער אריינגעצויגען צו דעם ניעדריגסטען גראד פון מענשליכער געזונדהייט.

אבוואהל דיא קייזערין יעוודאקיא האט וויא אלע רוסישע הער־שערינס, אבגעשלאסען און צוריקגעצויגען פון דער וועלט, וויא איינע געפאנגענע געלעבט, דיא מעשים טובים פון איהר מאן זיינען פאר איהר דאך קיין געהיימנים געבליבען, זיא האט באלד גענוג ערפאהרען אין וועלכער געזעלשאפט איהר מאן פערלעבט דיא לאנגע זומערטעג און דיא נאך לענגערע ווינטערנעכט, מיט וועלכע פרויען ער שפיעלט זיך אין „פערליעבענעס“ און וועלכע געזונקענע „דאמען“ עס טהיילען מיט איהם, זיין הערץ. דיעזע ביטערע ערפאהרונג האט איהר דאס לעבען פערגיעפטעט, זיא איז געוואָרען הייס, נערוועז און צאנקעריש, אז ער פלעגט קומען צוריק אהיים שכיר וויא לוט, נאכדעם וויא ער האט דיא גאנצע נאכט פערלעבט וויא גאטט אין פראנקרייך מיט אויס־געלאסענע פרויען, פלעגט זיא איהם האלטען דרשות איבער מאָראל

און עהרע, איבער שולדיגקייט און דרך ארץ, וואס האבען אויף איהם אזוי געווירקט וויא א טויטען אל מלא רחמים.

דיא ביטערע פארווירפע פון זיין פרוי זיינען איהם שוין שטארק איבערדריסיג געווארען און איניגע מאל איז ער שוין אים בעגריעף געווען דיא אייפערזיכטיגע קייזערין צו לערנען „רעספעקט" מיט זיינע מאיסטעטישע פעטש, אבער יעוודאקיא איז געשטאנען אונטער דעם שוטץ פון זיין מוטער, דיא אלטע קייזערין נאטאליא קירילאוונא, זא לאנג זיא האט געלעבט, האט דער קייזערליכער ווי‌סטלינג ניט געוואגט זיא פערזעהנליך צו בעליידיגען.

אבער דיא אונגליקליכע יעוודאקיא האט שוין געהאט א מלאך המות אין דער פערזאן פון דעם גרעסטען אויסוואורף אין דער פערזאן פון דעם גראף מענשיקאוו, א געוועזענער בויער-יונגע, וואס האט פריהער אין מאסקווע אומגעטראגען קובען צו פערקויפען און איז שפעטער געווארען דער ערסטער ראטהגעבער און פערטרויטער פון פיאטר וועליקי.

אין יענער ווסטער צייט, איז עס קיין זעלטענהייט און קיין וואונדער געווען אין רוסלאנד, דאס איין איינפאכער בויער, אדער א געמיינער סאלדאט, האט זיך דורך כשרה אדער טרפה'נע מיטטלען ארויפגעארבייט צו דער גלענצענדעסטער שטעלע ביים רוסישען האף. דיא רוסישע הערשער פלעגען פאר איין געלונגענעם וויטץ, פאר „א קליינעם דיענסט," וויא צום ביישפיעל: „אונצופריעדענעם" אין דער שטילל צו ערמארדען, א בעליידיגטען „שרייער" אויף אייביג שטום צו מאכען, אדער פאר איינע געלונגענע מיטווירקונג, ווען עס האט זיך געהאנדעלט דיעזע אדער יענע מיידעל איהר אונשולד צו בערויבען מיט דעם גלענצענדען גראפענטיטעל בעלאהנען. אויף דיעזער וויזע זיינען צו יענער צייט ביים רוסישען האף, גראפען, באראנען און פירסטען, מיט איינמאך, וויא שוואמען פון דער ערד ארויסגעוואקסען. ניט נור גלענצענדע טיטלען האבען איינפאכע בויערן און געמיינע סאלדאטען בעקומען, דיא רוסישע הערשער פלעגען זיי אויך מיט

רייכע גיעטער און מיט גאַנצע טויזענדער לייב אייגענע (קערפּאָסטניא, פּאָדאַני) פאר זייערע „ארבייט“ בעשענקען.

אבער אזא גלאנץ און אזא פּראכט וויא דער קובענפּערקויפּער מענשיקאוו האט ביי פּיאטר וועליקים האָף עררייכט, האט נאך קיין קייזערליכער שפּיאָן און קיין פירסטליכער פּאקטאָר און אינטריגאנט עררייכט, ער איז פּיאטר'ס רעכטע האנד געווען, דער קייזער האט אהן אידם קיי זאך געטהאן, האט איהם זיינע וויכטיגסטע סודות פערטרויעט און דאס יך פון אידם געלאזט פיהרען ביים שטריקעל.

דורך זיין שעהנהייט און דורך זיין אנגענעהמע ערשיינונג איז ער באלד געווארען דער ליעבלינג פון אלע פּאָרנעהמע האפדאמען. מענשיקאוו איז געווען דער אָפענער און דער פערבארגענער וואונש פון אלע פערדארבענע פריילין'ס און פון אלע געזונקענע פרויען, וואס האבען זיך ארום געדרעהט ארום פּיאטר וועליקים האָף וויא דיא גלענצענדע פּלאנעטען אויף דעם הימעל, קיין פרוי און קיין פריילין האט איהם ניט געקענט וויעדערשטעהן און זייער טוגענד איז אין זיינער נעהע געשוואונדען וויא דער שנעע געגען דיא ווארמע שטראהלען פון דער פריהלינגסזאָננע.

אבער דעם געוועזענעם „קובענפּערקויפּער“ איז דאס נאך צו ווייניג געווען, דיא פּיעלע הויפענס ליעבע און צערטליכקייט, וואס דיא האפדאמען האבען איהם גערן אדער אונגערן געבראכט, האט זיין עהרגייץ און זיין אייגענליעבע נאך ניט בעפריעדיגט, איהם האט זיך געגלוסט דאס העכסטע, דאס ערהאבענסטע צו עררייכען. זיין בליק איז געפאלען אויף דיא יונגע קייזערין יעוודאָקיא און ער האט זיך בעשלאסען איהר גונסט, איהר ליעבע אויף יעדער ארט און וויזע צו ערווערבען. דיעזעס פערלאנגען האט געשטאמט פון צוויי פערשיעדענע אורזאכען: ערסטענס האט יעוודאָקיא אלס יונגע און שעהנע פרוי אויף זיין בעזעס הערץ איין טיעפען איינדרוק געמאכט און האט אין איהם דיא ניעדריגסטע געפיהלען אויפגעוועקט, צווייטענס האט ער געגלויבט דורך א ליעבעס־פערהעלטניס מיט דער רוסישער קייזערין,

נאך העבערע מאכט צו עררייכען און דורך איהר איינפלוס דעם גאנצען רוסישען האף איהם אונטערטהעניג צו מאכען.

אין א געוויסען אבענד אלס דיא קייזערין יעוודאקיא איז איינע אליין מיט איינער האנדארבייט אין איהר אבגעזאנדערטען צימּמער געזעסען, איז מענשיקאוו צו איהר אונגעמעלדעט און גאנץ אונער־ווארטעט אריינגעקומען.

גאנץ איבערראשט איז דיא יונגע קייזערין אויפגעשטאנען פון איהר זיטץ און מיט איין טאָהן, אין וועלכע פערוואונדערונג האט גע־קלונגען, האט זיא איהם געפרעגט:

— „וואס ווילסט דוא, מענשיקאוו? וויא קומסט דוא אהער?“

— „וואונדערט דאס דיך, מיינע ערהאבענע קייזערין?“ האט איהר דער לומפּ געענטפערט און א זיסער שמייכעל האט דערביי אויף זיינע רויטפּאָמאַדירטע ליפּען געשוועבט.

— „גאנצ געווים!“ האט זיך דיא קייזערין אפּגערופען און איין שטרענגער צוג האט זיך אויף איהר געזיכט געוויזען. „מיט וועלכען רעכט האסט דוא דאס געוואגט ניט גערופען און אונגעמעלדעט אין מיין צימער אריינצודרינגען?“

— „אה, מיינע ערהאבענע קייזערין!“ האט מענשיקאוו אויס־גערופען, „עס גיעבט איינע קראפט, וועלכע מיר שוואכע מענשען קענען ניט ווידערשטעהן, זיא בעהערשט אונז וויא צויבער און צווינגט אונז אזעלכע זאכען צו טהאן, וואס זיינען געגען אונזער ווילען און אונזער געזונדען פערשטאנד!“

— „רעדט דייטליכער! איך פערשטעה דיך ניט!“ האט זיך דיא קייזערין אפּגערופען.

— „מאיעסטעט!“ האט מענשיקאוו אויסגערופען און זיינע שטימע האט פון ברעננענדער ליידענשאפט געציטערט. „דוא ביזט איינע פרוי און אלס פרוי האסט דוא שוין געווים לאנג בעמערקט, וואס עס געהט פאר אין מיינען הערצען זייט איך לעבע היער ביים האף, זייט איך לעבע אין דיינער נעהע און אטהמע מיט דיר דיעזעלבע

לופט. אה, יעוודאָקיא! איך ליעבע דיך! איך ליעבע דיך מיט דיא גאנצע גלוטה מיינעם יונגען הערצענס! איך......“

איין העפטיגער שלאג אין געזיכט האט פלוצלונג זיינע הייססע ליעבעס־ערגיעסונגען אין רעכטען מיטען אבגעשניטען, מיט איין ווילדען געשריי פון איין העפטיגען שמערץ אין זיין פנים איז ער אפגעשפרונגען אהינטער און האט האסטיג צוגעמאכט זיינע אויגען, אלס ער האט זיך מיט שרעקען אומגעקוקט, האט ער דערזעהן דיא קייזערין מיט א בלאס געזיכט און מיט צארנ־בליטצענרע אויגען פאר איהם שטעהן. איהר רעכטע האנד איז געוועזן אויפגעהויבען אין דער הויך און איהרע פינגער האבען אומגעקלאמערט דעם גריף פון א לעדערנע קנוטע (נאגייקע) ערסט יעצט איז איהם קלאר געווארען, דאס זיא האט איהם דעם שלאג מיט דער קנוטע אין פנים פערזעצט און זיא איז בערייט עקזעקוציאָן צו האלטען.

— „האלט איין, דוא עלענדער!“ האט דיא ערציערנטע קייזערין מיט א דאָננערענדער שטימע אויסגערופען און האט דיא קנוטע דרא־הענד בעוועגט. „קיין ווארט מעהר, דוא בויערישער לומפ, אדער איך וועל דיר דיינע שורקישע קנאכען צערשלאגען! איז דיר נאך ניט גענוג, דאס דוא האסט מיין מאן אין דעם טיעפסטען זומפ פון שמוטץ און פון ניעדערטרעכטיגקייט פערזונקען, איז דיר נאך ניט גענוג דאס דוא האסט אלע זיינע מענשליכע געפיהלע געטעדטעט און האסט איהם געמאכט צום ווילדען טהיער, וואגסט דוא נאך מיר, דער קייזערין פון רוסלאנד, דיינע שמוטציגע ליעבע אנצובּיעטען?

איהר אויפגעהויבענע האנד איז קראפטלאז אראפגעזונקען, וואנקענד איז זיא צוריק צוגעגאנגען צו איהר פריהערדיגען פלאטץ, איז געפאלען אויף דעם שטוהל, אויף וועלכען זיא איז פריהער געזעסען און האט אויסגעבראכען אין א גרויס געוויין.

— „אה, מיין גאטט!“ האט זיא געיאָמערט, „מיר זאל אזא שאנדע, אזא שמאך טרעפען! איין איינפאכער בויער, וואס האט ערסט ניט לאנג ארומגעטראגען קוכען צום פערקויפען, זאל וואגען

א קייזערין אזוי טיעף צו בעליידינגען! איך, דיא געקרוינטע הערשערין, האב קיינע איינציגע טרייע האנד, וואס זאל מיך שיטצען פון דיא פרעכהייט פון איהרע איינענע אונטערטהאנען, קיין איינציגע זעעלע, וואס זאל מיר אין מיין עלענד ביישטעהן און דאך בענייידעט מיך א האלבע וועלט! דאך ווינשט זיך יעדע גליקליכע פרוי אין מיינער לאגע, אויף מיין שטעלע צו זיין. דיא בלינדע, דיא קורצזיכטיגע וועלט! זיא זעהט ניט דאס צערריסענע הערץ, וואס איך טראג אונטער דעם פורפורמאנטעל, זיא ווייסט ניט, וויא דיא ברילליאנטענע קראָנע דריקט מיין אונגליקליכען קאפּ!"

אייניגע מינוטען לאנג האט זיא פאר זיך אין דער שטיל געוויינט. פלוצלונג איז זיא וויא איינע גערייצטע טיגערין אויפגעשפּרונגען און זיך ווענדענדיג צו מענשיקאוו, וואס האט זיין בלוטיגען געזיכטען מיט א וויים טוך געווישט, האט זיא אויסגערופען:

— „נאך ביזט דוא היער, דוא עלענדער? געה אונד פערגיפטע ניט דיא ריינע לופט פון מיין צימער מיט דיין גיפטיגען אָטהעם, זאָנסט, שווער איך דיר ביי גאָטט, דאס דוא וועסט מיר דיעזע פרעכהייט מיט דיין לעבען בעצאהלען!"

מענשיקאָוו אבער איז ניט געוועזן פון דיא, וואס לאזען זיך שרעקען, האט ער איינמאָל געוואגט אזא שריטט צו מאכען איז ער גאנץ זיכער געוועזן, דאס אין שלימסטען פאלל קען איהם גאר נישט טרעפען. ער האט געוואוסט, וואס פאר א שטארקע שטיטצע ער האט אין דער פערזאָן פון דעם קייזער. דער קייזער איז ביי איהם געווען אין דיא הענד אונד ער וועט זיך גיכער ענטשליססען זיין ווייב, דיא קייזערין, וועלכע ער האט שוין לאנג אויפגעהערט צו ליעבען, צו פערליערען, אלס איהם זיין פערטרויען אונד ראטהגעבער. מיט שטאָלץ האט ער אויפגעהויבען זיין קאָפּ אונד מיט דיא פרעכהייט פון דיא אויפגעקומענע בויערן, האט ער דיא קייזערין געענטפערט:

— „גוט! איך נעהם אָן דעם קאמפּף צווישען אונזביידען. פון יעצט אָן זיינען מיר פיינדע אויף לעבען אונד טויט, אָבער עס איז

נאך א גרויסע פראגע, ווער פון אונזביידען וועט פאללען. געדיינק, יעוודאָקיא פיאָדראָוונא, אז דער שמיטץ אין מיין פנים מיט דער קנוטע, וועט דיר זייער טהייער קאָסטען!"

— „הינאוים שורקע!"—האט דיא קייזערין געשריען אונד איהר גאנצער קערפּער האט פון וואוטה געציטטערט וויא פון פיעבער— „איך וויל מיט פריידען אללעס ערטראגען, נאר דיין ניעדערטרעכטיגען פנים נישט צו זעהן!"

זיא איז ווידער געפאללען אויף איהר שטוהל אונד האט ווידער אויסגעבראָכען אין הייססע טהרערין.

— „איך געה, יעוודאָקיא פיאָדראָוונא" — האט מענשיקאָוו אויסגערופען אונד האט זיך געווענדעט צו טהיר — „אבער אייביג, אייביג וועסט דוא דיעזע שטונדע געדיינקען. דוא וועסט דיין נארישען שטאָלץ בערייען, אבער עס וועט שוין צו שפעט זיין!"

אין דיעזען מאָמענט האט זיך דיא טהיר געעפענט אונד פיאָטר ועליקי איז אריין געקומען אין צימער. אייניגע סעקונדען האט ער ביידען איבערראשט אָנגעקוקט אונד צו דער קייזערין זיך ווענדענדיג, האט ער זיא געפרעגט:

— „וואס איז געשעהן, יעוודאָקיא? וואס בעדייטען דיינע טהרערין?"

וויא עלעקטריזירט איז דיא יונגע קייזערין אויפגעשפּרונגען.

— „זיי בעדייטען, דאס איך בין ניט דיא קייזערין פון רוסלאנד, פאר וועלכע יעדע דארף מיט אכטונג אונד טיעפען רעספּעקט זיין קאָפּף בויגען!"—האט יעוודאָקיא מיט ציטטערענדע שטיממע אויסגערופען אונד איהרע אויגען האבען אין איין אונהיימליכען פייער געבליטצט—„זייא בעדייטען, דאס מען האלט מיך שוין ניט, צום וויינגסטען, פאר איינע אָרענטליכע פרויא, וועלכע קיין לומפּ אונד וויסטלינג דארף נישט וואגען מיט ליעבעסערקלערונגען צו בעליידיגען! זייא בעדייטען, דאס מאנכע שורקע, וויא צום ביישפּיעל: גראף מענשיקאָוו, האלט מיך פאר איינע פון יענע געזונקענע פרויען. מיט וועלכע

ער האט אזוי פיעל צו טהאָן, אונד דרינגט מיט גוואלד אין מיין צימֶמער אריין, אום פון מיר ליעבע צו פארדערן! אונד נון, מיין מאנן, מיין מאיעסטעטישער הערר אונד געביעטער, בעגרייפסט דוא יעצט אין וועלכען טיעפען אבגרונד דייגע זאָגענאננטע „פריינדע" אונד „פערטרויטע", האבען דיך געשטירצט? בעגרייפסט דוא שוין, וועלכען טייפלען דוא האסט דיין רוהם, דיינע עהרע אונד דיין קייזערליכע נאמען פערקויפט? דיינער א שקלאַפע, איין איינפאכער בויער, וואס האט ערסט ניט לאנג אין מאָסקווע ארום געטראגען קוכען פערקויפען, פערלאנגט, דאס פיאָטר וועליקים געזעטצליכע פרויא, דיא קייזערין פון רוססלאנד, זאלל זיין מעטרעססע (סאָדערזשאנקע) ווערן!"

וויא פערגליווערט איז פיאָטר געשטאנען אין מיטטען צימֶמער, זיינע אויגען זיינען מיט שרעקען אויף גראף מענשיקאָוו געריכטעט גיוועָן, אבער ער איז ניט אום שטאנדע גיוועָן איינציגעס וואָרט פון זיין מויל ארויס צו ברייננען.

— „וואס האסט דוא דארויף צו זאגען, מענשיקאָוו. — האט ער ענדליך מיט האלב ערשטיקטער שטיממע קוים ארויסגעשטאַמ־מעלט.

וויא איין בליטץ האט דיא פלעטצליכע ערשיינונג פון דעם קייזער אין דעם צימֶמער פון זיין פרויא דעם גראף מענשיקאָוו געטראָפ־פען. ער האט איהם צו דיעזער שטונדע דורכאויס ניט ערווארטעט, דען ער האט איהם מיט א שטונדע פריהער צו אייניגע אויסגעלאס־סענע פרויען אוועקגעפיהרט אונד האט גענלויבט, אז דער ליידענ־שאפטליבער קייזער וועט דארט צום וויינגסטען ביז נאך האלבע נאכט פערוויילען. אין ערסטען מאָמענט האט ער איינגעזעהען, דאס דיעזער שריטט קען איהם זיין לעבען קאָסטען אונד זיין ניעדריגע זעעלע איז פון שרעק צוזאממען געזונקען. אבער מענשיקאוו איז ניט געוועָן פון דיא, וואס לאזען זיך אהן איין קאמפף בעזיעגען. באלד האט ער זיין פאססונג צוריק בעקומען און מיט א שמייכעלע אויף זיינע ליפפען, האט ער דעם קייזער גאנץ געלאססען געענטפערט.

— „דוא פערגעסט מיך, וואס האב איך דארויף צו זאגען?
אה, מאיעסטעט! איך האב דארויף גאר נישט צו זאגען. איך מוז נאר בעוואונדערן דעם קינסטלערישען טאלאנט פון איהרער מאיעסטעט, דיא קייזערין פון רוססלאנד, אין טהעאטערשפיעל! דוא האסט געהערט מיט וועלכען פייער זיא האט איהר טהעאטראלישע רעדע געהאלטען, דוא האסט געזעהען וויא קונסטפאלל זיא האט ערסט דיא ראללע פון אבעליידיגטע פרויא, דיא ראללע פון דיא געקריינקטע אונשולד געשפיעלט, אונד דוא ועסט גאר ניט גלויבען, דאס דיזעלבע דראממאטישע קינסטלערין האט ערסט, מיט צעהן מינוט צוריק, פאר מיר געקניעט, אונד האט מיט הייססע טהרערין אין דיא אויגען בייא מיר ליעבע געבעטען!"

— „נאט!—האט דיא אונגליקליכע קייזערין אויסגערופען אונד איז וויא איין אונטערגעהאקטער בוים אויף איהר שטוהל געפאללען—„וואס הער איך? בין איך לעבעדיג, אדער טויט!"

„יא, מיין קייזער אונד געביעטער!—האט מענשיקאוו אין דעמזעלבען איראנישען טאן ווייטער גערעדט—„שוין לאנג פערפאלגט מיך דיינע פרוי מיט איהר ליעבע, איך האב פון איהר קיין בערוהטע מינוט, איבעראלל וואו זיא קען מיך טרעפען, מאכט זיא מיר דיא הייסעסטע ליעבעסערקלערונגען, זיא פערשפרעכט מיר דיא גלענצענדסטע צוקונפט, ווען איך זאלל איהר דיא פערברעכערישע ליעבע אננעהמען, אבער דוא ווייסט דאך, מאיעסטעט, וויא איך בין דיר טרייא! פאר דיין עהרע, פאר דיין נאמען, בין איך בערייט דעם לעטצטען טראפפען בלוט פון מיין הערצען אוועק צו געבען. דוא ווייסט אויך, דאס איך בין שוואך געגען פרויענשיינהייט, אבער מעג זיא זיך טויזענד מאל נאך שענער זיין, איך וויים מיינע פפליכט! שוין דער אומשטאנד אללייך דאס זיא איז דיינע פרויא, איז פאר מיר גענוג, איהרע ליעבעסערקלערונגען ניט צו הערען, איהר ליעבע ניט אנצונעהמען, פאר מיר איז זיא קיינע פרויא, זיא איז פאר מיר דיא קייזערין פון רוססלאנד, דיא ווייב פון מיין בעסטען פריינד אונד קייזער! דאס אללעס האב

איך איך איהר געזאגט בעפאר דוא ביזט געקומען אונד דער פאר
האט זיא מיר מיט דער קנוטע אין מיין געזיכט געשלאגען!“

ער האט זיך אבגעווענדעט אונד האט אנגעפאנגען צו וויינען.

— „אה!—האט דיא קייזערין וויא א געררייצטע טיגערין אויס־
גערופען אויפשפרינגענדיג אונד מיט דער קנוטע אין דער האנד האט
זיא זיך אויף מענשיקאוו געווארפען—„דוא זאללסט פון דאנען קיין
לעבעדיגער ניט ארויס געהן! איך וועל דיר.............“

אבער פיאטר האט איהר וויטהענד צוריק געשליידערט. שריי־
ענדיג אונד וויינענדיג איז זיא געפאללען צו דער ערד. א שטראם בלוט
האט פון איהר נאז אונד פון איהר מויל געפלייצט.

— „אונד דאס איז דיא הייליגע יעוודאקיא, דיא קייזערין פון
רוססלאנד!“— האט ער געשריען מיט דאננערשטיממע—„דאס איז
מיין פרומע וייב, וואס האלט מיר יעדע נאכט לאנגע דרשות איבער
זיטליכקייט אונד מאראל! אבער גענוג מענשיקאוו! הער אויף
וויינען! איך וויים וויא טרייא אונד ערגעבען דוא ביזט מיר. דוא
האסט מיר יעצט נאך איין מאל איבערציינט פון דיין גרענצלאזע
פריינדשאפט. איך וועל דיר דאס ניט פערגעסען! בייא דער ערשטער
געלעגענהייט, וועל איך דיר מיינע דאנקבארקייט בעווייזען! קום, לאמיר
געהן! אונד זייא זיכער, דאס זיא וועט איהר פערדיענטע שטראפע
ניט ענטגעהן!“

ער האט דעם גראף גענומען אונטערן ארם אונדביידע זייגען
פון צימער ארויסגעגאנגען.

דיא גאנצע נאכט הינדורך איז דיא אונגליקליכע קייזערין וויא
וואהנזיננינג ארום געלאפען אין איהר צימער, זיא האט זיך געריססען
איהרע האר פון קאפף, זיא האט זיך געביסען איהרע פינגער פון
פערצווייפלונג, ענדליך האט זיך דער מיטליידיגער גאטט פון שלאף
אויף איהר ערבארמט אונד האט איהר ארונטער גענומען אונטער
זיינע מילדע פליגלען.

עס איז פאקטיש בעוויזען געווארן, דאס דער קייזערליכער לומפ, פיאטר וועליקי, האט זייער גוט געוואוסט, אז דיעזער גאנצער סקאנדאל האט אין זיך קיין האר ווארהייט אונד דאס זיין ניעדערטרעכטיגער חבר, דער גראף מענשיקאוו האט שוין לאנג איין אייג געווארפען אויף זיין אונשולדיגע פרויא — אבער דיעזער סקאנדאל האט איהם זייער גוט געדיענט צו זיין פלאן פון דיא קייזערין איינמאל פאר אלע מאל פטור צו ווערין. וואלט ער ניט מורא געהאט פאר זיין מוטטער, דיא אלטע קייזערין, וואלט ער זיך מיט זיין פרוי אפגערעכענט „פא רוססקי“, אבער דיא אלטער קייזערין איז גיוועז דיא איינציגע בעשיטצערין פון איהר אונד זאלאנג נאטאליא קיריל‌אָוונא האט געלעבט, האט ער דאך ניט געוואגט דיא יונגע קייזערין אנצוגרייפען. ער האט איהר אפילו איינינע מאל געגעבען צו פערזוכען דעם טעם פון זיינע רוססיש קולאקעס, אפאר מאל האט ער איהר געחאפט בייא דיא האָר אונד ארומגעשלעפט אין צימער אהין אונד אהער, איינמאל זאגאר האט ער זיא אזוי שטארק געשלאגען, דאס זיא האט געמוזט פון פאללאסט אנטלויפען, אבער דיא אונגליקליכע קייזערין האט עס אללעס אין דער שטיל ערטראגען אונד האט זאגאר ניט געוואגט בייא דיא אלטע קייזערין זיך צו בעקלאגען.

אונטערדעססען האט מענשיקאוו אין דער שטילל געוועבט אללערליי פלאנען וויא זיך נוקם צו זיין אן דיא פערהאססטע קייזערין, וואס איז אזוי „אונהעפליך“ געוועזען אונד האט ניט געוואללט ווערין זיין מעטרעססע. ער האט זיך איין וואָרט געגעבען איהר פאר דיעזע „חוצפה“ הארט צו בעשטראפען.

פיאָטר אבער איז ש‏ין גיוועז א פרייער פויגעל. ער האט שוין פאר זיין ווייב קיין מורא געהאט אונד האט זיך צו זיינע לומפערייען אונד צו זיינע אויסשווייפונגען מיט געזונקענע פרויען גענומען מיט מעהר פרישקייט. ער האט געוואוסט, אז זיין פרויא וועט יעצט שוין ניט וואגען איהם פארווירפע צו מאכען, אויססערדעם האט ער געוואוסט, אז אין קורצען וועט ער פון איהר אין גאנצען פרייא ווערין.

נון איז פאר איהם דער גליקליכער טאג געקומען! אם 25 יאנואר 1694 איז זיין מוטטער נאטאליא קיריללאָוונא געשטארבען אונד פון דיעזען טאג אן האט ער שוין ניט געהאט פאר וועמען מורא צו האבען.

קוים האט זיך דיא ערד איבער איהר קערפער געשלאססען, איז זיין ערסטער גאנג געוועזען צו דער יונגער קייזערין, אום איהר מיט זיין ענטשלוסס בעקאננט צו מאכען.

— „מיר זיינען שוין דיינע צאנקערייען אונד דיינע פּאָרוואָרפע איבערדריססיג געווארען, יעוודאָקיא"—האט ער צו איהר מיט רויבער־רישער קאלטבליטיגקייט געזאגט—„איבערהויפט נאך פון אזא פרויא, וואס קען אזוי ניעדריג זינקען אונד זינדהאפטע ליעבעס צו שפיעלען הינטער איהר מאננס ריקקען, אונד דארום זיינען מיר פון נון אן אזוי גוט וויא געשיעדען אונד מיר געהערען ניט איינער צום אנדערן. דא בייא מיר אין מיינעם פּאַללאַסט איז שוין פאר דיר קיין פּלאַטץ נישטא, איך וועל דיר אין איין מאָנאסטיר (קלויסטער) נישט וויט פון מאסקעווע איינשליססען, וואו דוא וועסט דיינע לעצטע יאהרען פערלעבען!"

אונד דיא אונגליקליכע קייזערין איז דאנן קוים צוואנציג יאהר אלט געוועזען!

אבער דא האט דיא יונגע קייזערין איהר פערלארענעם מוטה אונד איהר ענערגיע וויעדער בעקומען. מיט דיא גאנצע קראפט פון איין פערצווייפעלטען איז זיא געגען דעם בארבאר אויפגעטרעטען, אונד האט איהם ערקלערט, דאס זיא וועט זיך בעססער לאזען אין שטיקער צערהאקען, אלס זיך לאזען איינשפּערען אין איין קלויסטער מיט האלבווילדע גלחים אונד מיט האלבוואהנזיננינגע נאננען.

אזא ענערגישען וויעדערשטאנד פון דער שוואכער אונד געבראָ־כענער קייזערין, האט פּיאָטר דורכאויס ניט ערווארטעט. ער האט געקריצט מיט דיא צייהן אונד האט דאך געמוזט שווייגען וויא א געשלאגענער הונד, וויל ער האט נאך אימער מורא געהאט פאר איין עפפענטליכען סקאנדאל.

ענדליך האט ער געקריגען דעם געזוכטען פּאַרוואנד, אום זיין

טייפלישען פלאן אויסצופיהרען אונד פאר דער וועלט צו בלייבען גירעכט.

אין מאסקווע האט עקסעסטירט איין מיליטערישער ארדען אונטער דעם נאמען: „סטריעלצי“ (סיססער), אדער קייזערליכע וואכע וועלכען דער רוססישער קייזערליכער מערדער איוואן גראָזני האט געגרינדעט. דיעזער ארדען האט דאמאלס געהאט 40,000 ביז 50,000 מיטגליעדער, דורכאוים יונגע לייט, וואס האבען בעדייטענד בעססערע רעכטע אונד פריווילעגיומס פין דיא איבריגע אונטערטהאנען געהאט, און וואס האבען דיא אלטע קייזערשטאט און איהר אומגעגענד דורך זייערע סקאנדאלען און מערדערייען ציטערן געמאכט. דיעזער אָרדען איז ענדליך מיד געווארען פיאָטרס אונטערדריקונגען און זיין בארבאַרישע הערשאפט צו טראגען און האבען געגען זיין רעגיערונג אין איינער עפענטליכען רעוואלוציאן אויסגעבראכען. זייער הויפטציעל איז גיוועזן דעם טיראנישען קייזער משלח צו זיין צו דיא הייליגע אבות און איין אנדערן ארויף צו זעצען אויף דעם „הייליגען“ טהראן. פיאָטר אבער האט זייא רעכטצייטיג בעזיעגט, איבער 2000 מאן פון זייא האט ער געלאזט אויסשטארבען דורך אללע ארבעה מיתות בית דין און האט דעם ארדען אויף אימער אויפגעלעזט.

דיעזען צופאל האט דער טירקישער גראף מענשיקאוו אויסגענוצט אום זיינע שרעקליכע נקמה אן דער יונגע קייזערין יעוודאָקיא פיאָדראָוונא אויס צו איבען.

ער איז געקומען צו דעם קייזער און האט איהם געמעלדעט, דאס זיינע פרויא דיא קייזערין, איז גיוועזן איינע הויפטאנפיהרערין אין דער פערשווערונג פון דיא „סטריעלצי“ און ער קען דאס בעווייזען מיט הונדערט כשרה עדות

דעם טיראן איז דיזע מעלדונג וויא זיסער מן פון הימעל ארופגעפאלען. ער האט ניט געפרעגט נאך מענשיקאווס „הונדערט כשרה עדות“, מענשיקאווס עדות אליין איז איהם גענוג גיוועזן. ער האט

גלייך געגעבען א בעפעהל זיין פרויא, דיא „רעוואלוציאנערין" צו ארעטירען.

מען האט דיא צוואנציג יעריגע אונגליקליכע קייזערין יעוודאָקא פיאָדראָוונא פערהאפטעט וויא א געמיינע פערברעכערין, מען האט איהר אריינגעזעצט אין א שווארצע ביידעל און אונטער שטארקער בעוואכונג פון רוססישע תלינים האט מען איהר געבראכט נאך דעם סוזדאלער מאָנאסטיר, ניט וייט פון מאסקווא, וואו מען האט איהר דיא האר אפגעשארען און אלס נאָנע, אונטער דעם נאמען העלענע איינגעשלאסען.

לאנגע טרויריגע און קוואלפאָלע יאהרען האט דיא אונגליקליכע קייזערין, אבגעריסען פון איהרע פאמיליע, אבגעשטארבען פון דער גאנצער וועלט, צווישען דיא שווארצע מויערן פון סוזדאלער קלויסטער פערלעבט!

פון יענעם טאג אן האט שוין פיאטר אין זיינע ווילדע ליידענשאפט און אין זיינע שרעקליכע אויסשווייפונגען קיין הינדערנים און קיינע גרענצען געוואוסט. דיעזער לומפ, וועלכען דיא רוסישע היסטאריקער האבען געקרוינט מיט דעם נאמען „וועליקי" (דער גרויסער), און וואס האט זיך געמאטערט רוסלאנד פון דעם בארבארישען גייסט צו רייניגען און איהר אפשווארצען מיט דיא שוהוואקס פון אייראפייאישע ציוויליזאציאן — איז אליין א פאלקאמענער בארבאר געוועזען, וואס האט זיינע נידריגסטע ליידענשאפטען ניעמאלס איינגעהאלטען און וועהרענד ער האט פאר דאס קליינסטע פערברעכען זיינע אונטערטהאנען מיט דעם טויט בעשטראפט, האט ער אליין געטאהן כל דבר אסור.

דיא הייליגקייט פון איין פרויענצימער האט ער ניעמאלס געאכטעט. א פרויענצימער איז פאר איהם געווען פונקט וואו אגעשמאקעס געריכט, וועלכע מען קען געניסען, ווען מען האט הונגער. פון דעם פירסט וולאדימיר פון קיעוו, דעם „הייליגען", ביז היינט, האט

נאך קיין געקרוינטער בעל־תאוה׳ניק אזוי פיעל פרויען ניט פערפיהרט, וויא פּיאטר וועליקי.

דיא אויסגעלאסענהייט און דיא געזונקענהייט פון דיא פרויען, וואס האבען געלעבט אם פיאטר וועליקים האף, איז געווען אזוי גרויס. דאס ער האט אימער גאר אהן מיה בעקומען דאס, וואס ער האט געזוכט. דיא געשיכטע האט אונז נאר איינציגען פאלל אויף צו ווייזען, וואו פּיאטר ועליקים נידריגע בעשטרעבונגען האבען קיין ערפאלג געהאט. נאר איינע איינציגע דאמע איז געווען, וואס האט איהם אויף זיינע זיסע תניפות גענטפערט: לא. מיט א בּאראדעווקע! אדער לא, מיט א קריינק אין קאפּף!

פיעלע מערדערייען און געוואלדטהאטען פון פערשיעדענע פער־זאנען, וואס האבען געלעבט אם פּיאטר וועליקים האף און זיינען דורך זייערע שענדליכע אויסגעלאסענהייטען גרויס געווארען, זיינען אין דעם לויף פון דער צייט בעגראבען און פערגעסען. נור איניגע נאמען פון זיינע פערפיהרטע פרויען זיינען אונז נאך געבליעבען.

אננא מאנס דע לא קרוא (איניגע היסטאריקער בעהויפּטען, אז זיא איז געווען דיא טאכטער פון איין שענקער אין ליעפלאנד, אנדערע דאגעגען בעווייזען, דאס זיא שטאמט פון איינער פארנעהמען אדעלס־פאמיליע פון האלאנד), איז געווען דיא איינציגע האפדאמע ביי פיאטר דעם ערסטען, וואס האט זיך ניט געלאזט פאנגען אין זיין נעטץ און אלע זיינע בעמיהונגען איהר צו פערפיהרען, האבען אבער קיין ערפאלג געהאט.

אלע היסטאָריקער און געשיכטע־שרייבער פון יענער צייט, בעצייכנען דיעזע אננא מאָנס, איינשטימיג, דאס זיא איז געווען איין מוסטער פון דער ווייבליכער מאָראליטעט און ריינער פרויענטוגענד.

פון דער נאטור מיט אלע איהרע שענסטע גאבען פערשווענדע־ריש אויסגעפוצט, האט דיא שעהנע אננא מיט איהר שולד אונד ליעבליבקייט אלע מענערהערצער בעזיעגט. עס איז דארום גאנץ נאטירליך, דאס פּיאטר האט אויף איהר איין אויג געווארפען אונד

וויא זיין מעטהאדע איז אימער אין אזעלכע זאכען געווען, האט ער איהר קורץ און בינדיג איינע ליעבעסערקלערונג געמאכט און אויפ־געפארדערט זיין געליעבטע צו ווערן.

אננא אבער האט זיך פאר דעם קייזערליכען וויסטלינג גאר ניט דערשראקען און האט איהם אויך קורץ און בינדיג ערקלערט, דאס זיא וועט זיך בעססער לאזען אין שטיקער צערשניידען, אלס אזא זינד צו בעגעהן.

פיאטר איז פון זיין קינדהייט אָן ניט געוועהנט געוועזען פון א פרויענצימער צוריק געוויזען צו זיין. אננאס ווידערשטאנד האט איהם איבערראשט אבער דורכאויס ניט ענטמוטהיגט. פערקעהרט, דיעזער ווידערשטאנד האט זיינע ווילדע ליידענשאפט צו דער שיינע אננא נאך מעהר אויפגעפלאקערט.

אללע זיינע קרעפטען האט ער אנגעווענדעט אום זיין ניעדער־טרעכטיגען ציעל צו עררייכען. וויא איין געמיינער שקלאף איז ער צו איהרע פיס געלעגען, האט געבעטען און געוויינט וויא א קליין קינד, האט איהר דיא גליקליכסטע צוקונפט פערשפּראכען, האט איהר א שיינע הויז אין פעטערסבורג געשיינקט, אבער אננא איז געבליבען בייא איהרע עהרליכע פּרינציפּען. מיט אייזערנער וויללענסקראפט האט זיא געגען דעם קעניגליכען יצר הרע געקעמפפט און האט איהם בעזיעגט.

אימער הייסער און הייסער האט זיין בלוט אין איהם געקאכט זיין פערלאנגען דיזע שיינע פרויא צו בעזיטצען, איז מיט יעדען טאג, מיט יעדער שטונדע שטארקער געווארען, איהר ווידערשטאנד האט איהם נאך מעהר געררייצט, ער האר איהר פערשפּראכען דיא קייזער־ליכע קרוין און ער איז ווירקליך ענטשלאסען געווען דיא איינפאכע אננא מאָנס אלס קייזערין פון רוסלאנד און אלס זיינע פרויא אויף דעם טהראָן צו זעטצען, אבער דיא ארדענטליכע אננא, וואס האט דאס בילד פון איין אנדערן מאן אין איהר הערצען געטראגען, האט

פון דעם קייזערליכען וויסטלינג און פון אלע זיינע גליקען ניט געוואלט הערן און זעהן.

זיא האט געליבט דען יונגען באראן קייזערלינג, וואס איז צו יענער צייט געווען פרייססישער געזאנדטער (אמבאסאדער) אין פעטערסבורג.

דער טירקישער גראף מענשיקאָוו האט געוואוסט וואס פאר א העלישער פייער עס ברענט אין פּיאטר'ס ברוסט צו דער שיינער אננא און וויל זיין הויפּטציעל איז געווען בייא דעם קייזער זיך צו יעדער צייט געפעליגסט צו מאכען, האט ער אין שטילען געארבייט און מיטגעווירקט דעם ליידענשאפטליכען קייזער אין דיעזער ליעבע אונטער צו שטיצען. איהם איז געלונגען איין בריעף צו בעקומען, אין וועלכען דיא שיינע אננא האט זיך בייא איהר געליעבטען, באראָן קייזערלינג, בעקלאגט, דאס דער קייזער פערפאלגט איהר אונאויפ= הערליך מיט זיין ליעבע אונד מענשיקאוו האט דיעזען בריעף, בייא איינעם האפבאלל, זייער געשיקט דעם קייזער אין דיא הענד אריין געשפּיעלט.

דיזע ענטדעקונג האט פּיאטר'ס ברענענדע ליעבע אין פלאמ= מענדען האס אומגעוואנדעלט.

מיט שוים אויף זיינע ליפּען און מיט בליצענדע אויגען פון צאָרן איז פּיאטר צוגעפלויגען צו דיא אננא מאָנס און האט זיא עפּפענטליך אויף דער שענדליכסטער ארט בעליידיגט און האט זאגאר פערלאנגט, זיא זאל איהם דאס הויז, וואס ער האט איהר געשענקט, צוריק אפּגעבען. זיא האט באלד צוריק אין איהר אייגענער וואהנונג אריין געצויגען און האט פון דעם פּארפאל איהר חתן קייזערלינג געמעלדעט.

קייזערלינג האט באלד איינגעזעהן אין וועלכע געפאהר זיין געליעבטע אננא שוועבט און איינמאל פאר אלע מאל פון דעם קיי= זערס פערפאלגונגען זיא צו בעפרייען, האט ער זיך בעשלאססען מיט איהר וואס צום גיכסטען חתונה צו האבען. מערקווירדיגער ווייזע

איז ער אייניגע טעג פאר דיא האבצייט קראנק געווארן און איז גע־שטארבען. דאך האט ער פאר זיין טויט צו זיך איין גייסטליכען געלאזט רופען און האט זיך מיט אננא געזעצליך געטרויט.

נון האט זיך פאר דיא אונגליקליכע אלמנה אנגעפאנגען אלעבען טויזענד מאל ערגער וויא אין גיהנום. דער קייזער האט איהר מיט זיין ביטטערן האס פערפאלגט אויף יעדען שריט און טריט, און זיא האט קיינע איינציגע זעלע געהאט, וואס זאל איהר געגען דיא רציחות פון דיזען ווילדען בארבאר שטיצען. ערסט אין צוואנציג יאהר ארום, ווען דער מאיעסטעטישער שורקע האט זיין שמוציגע זעלע אויסגע־הויכט, האט זיא דערלעבט א נקמה אן דיא פאמיליע ראמאנאוו.

דיא גרעסטע גלאנצראָלע אין פיאטר וועליקים ליעבשאפטען האט געשפיעלט דיא ליפלענדישע בויערין מארטהא, שפעטער קאטהארינא דיא ערסטע, דיא קייזערין פון רוסלאנד.

אין דער וועלטגעשיכטע געפינען מיר נישט א צווייטע פרויא, וואס איהר שיקזאל זאל זיין גלייך צו דעם שיקזאל פון דיזער ליפלענ־דער בויערין מארטהא, אדער קאטהארינא דיא ערסטע. זיא שטאמט פון דיא נידריגסטע קלאסע בויערין אין ליפלאנד און איז שטופענווייזע געקלעטערט אויף דעם שיקזאלס לייטער, ביז זיא האט עררייכט דעם העכסטען ציעל. אין איהר קינדהייט איז זיא געווען איין איינפאכע שקלאווין וויא איהרע עלטערן און איהרע גאנצע פאמיליע. דאן האט זיא חתונה געהאט מיט א פראָסטען שוועדישען סאָלדאט, פון דיזען איז זיא איבערגעגאנגען אין דיא הענד פאן צווייא רוסישע גענעראלען, מיט וועלכע זיא האט געפיהרט איין אויסגעלאסענעס לעבען, ביז פיאטר וועליקי האט זיא דערזעהן און האט זיא גענומען צו זיך פאר א מעטרעסע. ער האט אויסגעפונען אז זיא איז דיא בעסטע סוכנת פון אבישג השונמית אן און האט מיט איהר דער פאר חתונה געהאט אין דעם יאהר 1711. נאך זיין טויט איז זיא געווארען זעלבסטהער־שערין פון דער גרעסטען מדינה פון דער וועלט, דיא קייזערין פון רוסלאנד און אלס זיא איז נאך צווייא יעהריגער רעגיערונג איבער

רוסלאנד געשטארבען, האבען אלע קייזערליכע און קעניגליכע הויפען פון אייראפא טרויער אנגעלעגט אויף איניגע וואכען....

וויא געפעלט אייך דיא ציוויליזאציאן פון אכטצעהנטען יאהר־הונדערט? גאנץ אייראפא האט טרויער געטראגען נאך א פרוקא, וואס האט אומגעפעדעלט מיט „ליעבע“, וויא מיט אלטע הויזען!

אבער אויך נאך זיין חתונה מיט דיא בויערין מארטא, אדער עקאטהארינא, האט פיאטר וועליקי זיין אויסשווייפענדען לעבענס־וואנדעל ניט אויפגעהערט. אלע ווײלע האט ער בעקומען א נייע געליעבטע, א נייע מעטרעסע. פון דעם יאהר 1711 ביז זיין טויט 1725, האט דיא געשיכטע גאנצע פינף שטיס „דאמען“ אויף צו ווייזען, וואס האבען זיך מיט זיין פערליעבטעם הערץ געשפיעלט, וויא דיא קינדער מיט א גומי־באָל.

איינע פון דיא פינף „פעריל“ איז געווען א געוויסע „מאדאם“ טשערנישעוו, דיא פרויא פון דעם גענעראל־מאיאָר טשערנישעוו, וואס האט איהר שיינהייט און איהר זאגענאנטע „ליעבע“ פערקויפט צו יעדען מאנספערזאהן, וואס האט געקענט צאהלען דעם פרייז וואס זיא האט פערלאנגט. אויסער דעם קייזער פיאטר, האט זיא צו דער־זעלבען צייט געהאט נאך עטליכע וויסטלינגע, מיט וועלכע זיא האט גאנץ אפען געטריבען איהר שמוציגעס געשעפט.

איינע הימעלשרייענדע נידערטרעכטיגקייט איז דער געקרוינטער בארבאר בעגאנגען אן דעם פאטער פאן א יונגע האמבורגערין. אלס ער האט אים יאהרע 1716 צוזאמען מיט זיין מעטרעסע עקאטארינא האמבורג בעזוכט, האט ער דארט בעגעגנעט א יונגעס, בילדשיינעס מעדכען, דיא טאכטער פון איין לוטהעראנישען פאסטאָר. קוים האט ער זיא בעמערקט, איז ער שוין „איבער דיא אויערן“ אין איהר פערליעבט געווען און ער האט אנגעהויבען ארום איהר ארומטאנצען וויא דער פוקס ארום דעם בינטעל וויינטרויבען. דורך זיסע קאמפלי־מענטען און צויבערהאפטע שמייכעלייען איז איהם באלד געלונגען דאס יונגע הערץ פון דאס אונשולדיגע מעדכען אזוי וויים צו פערגיפטען

דאס זיא איז ווירקליך בערייט געוועזען זיין געליעבטע צו ווערען דער פאטער פון דאס מעדכען דאגעגען, האט אבער פון דעם ניט געוואלט הערן און זעהן, ער האט זיין טאכטער ניט געוואלט אפפערן דעם קייזערליכען שארלאטאן. וואס איז דא געווען צו מאכען? פיאטר איז נאר געוועזען א הונד אויף זיין אייגענעם הויף, דארט האט ער געקענט אויף יעדען אנפאלען, בילען וויא פיעל זיין הערץ האט געלוסט און בייסען יעדען איינציגען. וואס האט זיך איהם אין וועג געשטעלט. אבער אין האמבורג האט זיין הינדישע נאטור גאר ניט געקענט מאכען. ער האט געוויסט אז מיט בייזען וועט ער דא גאר ניט אויספיהרען, דארום האט ער אנגעפאנגען מיט גוטען. ער האט דען פאסטאר געמאכט א וויזיט און האט זיך צו איהם געווענדעט מיט פאלגענדע ווערטער:

— „מיך וואונדערט זייער, עהרווירדיגער הער פאסטאר, דאס איהר וויסט אזוי וועניג צו שעצען דאס גליק פון אייער טאכטער! ווייסט איהר דען ניט וואס עס הייסט דיא „פריינדין“ פון דעם מעכ־טיגסטען הערשער דער ערדע צו זיין? אזא גליק קען נאר איינע פון הונדערט מיליאָנען מעדכען ערוייכען!“—

— „ענטשולדיגט מיר, קייזערליכע מאיעסטעט!“—האט איהם דער בראווער פאסטאר גאנץ קאלט און גאר אָהן שרעק געענט־פערט—„איך ווייס דיזעס „גליק“ פאלקאמען צו שעצען. נאך אייערע פירסטליכע בעגריפע הייסט דאס „גליק“, נאך אונזערע איינפאכע מענשליכע בעגריפע, נאך דיא בעגריפע דער מענשליכער מאראליטעט, הייסט דאס „אונגליק“. דער מענש קען נאר דאן גליקליך זיין, ווען זיין געוויסען איז ריין, ווען זיין אונשולד איזט מיט דיא פלעקען פון נידריגע ליידענשאפטען ניט בעשמוצט. וועט דאס מיין טאכטער זיין, ווען זיא וועט איהר אונשולד פאר דעם פרייז פון א קורצעם גליק פערקויפען? וויא לאנג וועט דיזעס גליק דויערן? נאכדעם וויא איהר וועט אייערע קערפערליכע תאוה׳ס מיט איהר שיינהייט בעפריע־

דיגען, וועט איהר זיא אוועק ווארפען, וויא מען וואַרפט אוועק אַן אלטעס אפּגעטראגענעס קלייד!"—

— „איהר זייט איין פאַנאטיקער, איהר זייט איין הארטהערציגער פאטער, הער פאסטאר!"—האט דער אויסוואורף אויסגערופען און האט זיין צארן פערביסען— „אייער טאכטער קען דיא העכסטע שטופע פון גליק, פון רייכטהום, פאן הערשאפטען ערייכען און איהר שטערט עס"—

— „דורכאויס ניט, מאיעסטעט!"—האט איהם דער פאסטאר מיט דיזעלבע קאלטבליטיגקייט פון פריהער געענטפערט — „מיין גאנצעס שטרעבען, מיין גאנץ שאפען און ווירקען ציעלען נאר דאהין, מיין קינד גליקליך וויא נאר מעגליך צו מאכען און דארום מאך איך אייער קייזערליכע מאיעסטעט דעם פארשלאג, אייער יעצטיגע מעטרעסע, דיא בויערין מארטהא, אדער עקאטארינא, פון אייער הויז ארויס צו יאגען און מיט מיין טאכטער חתונה צו האבען נאך דיא געזעטצע פון אונזער רעליגיאן; דאמיט זיא זאל אייער געזעטצליכע פרויא פאר גאט און פאר דיא לייטען ווערן. דאס איז דער איינציגער מיטטעל, דורך וועלכען איהר קענט מיין טאכטער בעקומען, קיין אנדערער גיבט עס ניט!"—

דער מאיעסטעטישער לומפּ האט געציטערט פאר צארן, ער האט זיינע ליפען ביז בלוט געביסען, אבער זיין ברענענדע ליידענשאפט איז שטארקער פון זיין צארן געוועזן. ער האט זיך ענטשלאסען דעם פאסטארס פארשלאג אנצונעהמען. ער האט געלאזט אלע נויטהיגע דאקומענטען פערשאפען און האט זיין חתונה מיט דעם פאסטארס טאכטער מיט גרויס פאראדע געפייערט.

נאר איין איינציגע נאכט האט ער מיט דיא אונשולדיגע פאסטארס טאכטער געלעבט. אויף מארגען האט ער איהר מיט טויזענד דוקאטען פאר דיא נאכט בעצאהלט און האט זיא צו איהר פאטער צוריק אבגעשיקט. דיא דאקומענטען האט ער מיט גרויזאמער געוואלט פון דעם פאסטאר צוריק בעקומען.

נאך איינע, א געליעבטע פון פיאטר וועליקי, איז געווען א געוויסע אננא איוואנאָווגא קראמער, דיא טאכטער פון א קויפמאן אין נארווא. אלס דיא רוסען האבען נארווא ערא־בערט, האבען איהר דיא סאלדאטען געפאנגען גענומען און האבען זיא נאך קאזאן בייא דער וואלגא פערשלקפט. דארט איז זיא ד א געליעבטע פון דעם רוסישע גענעראל באלק געווארען. דיעזער האט איהר געבראכט נאך פעטערסבורג און האט איהר אלס קאמערייונגפרוי בייא דער האפ־פריילין האמילטאן אנגעשטעללט.

בייא דער פריילין האמילטאן האט איהר דער קייזער צום ערסטען מאל געזעהן. זיין פראקטישער בליק אין אזעלכע ענינים ,האט באלד אויסגעפונען, אז דאס איז ווידער איינע פון דיא, וואס ער האט ליעב ווי דער שמש פון חברה קדישא א גלעזיל שנאפס מיט א פערטיל גאנז, און ער האט זיך פארגענומען זיא צו בעזיטצען.

פון יענעם טאג אן איז ער געווארען איין אפטער גאסט בייא דער פריילין האמילטאן און ער האט געוואוסט אזוי איינצוריכטען, דאס דיא יונגע קראמער האט אימער דערבייא געמוזט זיין. זיא, פון איהר זייט, האט אלע מיטלען פון איהר אנגעבארענע קאקעטעריע אנגעווענדעט, אום דעם ליעבהאבער פון זיסע נאשערייען אלס מעהר און מעהר געפעלען צו ווערען.

אום מיט דיעזער נייע געליעבטע פרייער צו פערקעהרען, האט ער איהר געגעבען א שטעלע אין זיין פאלאסט.

דיעזע קראמער האט זיין „פריינדשאפט“ לייננער גענאססען פון אלע זיינע געליעבטע, אויך האט ער איהר זיין פאלעם פערטרויען געשיינקט. זיא איז געווען איינע פון דיא ווענינע, וואס האבען דעם סוד פון דעם קראנפרינצענס אלעקסייא ערמארדונג געוואוסט. נאכ־דעם וויא דער גענעראל ווייווע האט אויף פיאטרס בעפעהל דעם קראנפרינץ אלעקסייא דעם קאפף אבגעהאקט, האט דער קייזער זיין מעטרעסע אננא קראמער אריינגעפיהרט אין דעם צימער, וואו דער טויטער קערפער פון דעם פרינץ איז געלעגען. מיט מערדערישער

קאלטבלוטיגקייט האט דיעזע געזונקענע פרויא דעם אבגעהאקטען קאפף צוריק צו דעם קערפּער צוגענייט, האט איהם אָנגעטאָהן ריינע קליידער און האט דיא לייבע אויסגעפּוצט, דאמיט מען זאל עס קענען אויסשטעלען אין דער קירכע פאר דעם פּובליקום, וואס האט פון דיעזען מאָרד ניט געוואוסט.

דאס פריילין האמילטאן איז אויך זיינע א געליעבטע געווען און האט פון איהם א קינד געבארען.

פיאטרס נייגונגען האבען זיך אבער שנעל וויא דער וועטטער געביטען און באלד האט ער דיא האמילטאן פערלאזען. זיא האט איהם ביטערע פארווירפע געמאכט, אבער ער האט זיא געהערט, וויא א קורסקער פוינע הערט תקיעות.

אום זיך נוקם צו זיין אן דעם פאלשען געליעבטען, האט זיא דאס קינד, וועלכע זיא האט פאן איהם געהאט, ערמארדעט, ווייל זיא האט געוואוסט, דאס ער ליעבט דאס קינד זייער שטארק. פיאטר איז אבער אויך ניט געווען קיין „יעקעלע נאר" און אום איהר צו בעווייזען, אז דיא פראפעסיאן פון „מארדען" פערשטעהט ער בעססער פון איהר, האט ער איהר געלאזט דעם קאפף אבהאקען און האט דיעזען קאפף אוועק געשיקט אין דער אקאדעמיע דער וויסענ־שאפטען, מיט דעם בעפעהל איהם גוט צו פערוואהרען.

וויא געפעללט דיר, מיין פריינדליכער לעזער אזא שיינע פאָר פּאָלק ?

עטוואכ שפּעטער האט דיזער קאפף בעקומען דיא געזעלשאפט פון א שיינעם מעננערקאפף......

דיעזע אלע ליעבשאפטען זיינען אבער דאך ניט מעהר וואי פארבייגעהענדע לײדענשאפטען געווען, און עקאטארינא האט זייא מיט א געוויסע גלייכגילטיגקייט בעטראכט. עקאטארינא, פיאטרס פאטענטירטע מעטרעסע און צוקינפטיגע קייזערין פון רוסלאנד, האט איהם אין זיינע אויסגעלאסענהייטען דורכאויס ניט געשטערט, זיא האט גאנץ גוט געקענט זיין פע־דארבענען חאראקטער און האט

געוואוסט, דאס נאכדעם וויא ער וועט זיך זאט אנשפּיעלען מיט דיעזע אדער יענע געזונקענע פרויא, וויא דיא קאטץ מיט דיא מויז, וועט ער זיא אוועק ווארפען און וועט צו איהר ווידער קעהרען.

נאר פאר איינע פון דיא ששים רבוא געזונקענע פרויען, מיט וועלכע פּיאטר האט צו טאהן געהאט, האט עקאטארינא שטארק מורא געהאט, פאר דיא לעצטע געליעבטע זיינע. דאס איז געווען דיא יונגע פּרינצעסין קאנטעמיר, צו וועלכער דער קייזערליכער כל־בו׳ניק האט אין זיינע לעצטע לעבענסיאהרען דיא שטארקסטע ליידענשאפט געוויזען.

דיא פּרינצעססין קאנטעמיר האט געגאלטען פאר דיא שענסטע פרויא אין איהר צייט, און פּיאטר איז אין איהר אזוי שטארק פערליבט געווען, דאס איהר צו געפאלען, האט ער זאגאר געוואלט זיין פאטענ־טירטע „געליעבטע“ עקאטהארינא פערשטויסען. נאך שטארקער איז זיין נייגונג צו דער פּרינצעסין קאנטעמיר געווארען, אלס זיא האט איהם דיא גוטע בשורה אנגעזאגט, דאס זיא רעכענט זיך אין קורצען מיט מזל מוטער צו ווערען.

וואו קריגען מיר אזא געשיקטען בעל חשבון, וואס זאל אונז קענען צוזאממען רעכענען דיא גרויסע צאהל בנים ובנות פון פּיאטער „וועליקי“ ?

צו עקאטארינעס גליק האט דיא פּרינצעסין קאנטעמיר א טויטע קינד געבארען און פּיאָטער איז איבער דעם אויף זיין געליעבטע אזוי בייז געווארען, דאס ער האט איהר ארויסגעיאגט און האט עקאטארינען צוריק אויף איהר פּלאטץ גענוממען. דיעזע האט דיא פריהערדיגע הערשאפט צוריק בעקומען און האט אזוי וויים געבראכט דאס ער האט זיא געלאזט קריינען און האט איהר צו זיין נאכפאל־גערין בעשטימט, קוים אבער האט דיא געוועזענע מושזיצקע פון ליפלאנד דיעזען גראד פון הערשאפט עררייכט, האט זיא דיא מאסקע פון איהר געזיכט אין גאנצען ארונטער גענומען און האט איהר אויס־

געלאסענעס לעבען שוין גאנץ אָפען געטריעבען. באלד נאכדעם האט פיאָטר איהר ליעבשאפט צו דעם קאמערהערר מאָנס ערפאהרען.

פיאטר האט זיך צוגעקליבען אן זיין געזונקענע ווייב זיך נקם צו זיין, צו דיזעם צוועק האט ער מיט דיא פערשטויסענע פרינצעסין קאנטעמיר שלום געשלאסען און האט איהר זיין פריהערדיגע ליעבע צוריק צוגעווענדעט.

ער איז שוין ענטשלאסען געוועזען עקאטרינען א פוהר מיט א גלעקיל צו געבען און דיא פרינצעסין קאנטעמיר צו הייראטען.

אבער דא האט ער בעקומען א הויכען און א פאָרנעהמען בעזוך פון איין אויסלענדישען בעאמטען, וועלכען ער האט געמוזט איין אודיענץ געבען, און איבער דיזען בעזוך, איז זיין חתונה מיט דיא פרינצעסין קאנטעמיר אפגעלייגט געווארען אויף איינע אונבעשטימטע צייט.

דיעזער אויסלענדישער בעאמטער איז קיין אנדערער געוועז, אלס דער אלטער פעטער מיסטער מלאך המות. ער האט דעם צדיק א קוס געגעבען מיט זיינע אייזקאלטע ליפען און האט איהם מיטגע־נומען מיט זיך. אום זיין נשמה אוועק צו זעצען אויף דעם פלאץ וואו עס לייכטען דיא נשמות פון אלע צדיקים.

העפט פרייז 1 סענט.

# פעטער דער גרויסער

א היסטארישער ראמאן פון

## מ. זייפערט.



ПЕТРЪ ВЕЛИКІЙ

פערלאג פאן

קאנטראוויץ אונד קאצענעלענבאגען,

35 לודלאו סטריט, נויארק.

דרוק פאן קרוגער אונד ליפשיץ,




173 איסט בראדוויא, נויארק.

# געהיימע ליבעס פון עקאטהארינא דיא ערשטע.

(מערקווירדיגער לעבענסוואנדעל פון עקאטהארינא דיא ערשטע — איהר ערשטער געליעבטער — איהר ערשטער מאן — איהר געליעבטער שע־מעטיעוו — איהר געליעבטער מענשיקאוו— איחר ערשטע ליעבע מיט פיאָטר וועליקי — אלערלייא עפיזאָדען אויס איהר אויסגעלאססענעם לעבען—).

---

עקאטהערינא דיא ערשטע איז אין איהר ארט געווען א פאלקא־מענהייט דער מענשהייט, זיא האט בעזעסען אלע יונגע זעלטענע איינענשאפטען, וואס א מענש דארף האבען, אום זיך פון נידריגסטען שטאנד צו דער העכסטער שטופע פון מענשליכעם גליק ארויף צו ארבייטען, דורך צופאל אליין וואלט זיא צו איהר גרויסקייט און צו איהר רוהם ניעמאלס עררייכען.

אין דער וועלגעשיכטע געפינען מיר ניט נאך א צווייטע פרויא, וואס האט זיך אזוי הויך ארויף געארבייט וויא דיזע טיעף געזונקענע און פערדארבענע פרויא.

אויסער איהר שיינהייט, וואס האט וויא א שטארקער צויבער ארום זיך געווירקט און האט אלע מענגעהערצען אין העלישע פלאמען אנגעצונדען, האט זיא נאך בעזעסען אנדערע נאטירליכע מעלות. איבערהויפט איז זיא בעקאנט געווען מיט איהר גרויסע קלייהייט אין דיא שווערסטע מאמענטען פון לעבען און מיט איהר אונגעוועהנליכע ענערגיע, מיט וועלכע זיא האט איהר וועג געבראכען טריט פאר טריט צו איהר ערהאבענען ציעל. עס גיבט שווערינע מאמענטע אים לעבען אין אזעלכע שטערענדע צופעלע, ווען דער שטרעבזאמער מענש זעהט איין, דאס ער קען מיט דיזע מאמענטען און צופעלע ניט קעמפפען, ער פערלירט זיין מוטה און ענערגיע, מיט וועלכע ער האט דעם קאמפף אנגעפאנגען און קעהרט זיך אום פון מיטען וועג, עקאטהערניא

אבער האט אין אזעלכע מאמענטען איהר מוטה און איהר ענערגיע קיינמאל ניט פערלארען, גראדע פערקעהרט, דיא שוויעריגקייטען און דיא שטערונגען האבען איהר מוטה און איהר ענערגיע נאך מעהר געשטארקט, איהר ווילענסקראפט נאך מעהר גערייצט, איהר וואהל-שפרוך איז געוועזען: בויגען אדער ברעכען! זיעגען אדער פאלען!

צוזאממען מיט פערדארבענהייט, געזונקענהייט און טיעפסטע אויסגעלאסענהייט, האט אין איהר געלעבט איין גייסט פון דוד המלך, פון יוליוס צעזאר און פון נאפאלעאן באנאפארטע, אויך זיא, וויא דיזע דריי העלדען דער מענשהייט, האט נאר דורך איהר איבערנאטירליכע ווילענסקראפט און דורך איהר זעלטענע ענערגיע דעם גרעסטען טהראן פון דער וועלט ערוואָרבען.

אבער ווען מיר בעטראכטען עטוואס גענויער דיזע פרוי, דאן געפינען מיר אויף איהר וואונדערגעשטאלט דיא שמוציגסטע פלעקען, פערפאלגט מען טריט פאר טריט דעם גאנצען לעבענסגאנג פון דיזער שטאלצע קייזערין פון איהר פריהעסטען יוגענד אן ביז איהר קבר, בעפאלט אונז איין געפיהל פון שרעקען און פון עקעל. פערדארבענהייט, נאר דיא נידריגסטע וויבליכע פערדארבענהייט האט איהר אויף דעם גלענצענדען טהראן געזעצט.

וואלטער, דער בעריהמטער פראנצייזישער געלעהרטער, האט פון איהר געזאגט: „עקאטערינא האט אין איהר גאנצעס לעבען ניט געוואוסט, וואס הייסט פרויענטוגענד, דיא מדה פון שעהמען זיך, איז איהר אין גאנצען פרעמד געוועזען“.

עקאטהערינא איז דיא טאכטער פון ליטווישע פאדראנעס (לייבאייגענע שקלאפען). איהר פאטער סאמועל האט געדיענט אויף דעם גוט פון דעם פאלנישען עדעלמאן סאפיענא.

אום זיך דיא שרעקליכע שקלאפעריי צו ענטציעהען, איז סאמועל מיט זיין פרוי פון ליטא נאך דארפאט, אין ליפלאנד, אנטלאפען גע-ווארען. דארט זיינען איהם זיין זוהן קארל און זיינע דריי טעכטער כריסטינא, אננא און מארטהא געבארען געווארען. מארטהא (דיא

שפּעטערדיגע קייזערין עקאטהערינא דיא ערשטע), איז אם 16 אפּריל 1686 געבארען געווארען.

דיא קאטהאָלישע עלטערן האבען זייערע קינדער אין דעם קאטהאָלישען גלויבען ערצאגען.

צו יענער צייט האט אין דארפאט איינע שרעקליכע פּעסט אויס־געבראכען און טויזענדער מענשען זיינען וויא שוואבע פליגען געפאלען. דער בויער סאמועל איז מיט זיין ווייב און קינדער פון דארפאט נאך מאריענבורג, א קליין שטעדטיל אין ווענדענשען קרייז (אויעזד) אנ־טלאפען געווארען. דיא פּעסט האט איהם אבער ביז מאריענבורג נאכגעיאגט און האט איהם מיט זיין ווייב געמאכט פאר בירגער פון יענער וועלט.

מיטליידיגע מענשען האבען דיא יתומים צוגענומען און האבען זיי שטעלען אלס דיענסטלייט געגעבען. דער פּאסטאר (גלח) פון שטעטיל האט דיא קליינע מארטהא צו זיך אלס דיענסטמיידיל גענומען. עס האט אבער ניט לאנג געדויערט אין דער פּאסטאר מיט זיינע גאנצע פאמיליע זיינען פון דער שרעקליכער פּעסט אומגעקומען, נאר דיא קליינע דיענסטמיידיל מארטהא איז, וויא דורך וואונדער לעבען געבליבען.

אלס דער פּראָבסט (הויפּט גלח) גליק, וואס האט געוואהנט אין דינאמינדע, ניט וויט פון ריגא, האט פון דיזעס אונגליק ערפאה־רען, איז ער נאך מאריענבורג געקומען אום דיא קראנקע בירגער פון שטעדטיל מיט ראטה או טהאט בייא צו שטעהען. זיין ערשטער גאנג איז געווען אין דאס הויז פון דעם פערשטארבענען פּאסטאר, און וויא איבערראשט איז ער געווארען, אלס ער האט דארט צווישען דיא לייבען דיא קליינע מארטהא פריש און געזונד געפונען.

קוים האט דיא קליינע מארטהא דעם פּראבסט ערבליקט, איז זיא צו איהם צוגעלאפען, האט איהם געהאפּט בייא דיא פּאָלעס פון זיין ראק און וויינענדיג האט זיא אויסגערופען;

— „אָ, האט רחמנות מיט מיר, הייליגער פאטער! רעטעט מיך!
איך בין הונגעריג! איך האב שוין אזוי לאנג ניט געגעסען! —

זיא האט איהם ניט אבגעלאזען, ביז ער האט איהר ניט געגעבען צו עסען און צו טרינקען.

דיא קליינע אונגליקליכע מארטהא האט זיין גוטעס הערץ מיט מיטלייד ערפילט, און אלס ער האט ערפאהרען, דאס זיא האט קיינע עלטערן און קיינע פריינד, האט ער איהר צו זיך אין זיין הויז גענומען.

דער פראבסט גליק איז אין מאריענבורג פאסטאר געווארען, אויף דער שטעלע פון דעם פערשטארבענעם פאסטאר.

זיין פרוי האט דעם קליינעם גאסט מיט איין אונצופריעדענע מיענע מקבל פנים געוועזן און האט צו איהר מאן זייער פערדריסליך געזאגט:

— „מיר האבען גאנץ גענוג אייגענע מיילער, צו וואס ברייננסט דוא נאך איין אומזיסטען פרעסער אין אונזער הויז?" —

אויף דיזער ארט האט זיך אנגעפאנגען דער לעבענסוואנדעל פון דיא צוקינפטיגע קייזערין!......

גלייך וויא דיא קליינע מארטהא איז שוין אים שטאנדע געוועזן צו ארבייטען האט איהר דיא מאדאם גליק געגעבען דיא שטעלע פון א דיענסטמויד אין איהר הויז. מארטהא אבער האט זיך אויף דיזער שטעלע געהאלטען מיט איין געוויסען שטאלץ און איהרע חבר'טעס האבען פאר איהר רעספעקט געהאט און האבען איהר בעטראכט וויא איינע קעניגין פון אלע דיעסטמוידען.

פון טאג צו טאג האט זיך איהר שיינהייט אלס מעהר ענטוויקעלט, מיט בעוואונדערונג האבען איהר אלע יונגע לייט פון שטעדטיל און פון דער אומגעגענד בעטראכט און עס איז גאר קיין וואונדער, דאס דעם פאסטארס זוהן האט זיך אין איהר פערליעבט מיט לייב און לעבען, מיט שיך און זאקען.

מיט גאנץ אנדערע אויגען האבען איהר דעם פאסטערס טעכטער בעטראכט. זיי האבען איהר זעלטענע שיינהייט מקנא געוועזן, האבען

איהר אויף דאס ביטערסטע פערפאלגט און האבען איהר ביי יעדער געלעגענהייט געלאזט פיהלען, אז זיא איז ניט מעהר, ניט וויניגער, וויא א פראסטע דיענסטמויד.

האבען זייא דען געקענט וויסען, אז דיזע דיענסטמויד, וועט מיט א פאר צעהנדליג יאהר שפעטער זיטצען אויף דעם גרעסטען טהראָן פון דער וועלט? זיי האבען איהר געפאטשט און אומגעשלעפט פאר דיא האר און האבען ניט געוואוסט, אז זיי בעליידיגען זייער אייגענע קייזערין!

אבער וואס מעהר דעם פאסטארס טעכטער האבען איהר פער־פאלגט און בעליידיגט, דעסטאָ מעהר איז זייער ברידערס ליעבע און ליידענשאפט צו דיא פערפאלגטע און בעליידיגטע יתומה געווארען. ער האט אלע זיינע קרעפטען אנגעווענדעט, אום דאס געליעבטע מעדכען צו שיטצען, צו בעשירמען.

מאנאטען און יאהרען זיינען פערגאנגען. מארטהא איז איממער שענער, אימער רייצענדער געווארען, זיא האט געבליהט וויא א יונגע ראזע אין איהרע הערליכסטע פארבען, זיא האט דיא גאנצע וועלט בעצויבערט, זיא האט יעדעס הערץ וויא איין העלד אין שטורם ער־אָבערט, טויזענדער ליבהאבער זיינען פאר איהר אויף דיא קניע גע־שטאנען און האבען ביי איהר אום איין ווארעמען בליק געבעטעלט, און ווידער טויזענדע האבען אויף זייערע נאכטלאגערס געזיפצט און געיאמערט פון ווילדער ליידענשאפט צו דיזער צויבערין, דער יונגער פאסטארס זוהן איז שוין פון הייסע ליבע און פון פייעריגער ליידענ־שאפט גאר צו איין ראסטביף צוזאמען געבאקען געווארען, אבער ער איז צופריעדען געוועזן, דען דיא שיינע מארטהא האט שוין ביסלעכווייז אנגעהויבען זיין ליידענשאפט צו בעפרידיגען. זיא האט איינגעזעהען, אז דיא נאטור האט איהר צו פיעל געגעבען, ווארום זאל זיא שפאר־זאם זיין מיט דעם, וואס עס קאסט איהר גאר ניט? זאלען טאקי גוטע און פרומע לייט אויף געניסען!

דער פראבסט און זיין פרוי האבען באלד ערפאהרען וואס צווי־

שען זייער זוהן און דער שיינער דיענסטמויד פארגעהט און א טויט־שרעקעניש איז זייא בעפאלען. וואס הויבט מען אן צו טאהן צו אזא אונגליק? האבען זיי זיך געטראכט, וואס וועט זיין אז זייער זוהן, וואס איז אזא מיוחס וואס האט אויפצואווייזען יחוס־בריעף ביז דעם הייליגען אפאסטעל פיאטער, יעזוס קריסטוסעס א פליגעל אדיוטאנט וואס האלט אין זיין האנד דעם שליסעל פון הימעל און האט רעכט אריין צו געהען צו דעם רבונו של עולם אין קאבינעט גאר אָהן א דאָקלאד (אונגעמעלדערהייט) — וועט פערשוועכען זיין כהונה און וועט חס וחלילה חתונה האבען מיט דיא שיינע מארטהא, וואס איז בעונותינו הרבים ניט מעהר וויא דיא טאכטער פון א פראסטען בויער.

— „וועה צו מיר!“ — האט דיא פאסטארין געשריען — „וועט דאס געשעהען, וועט זיך מיין פאטער עפּעס א מעשה אנטהאן אין זיין קבר!“ —

— „און צו מיר וועט יעזוס קריסטוס קומען אין שלאף און וועט מיך דערשטיקען!“ — האט דער ארמער פאסטאר געיאמערט און האט זיך דערביי אמאל זעקס הונדערט איבער געצייילעמט.—

דעם אלטע פּאר פאלק האט אנגעהויבען צו שלייפען זייערע מוחות און זוכען פלאנען וויא דיא ביטערע גזרה מבטל צו זיין. זייא האבען געזוכט און געזוכט, געטראכט און געטראכט, געקלעהרט און געקלעהרט, ביז זיי זיינען געפאלען אויף דעם פלאַן דיא דיענסטמויד חתונה צו מאכען מיט איין אנדערן. אבער מיט וועמען? בעלנים זיינען אפילו געווען אזוי פיעל וויא לעבער אין א רעשעטע, ווארום ווער האט דאס ניט געוואלט בעזיטצען אזא אוצר וויא דיא שיינע מארטהא? אבער דיא פראגע איז: צו וועט זיא וועלען? עס קען זעהר לייכט זיין, אז זיא וועט זיך אוועק שטעלען ביים אלף און וועט א זאג טאהן לא מיט א שלשלת, וואס טהוט מען דאן?

אבער דערזעלביגער גאטט, וואס האט פארצייטען רחב הזונה געהאלפען פון טיטוס הרשע, וואס האט צוגעשיקט מרים הנביאה ארוים צו ראטעווען האַלאַפערנוסען פון לבן הארמי׳ס הענד, וואס

האט יוסף הצדיק פערציג יאהר געשפייט מיט מן אין דעם מדבר און וואס האט שמשון הגבור געגעבען כח ער זאל דערטרינקען יחזקאל הנביא מיט אלע מצריים אין דעם ים־סוף — דערזעלביגער גאטט האט אויך דערהערט דיא פיין פון דעם אונגליקליכען פאסטאר מיט זיין ווייב אין מאריענבורג און האט זיי פון זיין כסא הכבוד צוגעשיקט א רפואה שלמה צו זייער מכה.

אין מאריענבורג האט זיך צו יענער צייט בעזעצט א יונגער שווידישער סאלדאט, מיט דעם נאמען יאהאן און גלייך וויא ער האט דיא זעכצעניעהריגע מארטהא דערזעהען, האט ער זיך אין איהר „שטערבליך" פערליעבט. ניט נאר ער אליין איז פון איהר שיינהייט געחאפט געווארען, אפילו זיין ביקס און שווערד, דיא פאדקעווע פון זיינע סאלדאטסקע שטיוועל, האבען זיך אין איהר ביז איבער דיא אויערן פערליעבט.

דיא שיינע מארטהא, וואס האט אימער שטארק געהאלטען פון דעם פילאזאפישען „טובים השנים מן האחד", בעסער צוויי פון איינעם האט באלד איינגעזעהען, אז מען גרייט זיך נישט אן אויף דער וועלט, האט מען ניט אויף יענער וועלט, האט זיך ניט לאנג געברעקעלט און האט איינגעוויליגט מיט דעם סאלדאט חתונה צו האבען.

נאטירליך האבען דער פאסטאר און זיין ווייב קיין שידוכים געמאכט, האבען דיא מציאה אוועק געגעבען מיטביידע הענד און מען האט טאקי באלד אפגעצימבעלט דיא חתונה.

דעם יונגען איבערגליקליכען סאלדאט איז אבער ניט בעשעהרט געווען פיעל האניג צו נאשען. קוים זיינען דיא ערשטע שלשה ימי המשתה פערגאנגען, האט ער בעקומען א בעפעהל צו זיין רעגימענט צוריק צו קעהרען און אונטער דער קאמאנדא פון דעם שווידישען פעלדמארשאל געגען דיא רוסען צו ציהען. גלייך וויא דער סאלדאט איז אוועק בעווייזען זיינע גבורות ··· דער מלחמה, איז דיא יונגע ווייבעל מארטהא צוריק אין דעם פאסטארס הויז אלס דיענסטמויד אנגענומען געווארען און דאס שפיעל „שורע־מרי", האט זיך מיט

דעם פאסטארס זוהן פון דאס נייא, מיט נאך מעהר פרישקייט, אנגעפאנגען.

אם 23סטען אויגוסט 1702 האט דער רוססישער פאלקאָווניק (קאָלאָנעל) וידאס באָלטין מיט זיינע מיליטערטרופען דאס שטעדטיל מאריענבורג געשטורמט, און ווייל דיא פעסטונג איז צו שוואך געוועזען דעם שטורם פון דיא רוסען אויסצוהאלטען, האט דער שוויידישע קאָמאנדאנט פון דיעזער קליינען פעסטונג, מאיאָר טהילאָ, געלאזט ארויפציהען דיא פריעדענספאהנע, אום דיא רוסען צו צייגען, דאס דיא פעסטונג גיבט זיך אונטער דיא רוסען אויף גנאדע אדער אונגנאדע. אלס דער רוסישער פאלקאָווניק האט דיעזעס צייכען בעמערקט האט ער איינינע פון זיינע קריעגסטרופען בעפאָהלען דאס שטעדטיל מאריענבורג צו בעזעטצען.

אבער דיא שוויידישע גארניזאָן פון מאריענבורג האט פון אונטערגעבען ניט געוואלט הערען און זעהען. איינינע שוועדישע אָפיצירען וויא אויך דער ארטילעריי־קאפיטאן וואולף און דער יונקער גאטשליך האבען בעשלאסען דיא פעסטונג געגען דיא רוסישע בארבארען ביי זייער לעצטען טראפפען בלוט צו פערטהיידיגען. זיי האבען אבגעווארט ביז דיא רוסישע טרופען האבען אין מאריענבורג אריין געצויגען, און קוים האבען זיך דיא קאצאפעס אין שטעדטיל איינגעקווארטיערט און האבען אנגעהויבען צו מאכען הכנות מנחה צו דאווגען בצבור על ידי נוסח רוסיא, דאס הייסט: שוויינקען דיא גארגלען מיט שנאפס און חאפען דיא שוועדישע מיידלאך און ווייבלאך פאר זייערע טאליעס וויא זייער מנהג איז פון אייביג אן — האבען דיא שוועדישע אָפיצירען אין דער שטיל אנגעצינדען א פולווערטהורם, דער גראסער פולווערלאגער האט עקספלאָדירט, דער גרעסטער טהייל פון דיא הייזער זיינען צערשטערט געווארען און האבען אונטער זייערע טרוממער פיעלע רוסען און שוועדען בעגראבען.

אלס דער גענעראל שערמעטיעוו, וואס איז דאמאלס געוועזען דער רוסישער פעלדמאשאל איבער דיא רוסישע ארמעע אין דעם

קריעג צווישען רוסלאנד און שוועדען, האט דיא מעלדונג פון דיעזע שרעקליכע קאטאסטראפע ערהאלטען, האט ער זיינע ווילדעסטע רעגימענטער בעפאהלען אין מאריענבורג איינצוברעכען, אום מיט דיא אונטרייע שוועדען אפצוטאנצען דעם רוסישען כשר־טאנץ, דאס הייסט: מאכען קאטלעטען פון מענשענפלייש, קאכען א בארשין פון מיידעלישע בלוט מיט קינדערשע לינג און לעבערס, איימארענירען קעפ פון אלטע ווייבער און מאכען קרעפלאך פון שוועדישע ריפען. אונטער פויקען און טראמפעטען זיינען דיא רוסישע בארבארען אין דאס האלבצער־שטערטע מאריענבורג איינגעדרונגען, און באלד האבען זיך הונדערטע אונשולדיגע נשמות טובל געווען אין א גאנצען ים פון בלוט.

אום זיינע אונגליקליכע מיטבירגער צו רעטען, האט זיך דער מאריענבורגער פאסטאר בעשלאסען זיך פערזענליך צו דעם רוסישען פעלדמארשאל צו ווענדען און איהם בעטען ער זאל דיא שרקליכע שלעכטערייי איינהאלטען, צו יענער צייט איז דאס געווען א געפעהרלי־כער שריט, אבער דער גוטער פאסטאר האט מיט זיך גענומען א גוטע קמיע, וואס האט איין איבערנאטירליכע קראפט געהאט אויף דעם גרעסטען אשמדי דיא פליגעל אבצוהאקען, און דאס איז געווען זיין שיינע דיענסט מארטהא. ער האט געוואוסט דאס אזא יפהפיה וויא זיא, קען אויף א רוסישען קאפוסטא־פרעסער מעהר ווירקען, וויא אלע שמות און לחשים פון „ארעלע קארלינער“ און ער האט זיא מיטגענומען.

דיא שלוחי מצוה זיינען אנגעקומען אין דעם רוסישען לאגער און האבען זיך געלאזט מעלדען ביים רוסישען פעלדמארשאל, גענעראל שערמעטיעוו, וואס איז גראדע דאן געזעסען ביים דיננער. דער גענע־ראל האט דיא שוועדישע שלוחים געהייסען אריין פיהרען.

גענעראל שערמעטיעוו איז אזוי איבעראשט געווארען פון מאר־טהאס שיינהייט, דאס ער האט זיך שיער דערווארגען מיט א שטיק הייסע קאפוסטע, וואס איז איהם געבליבען אין האלז שטעקען. וויא פערגליווערט איז ער געשטאנען אויף זיין פלאטץ, מיט איין אפענעם

מויל און מיט ווייט אויפגעריסענע אויגען האט ער געקוקט אויף דיזע יונגענדליכע שיינהייט, וואס האט אין איין מאמענט אלע שבעה מדורי גיהנום אין זיין הערצען אנגעצונדען. דער בערעדטער פאסטאר האט איהם אונטערדעסען מיט הויכקנאקענדיגע פהראזען, געשילדערט דעם יאמער און דאס עלענד פון זיינע אונגליקליכע בירגער, דיא ווילדהייט און בלוטדורסטיגקייט פון דיא רוסישע סאלדאטען, אבער דער גענע־ראל איז געוועזען טויב וויא איאגדע, ער האט גאר ניט געזעהען און גאר ניט געהערט, דיא גאנצע וועלט איז איהם פערשוואונדען, פאר איהם איז געשטאנען נאר איין פונקט — דיא שיינע מארטהא!

זיא איז פאר איהם געשטאנען אויף איהרע קניע, דיא קליינע הענד צו איהם אויסגעשטרעקט, העלע טהרערין וויא גרויסע פערעל האבען זיך געקויקעלט איבער איהרע באקען, און אין ריזער פאזיציאָן האט זיא נאך שענער, נאך רייצענדער אויסגעזעהען.

ענדליך איז דער גענעראל שערמעטיעוו צו זיך געקומען און מיט איינע שטימע וואס האט געציטערט פון ווילדער לײדענשאפט, האט ער דעם פאסטאר געענטפערט:

— „גוט, הייליגער פאטער! איך וויל דיין וואונש ערפילען, דיינע מאריענבורגער בירגער זאלען פעשוינט ווערען, אבער א מתנה מוזט דוא מיר דערפאר געבען!“ —

— „ א מתנה?“ — האט דער פאסטאר פערוואונדערט אויס־געררופען — „וואס קען איך ארעמער קערל געבען אזא גרויסען אדון וויא דוא ביזט? איך בין ארעם וויא א מויז אין א קירכע!“

— „איך וויל דוא זאלסט מיר שיינקען, אָט דיא „קראסאוויצא“!“ —

— האט זיך גענעראל שערמעטיעוו אפגערופען און האט דערביי דיא שיינע מארטהא א קניפ געטאהן אין באק. —

דער פאסטאר איז ניט געוועזען קיין „יעקעלע נאר“. אלס ער האט מארטהאן מיט זיך גענומען, האט ער געהאט א צווייטע אבזיכט. ער האט געוואוסט, דאס זיין בן סורר ומורה שטעהט נאך יעצט אויך מיט איהר אין איין שמוציגען ליעבעספערהעלטנים, חאטש זיא איז

שוין א בעולת בעל (אשת איש). ער האט אבער ברוח הקדש איינגע־זעהען, אז יעצט איז דיא בעסטע געלעגענהייט דאס שטיקעל חמץ פון זיין הויז ארייס צו ראמען, ער האט געוואוסט, דאס א רוסישער „חאטשו“ (איך וויל!) ווישט אפ אין איין מאמענט דיא עשרת הדברות מיט אלע תרי״ג מצות אין איינעם, אבער אום דיא ליידענשאפט פון דעם גענעראל נאך מעהר צו קיצלען, האט ער זיך פארגענומען א קליינע ראלע צו שפיעלען.

— „דאס קען איך ניט פעטער!“ — האט ער דעם גענעראל געענפערט — „דיא יונגע מארטהא איז ניט קיין פנויה (אונפערהיי־ראטעטע), זיא איז איין אשת איש!“—

— „נא! נא!“ — האט זיך גענעראל שערמעטיעוו מיט א שמייכעל אנגערופען — „מיר גבורי מלחמה, מיר רוסען, האבען בירושה פון אונזערע אבות ניט צו קוקען אויף אזעלכע קלייניגקייטען!“

— „אבער וועה געשריען! איין אשת איש!“ — האט דער פאס־טאר געשריען — „וויא האט איהר דאס ניט קיין רחמנות אויף אייער נשמה? עס ווט דאך נעביך פון איהר ווערען א תל!

— „פוסטיאקי! (דומהייטען!)“—האט זיך גענעראל שערמעטיעוו אפגערופען. —

— „נוא, ווען אייך קימערט ניט אייער נשמה, האב איך שוין ניט וואס איינצואווענדען!“ — האט דער פאסטאר געענפערט און האט איהם דיא שיינע מארטהא איבער געגעבען בשתי ידים. —

דער גענעראל שערמעטיעוו איז זייער צופריעדען געוועזען מיט דיא מציאה, וואס גאטט האט איהם צוגעשיקט. אויך מארטהא איז מיט דעם חלוף זעהר שטארק צופריעדען געוועזן. זיא האט באלד איינגע־זעהען, אז רוסישער בארסין שמעקט איהר פיעל בעסער פון שוועדישען טשאלענט.

פילייכט האט שוין דאמאלס אין איהר געלעבט א נצוץ פון דער צוקינפטיגער רוסישער קייזערין!

אבער נאר זעקס אדער זיבען מאנאט האט מארטהא אלס

שקלאפין און מעטרעסע ביי דעם גענעראל שערמעטיעוו געלעבע. נאך דעם פערלויף פאן אונגעפעהר זעקס מאנאט, האט גענעראל שערמע־טיעוו זיין קאמאנדא איבער דיא ליפלענדישע ארמעע דעם פירסטען מענשיקאוו אויף דעם אויסדריקליכען בעפעהל פון דעם קייזער געמוזט איבערגעבען.

מענשיקאוו אבער האט פערלאנגט אי דיא הגדה, אי דיא קניי־דלעך! דאס הייסט: דיא גענעראל־גובערנאטאר שטעלען פון ליפלאנד און דיא שיינע מארטהא אלס צוגאב. דיזע פארדערונג האט דעם גענעראל שערמעטיעוו געשמעקט וויא דעם קלויזניק, וואס איהר לאדעט איין צו זיך צו דער סדר־נאכט, דער לאנגער שיר השירים, נאכדעם וויא ער האט זיך שוין אנגעזופט מיט דיא הגדה וויא א פויק און דיא אויגען פאלען איהם צו פון שלאף — אבער ער האט נים געוואגט דעם מעכטיגען מענשיקאוו, דעם ליעבלינג פון דעם קייזער, וואס גאנץ רוסלאנד האט דאמאלס פאר איהם געציטערט, צו ענטזאגען און מיט א וויי־טאג אין הארצען האט ער איהם געמוזט דיא שיינע פרוי איבערגעבען.

מארטהא, פון איהר זייט, איז פון דעם חלוף גאר איבערגליקליך געוועזן. דיא איינפאכע בויערין האט שוין אזוי פיעל שכל געהאט צו פערשטעהען, דאס דיזער איבערגאנג פון דעם איינפאכען שערמעטיעוו צו דעם מעכטיגען מענשיקאוו, וואס האלט אין זיינע הענד דיא לייצעם פון דער רוסישער רעגירונג, איז א טריט נעהנטער צו יענעם ערהא־בענען ציעל, צו וועלכען זיא האט מיט לייב און לעבען געשטרעבט.

אויך פון דער מאטריעלער זייט איז דיזער חלוף עפעס ווערטה געוועזן. שערמעטיעוו איז שוין דאמאלס געוועזן אלט און געבערעכליך, זיין קול וויא דער פוילער ווינד אים הערבסט, פערמישט מיט רעגען און שניי, זיין אומארמונג וויא דיא בעריהרונג פון א קאלטע שואבע און זיינע ליעבעסערקלערונגען וויא דער „נעץ־צך״ פון א יאלעווען חזן. מענשיקאוו דאגעגען, איז דאמאלס געשטאנען אין דער רעכטער בליהונגסצייט פון זיין יוגענד, ער איז געוועזן שיין, מונטער און אמיוזאנט.

זיינער א קוס איז געווען א גאנצער וואולקאן, זיין אומארמונג, דער דרוק פון פייערדיגע צוואנגען און זיין ליעבעסערקלערונג, א צווייטער שיר השירים. מארטהא האט פון איהר קינדהייט אן אין אזעלכע ענינים גרויסע מבינות געהאט, זיא האט געוואוסט אונטער צו שיידען צווישען א פיילע פלאנדערקע און א פרישען העכט און האט איהם דעם פרישען העכט, טאקי רעכט ליעב בעקומען.

א געוויסע צייט האט דאס פערליעבטע פאר צוזאמען געלעבט און דיא געבארענע שקלפין איז באלד הערשערין געווארען איבער איהר הערר. אין מענשיקאווס הויז האבען איהר אלע געמוזט עהרען און אכטען און זיא האט זיך געפיהלט איבערגליקליך.

צו יענער צייט האט דער שוועדישער דראגאנער יאהאן, מאר־טהאס געזעצליכער מאן, ערהאלטען זיינע ענטלאסונג פון דיענסט און אויף דיא פליגלען פון דער ליעבע איז ער געפלויגען צוריק א היים, אום זיך מיט זיין געליעבטעם ווייבכען ווידער צו פעראייניגען. וועלכע צויבערהאפטע בילדער האט זיך דער פערליעבטער דראגאנער אין זיין פהאנטאזיע אויסגעמאלט! וועלכע זיסע הלומות פון ליעבע און גליק האבען איהם אומגעשוועבט, אלס ער איז געלעגען אויף דיא הארטע באנק פון דער קרעטשמע, וואו ער האט אויף זיין ריקרייזע איבערגענעכטיגט! וויא איינע געטטין האט זיך זיין יונגע ווייב צו איהם אין שלאף פון דיא פורפורנע וואלקענס אראפ געלאזען, האט איהם אומגעארמט מיט איהרע מארמארווייסע ארעמס, צוגעדריקט צו איהר צארטע ברוסט און האט איהרע האניגטריפענדע ליפען צו זיין מונד צוגעדריקט. אך! דיזער קוס! דיזער קוס! איין ציטטערן פלעגט זיין מידען קערפער דורכלויפען וויא דער שטארקער שטראם פון עלעקטרי, שמאכטענד פלעגט ער זיינע ארעמס אויסשטרעקען און וויא בערוישט פון אונענדליכען גליק פלעגט ער אויסרופען: „אך, מארטהא! מיינע זיסע, ליעבע מארטהא! מיין געטריי ווייב! דוא ליעבסט מיך! יא, דוא ביסט מיר טריי!“.

אבער וויא גרויס איז זיין שרעק געוועזן, אלס ער איז ענדליך נאך

מאריענבורג געקומען און האט זיין „טרייע געטטין" ניט געפונען! נאך לאנגען זוכען און נאכפרעגען, האט ער ענדליך ערפאהרען, דאס זיין געטין האט דעם דראגאנערשען היממעל פערלאזען און האט זיך איין אנדער הימעל אויסגעזוכט.

ויּשא יאָהאַן את רגליו, און יאהאן דער דראגאנער האט גענומען זיינע פיס אויף דיא פּלייצעס און איז געגאנגען זוכען זיין געטטין. עס האט ניט לאנג געדויערט און ער האט אויסגעפונען דעם נעסט, וואו זיין פויגעלע זיצט זיך אויף ווייכע פעדערן און זינגט זיך שירה צו דעם בורא עולם.

מארטהא האט איהם געוויס ניט ערווארטעט, זיין געדעכטניס איז אין איהר הארצען אפּגעמעקט געווארען און איז שטארק איבער־ראשט געווארען, אלס זיא האט איהם אין א שיינעם, פרישען פריה־מארגען דערזעהען ביי זיך אין צימּמער.

— „וואס האסט דוא מיר צו זאגען?" — האט זיא איהם פער־וואונדערט און מיט דיא גאנצע אונפערשעמהייט פון א רוססישע צוקינפטיגע קייזערין געפרעגט. —

— „וויא? דוא ווייסט עס ניט?" — האט איהר דער דראגאנער צוריקגעפרעגט און האט דערביי אויסגעגלאָצט א פּאר אויגען, וויא א וואלף. —

— „ניין! איך ווייס ווירקליך ניט!" — האט זיא איהם קאלט־בּליטיג געענפערט — „קען איך וויסען וואס אלע שוועדישע דראגא־נער האבען מיר צו זאגען?" —

אין יאהאנס ברוסט האט געקאכט און געזאטען וויא אין א פאן, אין וועלכע מען פרעגעלט פסח'דיגע שמאלץ. ליעבע, גיפט, האס און ליידענשאפט האבען זיין ברוסט שיער צעריסען, אבער ער האט זיך איינגעהאלטען. ער האט נאך געהאפט, דער אונגליקליכער למך!

— „מארטהא! דוא ביסט מיין ווייב! מיין געזעצליכע ווייב!„— האט ער אויסגערופען מיט א האלב וויינענדיגע שטיממע, וויא דער חזן רופט אויס דיא תקיעות אים ראש השנה.—

— „האב איך דיר א פנים געזאגט, אז איך בין ניט דיין ווייב?“ —האט זיא איהם געענפערט מיט א צוקערזיסען שמייכעלע. —

— „איך האב דיך ליעב, ליעב וויא מיין לעבען!„ — האט ער ווייטער געיאמערט. —

— „וואס איז דא פיר א וואונדער אז דוא האסט מיך ליעב?“ —האט זיא זיך אפגערופען — „איך בין א יונגע און א שיינע ווייבעל און וועלכער נאר האט דאס פיינט?“ —

— „דוא לעבסט אבער מיט איין אנדערן!“ — האט ער מיט האלב ערשטיקטער שטימע אויסגערופען. —

— נוא? וואס האסט דוא זיך דערפון אזוי דערשראקען?—האט זיא איהם געענפערט מיט אזא קאלטבלוטיגקייט, אזוי וויא דא זאלט זיך האנדלען אום איין אויסגעבלאָזענע איי — „ניט קשה, דוא וועסט ביי מיר אויך ניט הונגעריג זיין! איך קען צושטעלען ליעבע פאר איין עדה פון צעהן מגינים. מיין הארץ איז גענוג גרויס און ברייט, דוא וועסט דארט געפונען א פלאטץ פיר דיך אויך!“ —

דער ארמער דראגאנער האט איינגעזעהען, אז מיט בייזען וועט ער גאר ניט מאכען, זיין ווייבס „אַפּיעקון“ איז פיעל שטארקער פון איהם, זיא דארף איהם נאר איין וואונק געבען, און ער ווערט באלד א פארטיגער בן עולם הבא, דארום האט ער זיך מי ישב געווען, אז איהם איז גלייכער צו האבען „עפעס“ וויא גאר ניט, און האט זיך ענטשלאסען צו לעבען, וויא עס לאזט זיך.

אויף דיעזער וויזע האט דיא צוקינפטיגע קייזערין פון רוסלאנד געלעבט מיט צווייא מאנען (איינעם כנגד שמור און דעם אנדערן כנגד זכור), ביז מענשיקאוו איז פון דעם קייזער גערופען געווארען, זיך מיט דיא קייזערליכע ארמעע, וואס איז געשטאנען אונטער פיאטרס פערזעהנליכער לייטונג, צו פעראייניגען. מענשיקאוו האט דיא געגענד מיט זיינע רעגימענטער פערלאזען, אום צו דעם קייזער־ליכען הויפטקווארטיער צו מארשירען, דיא שיינע מארטהא האט ער

נאטירליך מיט זיך גענומען אלס שמירה פון מזיקים אויפ'ן וועג און יאהאן איז אויס שותף געווארען.

ער האט זיין „געטטין“ ניט געקענט נאכגעהן און איז פארלייפיג אין מאריענבורג געבליבען.

מענשיקאוו האט געוואוסט אין וואס פיר א זינדיגען דור ער לעבט און כדי זיינע מיטמענשען ניט צו ברייננען לידי הרהורי עבירה, האט ער זיינע שעהנע שקלאפין שטענדיג געהאלטען פערבארגען פון די אויגען פון דיא רוסישע גענעראלען. נאך מעהר האט ער זיא בעהאלטען פון פיאטרס אויגען. ער האט געוואוסט, וואס פאר א גרויסער בעלן זיין הערשער און געביעטער איז צו „זיסע זאכען“. און דאס קוים וועט זיינע קייזערליכע ניעדערטרעכטיגקייט בעמערקען דאס טעפיל האָניג, וועט ער דאס אויסנאשען ביז'ן דעק און וועט פאר איהם אפילו שיריים ניט איבערלאזען.

אבער וואס ביי א ניכטערן איז אויף דער לונג, איז ביי א שכורן אויף דער צונג! ביי איין גלענצענדען פעסס, וועלכען מענשיקאוו האט פאר דעם קייזער און פאר דער גאנצען האָף געגעבען, וועהרענד ער און אלע זיינע געסט האבען שטארק געטרונקען, האט דער בעטרונ־קענער מענשיקאוו אנגעפאנגען זיך צו בעריהמען מיט זיין אוצר, וואס ער האלט אין זיין הויז פערבארגען. מיט דיא גאנצע בערעדזאמקייט פון א שכורה פהאנטאזיע, האט ער מארטהאס שיינהייט אויסגע־מאלט און האט דיא אלגעמיינע נייגיערדע אויפגעוועקט אין העכסטען גראד. דיא בעזאָפענע באנדע האט פערלאנגט ער זאל זיינע שיינע שקלאפין וויזען און ער האט זיא געלאזט רופען.

וויא פערשטיינערט זיינען אלע געבליבען שטעהן אויף זייער פלע־צער, אלס דיא יונגע און שטראהלענדע שיינהייט איז אין זאאל אריין געקומען. אלע האבען צוגעגעבען, דאס מענשיקאוו האט נאך פון איהר שיינהייט קיין צעהנטען טהייל דערצעהלט, זעלבסט פיאטר, דער קייזער, איז פון איהר פלענדענדע שיינהייט צומישט געווארען. איין

בליק פון איהרע אויגען האט אין זיין הארצען אנגעצונדען א העלישען פייער.

אלס דער מאיעסטעטישער וויסטלינג איז צו זיך געקומען, האט ער זיך אויפגעהויבען פון זיין שטיהל, איז צוגעגאנגען צו מענשיקאווען און האט איהם עפּעס אריינגעפּליסטעט אין אויער.

מענשיקאוו איז געווארען בלייך וויא א שטיק פּארצעליי און איז פון שרעק ניכטער געווארען.

פּיאטר האט אויף איהם געקוקט מיט א שטרייגגען בּליק און האט געווארט אויף זיין ענטפער.

מענשיקאוו האט ענדליך געמאכט א צושטימענדע פערבויגונג וואס לאזט זיך איבערזעטצען מיט דיא ווערטער: „נעשה ונשמע!“ און פון דיעזען מאמענט אן, איז שוין דיא שיינע שקלאפין געוועזן פּיאטר'ס אייגענטהום מיט איהר גאנצע שיינהייט און מיט איהר גאנצע ניעדערטרעכטיגקייט — — — —

פון מענשיקאווען האט זיך פּיאטר צו מארטהאן געווענדעט און האט איהר אין דער שטיל עפּעס געפרעגט.

מארטהא האט אויף איהר ליעבליכען געזיכט אויסגעשניטען דעם זיסעסטען שמייבעלע און האט איהם א שאקעל געטאהן מיט איהר קאפּף, דיזער שאקעל לאזט זיך איבערזעטצען מיט דיא ווערטער: „הנני מוכן ומזומן לקיים וכו׳!“ — — — —

איין אנדערער היסטאריקער ערצעהלט אונז דאס צוזאממענטרעפען פון פּיאטר וועליקי און דיא שיינע מארטא אויף איין אנדער ארט: דער קייזער איז פון מענשיקאווען צו איין מאהלצייט איינגעלאדען געוועזן. ביי דיזער געלעגענהייט, האט ער דיא „שיינע מושזיצקע“ צום ערסטען מאל דערזעהען און האט זיך מיט איהר אריינגעלאזען אין א לאנגען געשפּרעך. דיא רייצענדע בויערין איז דעם קייזער אזוי שטארק גאפעלען, דאס ער האט איהר ביי מענשיקאווען נאר אויף איין נאכט געבּארגט. אויף מארגען אלס דער קייזער איז אוועק געפאהרען, האט זיא מענשיקאווען מיט טרערין אין דיא אויגען

געמאכט פארווירפע איבער זיין האנדלונג. זיא האט איהם בעשולדיגט אין פאלשע ליעבע צו איהר און האט זיינע אונטרייע בעוויזען מיט דעם פאקט, דאס ער האט איין אנדערן ערלויבט איהרע רייצע צו געניסען. נאטירליך האט דיא קלוגע מארטהא מיט דיעזע טרערין און מיט דיעזע פארווירפע נאר א ראלע געשפיעלט, אום מענשיקאווען איבער צו צייגען, דאס זיא ליעבט נאר איהם אליין און זיא האט דורך דעם ווירקליך איהר ציעל עררייכט. מענשיקאוו האט זיא אנגעהויבען מעהר צו ליעבען און מעהר צו אכטען. אלס דער קייזער איז ווידער געקומען צו פאהרען, האט זיא איהם אויסגעווייכט און האט זיך ניט געלאזט זעהען, ביז ער האט נאך איהר גרפרעגט. זיא האט געמוזט פאר דעם קייזער ערשיינען, אבער אין איהר אויפטרעטען און אין איהר האלטונג איז געלעגן אזוי פיעל אונשולד, אזוי פיעל גאאיוויטעט, דאס ביידע הערען, פיאטר און מענישקאוו, זיינען אין העכסטען גראד צומישט געווארען. דער קייזער האט איהר אנגעפאנגען צו בעווארפען מיט יענע זיסע שמייכעלייען, מיט יענע געקינסטעלטע קאמפלימענטע' מיט וועלכע דיא קייזערליכע און קעניגליכע הייזער פון גאנץ אייראפא זיינען צו יענער צייט אזוי רייך געווען, אבער מארטהא האט זייא מיט אזא מאיעסטעטישען שטאלץ צוריק געוויזען, דאס פיאטר האט שוין ניט געוואגט ווייטער אין איהר צו דרינגען און האט זיא ניט ווילענ־דיג געמוזט בעטראכטען מיט גאנץ אנדערע אויגען. דיא גאנצע צייט פון דעם מאהלצייט, האט זיא איהם שווייגענד בעדיענט און האט איהם קוים אנגעזעהען, און אלס זיא האט איהם ביים שלום פון דעם מאהלצייט א גלאז ליקער דערלאנגט, האט ער צו איהר געזאגט: „וויא מיר שיינט, שיינע מארטהא, זיינען מיר שוין ניט אזוי גוטע פריינד, וויא מיר זיינען עס געוועזען ביי מיין פאריגען בעזוך, דאס טהוט מיר זייער לייד, אבער איך האפע, אז מיר וועלען באלד ווערען דיא בעסטע פריינד!‟ מיט דיעזע ווערטער האט ער איהר גענומען אונטערן ארם און האט איהר אוועק געפיהרט מיט זיך אין זיין שלאפצימער......אין דריי טייג ארום, האט פיאטר געזאגט צו

מענשיקאווען: „איך נעהם דאס מעדבען צו זיך: דוא מוזט מיר זיא אבטרעטן!“ מענשיקאוו האט געמוזט איינוויליגען און האט מארטאס זאכען אבגעשיקט נאך דעם קייזערליכען פאלאסט. צום אנדענקען פון איהם, האט ער איהר געשיינקט איין ברילאנטענשמוק, וואס האט געקאסט צוואנציג טויזענד רובעל.

פון יענעם טאג אן, איז דיא ליפלענדישע בויערין געבליבען ביים קייזער.

מיט וואונדערבארער שנעלינקייט האט זיא געקלעטערט אויף דעם לייטער פון גליק, ביז זיא האט דיא העכסטע שטופע ערדייכט.

זיא האט אבער איין עדלערעס הערץ געהאט וויא דער שר המשקים אין מצרים,. וואס האט יוסף'ן פערגעסען, דען נאכדעם, וויא זיא האט דיא גרעסטע גדולה עררייכט, האט זיא מענשיקאווען דורכאויס ניט פערגעסען און האט איהם געצאהלט „מיט ליעבע“, אז עס איז איהם פון האלז געקראכען. מארטהא, וואס האט בעזעסען דיא וואונדער־בארע „קונסט“ צו איינער און דערזעלבען צייט מיט א דוצענד מאנש צו לעבען און וואס איהר „ליעבעמאגאזין“ איז שטענדיג פאל געוועןֹ, אזוי וויא ביי א יוסטען בעל־הבית, האט מענשיקאווען גענעבען אין איהר הארצען „א שטאָדט“ אין מזרח־וואנד. זיא איז איהם טרייא געבליבען מיט לייב און לעבען און ער האט אין איהר אלע מאל געהאט אי א ווייב, אי א בעשיצערין. אלע אינטריגען געגען איהם ביי פיאטר וועליקים הויף, אום איהם צו שאדען און צו שטירצען, האבען דורך איהר איינפלוס קיין ערפאלג געהאט, פערקעהרט, דורך זייער איניגע פערבינדונג צווישען זיך האבן זיי ביידע גאנץ רוסלאנד בעהערשט און דער מעכטיגער הערשער פיאטר וועליקי איז זייער שקלאף געוועןֹ.

אנפאנגס איז מארטהא אלס דיענערין אין דעם קייזערליכען שלאָס אנגענומען געווארען און אלס זיא איז מיט דעם קייזער אין יאהר 1703 נאך מאָסקווא געקומען, האט זיא ווידער איהר רעליגיאן אומגעביטען. איהר טויפמוטטער איז געוועזן קאטהארינא, פיאטר וועליקים האלב־

שוועסטער און דער יונגער קראנפרינץ אלעקסייא פעטראָוויטש איז איהר טויפפאטאר געוועזען. אויס דאנקבארקייט צו דעם פרינצען, דאס ער האט איהר געבראכט תחת כנפי השכינה, האט זיא שפעטער ביים קייזער געגען איהם אינטריגירט, האט איהם געזוכט צו בעזייטיגען און האט עס אויך ווירקליך דורכגעזעצט.

אין דער טויפע האט זיא בעקומען דעם נאמען: קאטהארינא אלעקסעיעווגא.

## ליעבשאפטען פון עקאטהארינא דיא ערשטע.

(דיא גליקליכע נביאה — עקאטהארינא אלס קייזערין פון רוסלאנד— איהר ערשטען מאן נאך סיביריען פערשיקט — פיאטר וועליקים אייפערזוכט —).

מיר מענשען טרוימען פון גליק אונזער גאנצעס לעבען לאנג און ווען מיר קענען דאס אדער יענעס ניט עררייכען ווערען מיר שטארק בייז און שילטען אונזער בייז מזל. מיר גלויבען אז אלעס הענגט אפ נאר פון מזל און ווען דאס גליק מישט זיך אריין, קענען אלע וואונדער געשעהען. דאס איז אבער נאר היילער אבערגלויבען, ריינער פאנאטיזמוס. גליק איז ניט קיין אויסערליכע זאך, קיין איבערנאטירליכע קראפט, וואס קען שאפען און ווירקען נאך איהר אייגענעם ווילען, נאך איהר אייגענעם קאפריז. אלס בעזאנדערעס וועזען עקסעסטירט זיא גאר ניט, ניט אויף דעם הימעל און ניט אויף דער ערד, זיא קען נאר עקסעסטירען אין אונזער הערצען, אין אונזער זעלע און איז נאר דיא געבורט פון אונזער צופריעדענהייט. זיינען מיר צופריעדען, זיינען מיר דאן גליקליך.

אונזער העלדין, דיא מושזיצקע מארטהא פון ליפלאנד אדער עקאטהארינא אלעקסעיעווגא, וויא מיר וועלען איהר פון יעצט אן רופען, האט איהר גלענצענדע שטעלונג ניט דורך גליק עררייכט. זיא איז שוין געוועזען א קייזערין, ווען דיא בויערניונגען אין ליפלאנד פלעגען

איהר רייסען פאר דיא צעפּ, ווען איהר בעל־הבית, דער פּאסטאר פון מאריענבורג, פּלעגט איהר מכבד זיין מיט ניין מאל ניין פּעטש. ניט גליק, נאר א נאטירליכע ווילענסקראפט, א גרויסע פּאָרציאָן עגאָאיזמוס און עהרגייץ, איס קערפּערליכע שיינהייט און א גאנצער אוצר פון קאָקעטעריע פון דער נידריגסטער ארט אין פערבינדונג מיט כאראקטערלאָזיגקייט, אויסגעלאסענהייט און ווייבליכער געזונקענהייט, האבען איהר געפיהרט צו דעם גרעסטען און מעכטיגסטען טהראָן פון דער גאנצער וועלט.

איהר איינציגע בילדונג איז בעשטאנען נאר אין דיא קענטניססע פון דער רוסישער שפּראכע, דאס הייסט: זיא האט נאר פערשטאנען רוסיש צו רעדען, לעזען און שרייבען האט זיא זיך אין איהר גאנצעם לעבען ניט אויסגעלערנט, און אלס זיא איז שוין דיא רוסישע קייזערין געוועזען, האט איהרע בעפעהלע און אוקאזען איהר טאכטער יעליסאוועטא געמוזט אונטערשרייבען. פון רעכענען האט זיא קיין אהנונג געהאט, זאגאר דיא גרויסע צאהל פון איהרע געליעבטע און „קעבס־מאנען" האט זיא קוים געקענט צוזאמען רעכענען.

און דאך האט זיא געקענט בעצויבערן אזא גרויסען מענשען, וויא פּיאטר וועליקי און איהם צו איהר נידריגסטען שקלאפען מאכען!

זיא איז געוועזען זייער קלוג און געשיקט אין אלעם וואס זיא האט אונטערגענומען און גראדע דאס האט דעם מעכטיגען קייזער צו איהר צוגעבונדען.

פּיאטר איז אימער געניינט געוועזען צו דעם ווילדעסטען דעס־פּאָטיזמוס, ער האט פיינט געהאט מען זאל איהם ווידערשפּרעכען, אדער מען זאל זיין וויללען שטערען. ער האט פון אלעמען פערלאנגט דיא אונטערטהעניגסטע געהארכזאמקייט, אלע זיינע מיטמענשען האט ער בעטראכט אלס שקלאפען פון דער נידריגסטע זאָרטע. ער האט געליעבט דאס מען זאל איהם חנפן, שמייכלען, לויבען, ריהמען, דארט וואו ער האט עס זאגאר ניט פערדיענט, ער האט שטענדיג געטאָן

וואס ער האט געוואלט און וועה איז יענעם געוועו, וואס האט געוואגט נעגען איהם וועלכע איינוועגדונגען צו מאכען!

קאטהארינא האט זיין כאראקטער גרינדליך אויסשטודירט און האט געוואוסט וויא מיט איהם אומצוגעהען. זיא האט געוואוסט, דאס פיאטר האט זיין ווייב יעוודאקיא מייסטענטהיילס נאר דארום פערהאסט, ווייל זיא פלעגט זייער אפט וואגען זיין אויסגעלאססענעם לעבענסוואנדעל צו טאדעלן און פלעגט איהם רייצען מיט ביטטערע פארווירפע, ווען ער פלעגט צו איהר קומען אנגעטרונקען וויא אשוואַם דארום האט זיא איהם ניעמאלס מאָראל געפרעדיגט, האט איהם קיינע פארווירפע געמאכט און האט אידם געלאזט לעבען נאך זיין וויללען און נאך זיין געשמאק. דיא ערשטע יאהרען וואס זיא האט מיט איהם צוזאממען פערלעבט, האט זיא איהם שטענדיג דיא גרעס־טע אונטערטהעניגקייט געוויזען און האט פינקטליך אלעס געטאהן וואס ער האט פון איהר פערלאנגט, דיזע קלוגע און גוט בערעכענטע טאַקטיק האט איהר צום העכסטען ציעל געפיהרט, צו דיא אונבע־גרענצטע הערשאפט איבער גאנץ רוסלאנד און נאר דיזע טאקטיק האט זיא געהאט צו פערדאנקען, דאס פיאטר וועליקי, וואס האט ליעב געהאט זיינע מעטרעסען שנעל צו בייטען וויא זיינע זאקען, האט זיך אן איהר אזא לאנגע צייט געהאלטען.

נאר אזא פרוי האט פיאטר געדארפט האבען און נאר אזא פרוי האט ער געקענט א לאנגע צייט ליעבען. זיא האט אים ניעמאלס אן זיינע שולדיגקייטעי צו זיין פאמיליע און צו זיין לאנד ערינגערט, זיא האט איהם ניעמאלס מיט אייפערזוכט געפלאגט, ווען זיא האט גע־זעהן דאס ער טהוט זיך זייער אָפט גרעסערע און קלענערע עבירה'לאך הינטער איהר ריקען, זיא האט אויך פון איהם ניט פערלאנגט קיין הייסע ליעבע, קיין איבערמעסיגע צערטליכקייט און פאר דעם אלעם האט ער זיא געשעצט און געאכטעט.

צום וויינינסטען אין איין פונקט האט זיא געליעבט דיא גערעכ־טיגקייט. זיא האט געוואוסט אז יעדער מענש איז ניט מעהר, ניט

וויינינער, וויא א בשר ודם און מלחמה האלטען מיט אזא שטארקען מלאך וויא דער יצר הרע, איז אונמעגליך, דארום האט זיא פיאטרן געלאזט טאהן וואס ער האט געוואלט. ווארום זאל ער פיינט האבען דאס וואס איך ליעב? פלעגט זיא צו זיך זאגען, ווען איך מעג זינדי־גען, ווארום זאל דאס איהם ניט ערלויבט זיין? ווארום זאלל ער בעסער פון מיר זיין? דארום איז זיא אויף איהם נימ נאר ניעמאלס אייפערזיכטיג געוועזען, זיא האט זאגאר זיינע אויסגעלאססענהייטען אינטערשטיצט און האט איהם פערבארגענער הייט צוגעפיהרט א מאסע פערדארבענע פרויען.

דורך דיזע קלוגע טאקטיט איז זיא שטענדיג פריש און בענעה־רענסווערטה געבליבען אין זיינע אויגען אין נאכדעם וויא ער פלעגט ביי אנדערע איבערזאט ווערען, פלעגט ער שטענדיג צו איהר צוריק־קעהרען מיט דאפפעלטער לייעדנשאפט און זיא האט געגוג קונסט בעזעסען זיין האלב אויסגעשלאסענעם פייער וויעדער אויף צו בלאזען עס זאל ברענען אין העלע פלאמען.

צו דעם אלעם פלעגט זיא זיך שטענדיג שטארק בעזארגט צייגען איבער זיין קריינקליכען טעמפעקאמענט, דיא לאנגיעהרייע אויסשוויי־פונגען, דיא פיעלע נעכט אהן שלאף און אהנע רוהע אין דער געזעל־שאפט פון אויסגעלאסענע פרויען, וויא אויך זיינע ליידענשאפט צו שנאפס און צו אנדערע שטארקע געטרענקע, האבען זיין געזונדהייט שטארק אנגעגריפען און האבען איהם פיעלע קראנקהייטען פעראור־זאכט. קאטהארינא פלעגט דאמאלס פון זיין קראנקענלאגער ניט ווייכען, פלעגט גאנצע נעכט ביי זיין בעטט פערברייגגען, אום איהם פערזעהנליך צו פפלעגען און האט אלע מיטלען אנגעווענדעט, אום איהם לינדערונג צו פערשאפפען. אויך אויף זיינע געפעהרליכע רייזען האט זיא איהם איממער בעגלייטעט און האט איהם שטענדיג געזוכט דורך איהר מונטערן כאראקטער צו צערשטרייען. אויף דיזער וויזע האט זיא אזוי וייט געבראכט, דאס זיא איז איהם אונענטבעהרליך געווארען און ער האט אהן איהר ניט געקענט לעבען.

דאם זיא האט קיין איינציגע מינוט ניט אויפגעהערט צו דענקען איבער איהר צוקונפט און דאס דער געדאנקען צו ווערען פּיאטרס געזעצליכע און דאמיט דיא קייזערין פון רוסלאנד, האט שוין אין איהר געלעבט אין דיא ערשטע טעג פון איהר בעקאנטשאפט מיט דעם קייזער — בעווייזט פאלגענדער פאקט: זיא האט דעם פאסטאר בריינינג פון ריגא מיט געלד אונטערגעקויפט, דאס ער זאל דעם קייזער פאלגענדע פּראפעצייהונג (נבואה) צו שיקען: „נור דער וועט ליפלאנד עראָבערן, וועל עם וועט חתונה האבען מיט א ליפלאנדער מעדכען!“ דער פאסטאר בריינינג האט דיזע פּראפעצייהונג ווירקליך דעם קייזער צוגעשיקט, מיט דיא בעמערקונג, דאס דיזער פּראפעצייליכער דאקר מענט איז געפונען געווארען אין דעם ארכיוו פון ריגער ראטההויז.

וויא געפעלט אייך, ליבע לעזער, אזא חוצפּה פון א געמיינע מושזיצקע?

פּיאטר האט דיזע שריפטליכע נבואה ערהאלטען און חאטש ער איז ניט אבערגלייביש געווען, האט זיא דאך אויף איהם געמאכט א גרויסען איינדרוק, ווייל דיא נבואה איז ווירקליך מקויים געווארען. יאהרענלאנג האט פּיאטר ליפלאנד בעלאגערט אונד בעקעמפּפט, אין הייסע שטראמען האט דאס בלוט פון זיינע בעסטע קריעגער אויף דיא פעלדער פון ליפלאנד געפלאסען, טויזענדער פון זיינע טאפּפער־סטע סאלדאטען האבען דארט זייערע פריהצייטיגע קברים געפונען און דאך האט ער דיא קליינע ליפלאנד ניט געקענט בעצווינגען. אין מערקווערטיג! גראדע צו דערזעלבען צייט, ווען דיא אויסגעלאססענע מארטהא איז אין זיין בעזיטץ געקומען, האט זיך ענדליך ליפלאנד אונטערגעגעבען.

פערהייראטעט איז ער נאך מיט איהר אפילו ניט געווען, דען ער האט ניט געוואגט דיא זיטען פון דאס לאנד און דיא געזעטצע פון דער רוססישער „הייליגער“ רעליגיאן צו טראטצען, אויך האט נאך זיין פערבארגענע פרוי, דיא קייזערין יעוודאקיא, אין דיא מויערן פון

איהר פינסטערן קערקער געלעבט, אבער אין א געוויסען זינן איז שוין קאטהארינא דאך זיין ווייב געוועזען.

אלס זיא אין פיאטרס פאלאסט אנגעקומען, האט ער איהר איין פלאטץ אונטער דיא דיענערשאפט אנגעוויזען. עס האט דאך ניט געפאסט איהר גלייך צו זיך אין זיינע צימערן צו נעהמען איבער דעם מה יאמרו הבריות! באלד האט זיא געפונען „לייטזעליגקייט“ אין דיא אויגען פון איין קיכער, און אום יעדען חשד פון זיך אבצואוווענדען האט איהר דער קייזער מיט דעם פערליעבטען קיכענפעלד פערשלייערט. אלס דיא פרוי פון דעם האפקאך, האט זיא שטענדיג אין זיינער נעהע געקענט זיין און האט איהם געקענט בעגלייטען אויף אלע זיינע רייזען. אום דאס שמוציגע פערהעלטניס נאך מעהר צו פערמאסקירען פון דער וועלט, האט קאטהארינא געמוזט לפנים צוזאמען אין איין הויז מיט איהר „מאן“ וואהנען.

אם 28 אקטאבער 1707, האט זיך פיאטר וועליקי אין דער שטיל געלאזט טרויען מיט זיין געליבטע קאטהארינא. דיזער היילינער אקט איז געשעהען אין דער קאטהעדראלע „סוויאטאיא טראיצא“ אין מאסקווא. עס האט שוין ניט לאנג נאך דעם געדויערט, און מען האט דיא מאסקע אין גאנצען ארונטער גענומען.

ויא ווייט פיאטר דער גרויסער איז „גרויס“ געוועזען, בעווייזט פאלגענדער אקט:

אונגעפעהר אין דעם יאהר 1870 האט מען צווישען דיא קריעגס־געפאנגענע אויך קאטהארינעס ערסטען מאן, דעם שוועדישען סאלדאט יאהאן נאך דער רוסישער רעזידענץ מיטגעבראכט. דער אונגליקליכער יאהאן האט דארט ערפאהרען צו וועלכער גדולה „זיין קאטערינקע“ האט עררייכט, און האט זיך ניט געקענט איינהאלטען אים זיך ניט צו בעריהמען, דאס דיזע שטאלצע דאמע איז זיין געזעצליכע פרוי. פיליכט האט דער אינגליקליכער דאדורך נאר געוואלט דיא אלגעמיינע אויפמערקזאמקייט אויף זיך ציעהען און זיין ביטערע לאגע צו פערבעסערן, אבער ער האט נעביך א גרויסען טעות

געהאט! קוים האט פיאטר דער „גרויסער“ ערפאהרען, דאס דיעזער געמיינער זאלדאט וואגט נאך אירגענד וועלכע אנשפריכע אויף זיין „סוכנות“ צו מאכען, האט ער איהם געלאזט אררעטירען און האט איהם אין דיא וויטעסטע געגענדע פון סיביר פערשיקט. אין דעם יאהר 1721 האט מען דעם אונגליקליכען יאהאן דארט נאך געזעהען.

דורך דיעזע בארבארישע האנדלונג אבער, האט זיך דער מאַ־יעסטעטישער לומפ פעררארטהען. יעצט האט שוין דיא גאנצע וועלט געוואוסט, אין וועלכע שמוציגע בעציעהונגען ער שטעהט צו דער ניעדערטרעכטיגער קאטהארינא, אבער דאס האט איהם שוין געארט וויא דריי מאל גאר ניט, ער האט שוין אויפגעהערט דיא מאסקע צו טראגען און האט מיט איהר עפענטליך פאר דיא גאנצע וועלט געלעבט.

זייט דאמאלס האט מען איהר שוין אם האף מיט דעם טיטעל „גענעדיגע פרוי“ גערופען.

אבער דאס איז איהר נאך ניט גענוג געוועזען, זיא האט אימער העכער אונד העכער געשטרעבט און איהר בליק האט אימער ווייטער און ווייטער ארויס געקוקט. דער איבערגאנג פון איין איינפאכע אימ־מער געפלאגטע און פון יעדען געפאטשטע בויערין צו איין „גענעדיגע פרוי“ אין דעם גרעסטען און מעכטיגסטען האף אין אייראפא, האט נאך איהר טייפלישען עהרגייץ ניט בעפריעדיגט. איהר האט זיך געוואלט, וויא וויבער זאגען „דאס טעלעריל פון הימעל“ בעקומען, איהר האט זיך געוואלט ערדייבען דאס, וואס קיין פירסטין און קיין גרעפין האט זאגאר אין חלום ניט געזעהען — זיא האט לוסט בעקו־מען צו דעם רוסישען טהראן, פונקט וויא דער רוסישער טהראן וואלט געוועזען ניט מעהר, ניט וויניגער, וויא איין הארשפילקע, אדער א אקבענדיל!

אבער אין איהרע אויגען איז דאס גאר ניט אזוי שווער געוועזן. מיט איהר זעלטענע ענערגיע און מיט איהרע מיטלען האט זיא געקענט אייזערנע מויערן דורכברעכען. זיא האט שוין אויסגעדיינקט א פלאן

**און האט** שוין דיא נויטהיגע מיטהעלפער אויסגעזוכט. **פריינדע, פער**=
טרויטע און מיטארבייטער האט זיא זעהר לייכט בעקומען. איינעם
האט זיא געקויפט מיט א פעטען פאסטען ביים האף, דעם אנדערן
מיט א שטיקעל חניפה, דעם דריטען מיט א ווארמען האנדדרוק און
מיט א פייערדיגען פיעלפערשפרעכענדען גליק און ווען איינער האט
עפּעס מעהר פערלאנגט, האט זיא זיך אויך ניט געברעקעלט וויא א
יונגע מיידיל פון זעכצעהן יאהר, ווען מען וויל איהר דעם ערשטען
חוסס געבען.... דיא זאגענאנטע „ליעבע" האט ביי איהר קיין גרויר
סען ווערטה געהאט, זיא האט עס בעטראכט וויא איין ברונען, וואס
קען קיינמאל ניט אויסגעשעפּט ווערען, נור זיא האט עס זעהר גוט
געקענט פערקויפען און האט אלע מאל יעהר א גוטען פרייז גע־
נומען...

מענשיקאוו, וואס איז ביי פּיאטר דעם גרויסען דיא רעכטע האנד
געווען, איז ביי איהר געווען דיא רעכטע פוס און דורך איהם האט
זיא יעדען גוואלטיגען שריט געמאכט. אין פערבינדונג מיט דיעזען
מעכטיגען ליעבלינג דעם קייזערס האט זיא באלד אנגעפאנגען צו
אינטריגירען געגען דעם קראנפּרינץ אלעקסייא. מענשיקאוו האט זיך
שטענדיג פאר דעם קייזער איבער דעם קראנפּרינץ בעקלאגט, ער
האט איהם געשילדערט אלס זיין פּערזעהנליכען פיינד און אלס געגנער
פון זיין רעגיערונג, ער האט איהם גאניץ דייטליך געלאזט דורכבליקען
דאס דער קראנפּרינץ אלעקסייא פּלאנט געהיימע פערשווערונגען
געגען איהם און טראכט איהם דאס לעבען צו נעהמען. פון דער אנ=
דערער זייט, האט ער געזוכט דעם קייזער צו בעווייזען, דאס דער
קראנפּרינץ אלעקסייא בעזיצט ניט דיא נויטהיגע קענטניסע און פע־
היגקייטען איין לאנד וויא רוסלאנד צו רעגיערען און דאס אלעס וואס
ער, פּיאטר וועליקי, האט מיט אזוי פיעל שווערער מיה אין רוסלאנד
איינגעפיהרט און אויסגעבעססערט, וועט ער באלד ווידער אבשאפען
**און צערשטערן**, גלייך וויא ער וועט זיך זעצען אויף דעם טהראן און

דארום איז זעהר נויטהיג, דאס ער זאל זיך איין אנדערן טהראנער־בען אויסוועהלען.

דאס אללעס האט אויף דעם קייזער א גרויסען איינדרוק געמאכט פיליכט וואלט ער דאס ניט אזוי גיך געגלויבט, אבער דיא האנדלונ־גען פון דעם קראנפרינץ אלעקסייא האבען איהם מענשיקאווס רייד בעשטעטיגט, דער קראנפרינץ אלעקסייא פלעגט זיך ווירקליך מיט א געוויסע פיינדזעליגקייט איבער זיין פאטערס טהאטען עפפענטליך אויסשפרעכען, ער האט גאנץ אָפפען ארויס געוויזען זיין אבנייגונג און זיין האסס צו דיא אייראפייאישע ציוויליזאציאָן, וואס זיין קייזער־ליכער פאטער האט אין רוסלאנד איינגעפלאנצט, ער האט זיין פאַ־טער אלס אונגלויביגען קריסט און אלס כופר בעיקר פערדאממט און דאס האט דעם טיעפען אבגרונד צווישען פאטער און זאהן אויסגע־גראבען. פיאטר האט זיין זוהן אלעקסייא געהאסט וויא זיין ערגסטען פיינד און פלעגט מיט איהם זעהר וויניג פערקעהרען.

דורך פעראייניגטע קרעפטען און דורך מוסטערהאפט געפיהרט אינטריגען האבען מענשיקאוו און קאטהארינא אזוי וויט געבראכט, דאס אם 6 מערץ 1711 האט פיאטר ועליקי דורך איין מאניפעסט דיא בויערין קאטהארינא אלעקסאיעונא אלס זיין וואהרע און איינציגע פרוי ערקלערט און איהרע קינדער, וואס זיא האט איהם געבארען, האט ער אויפגעהויבען צו דעם ראנג פון פרינצען און פרינצעסינען.

פון טאג צו טאג איז זיא איהם טהייערער און ליעבער געווארען, אבער איהר עהרגייץ איז נאך אלץ ניט געזעטיגט געוועזען, איהר האט נאך עפעס געפעהלט און זיא האט געארבייט מיט לייב אונד זעעלע דיעזען „עפעס“ צו עררייכען.

איין מערקווירדיגער צופאל האט איהר דערצו געהאלפען.

אין איינע פון דיא מלחמות, וואס פיאטר האט געפיהרט געגען דער טירקיי, האט ער וויא אימער, איין גרויסען זיעג עררונגען איבער דיא טירקישע הויפטמאכט. צערשלאגען און צערגלידערט זיינען דיא טירקישע קארפוסען געלעגען ביי דעם ברעג טייך „פרוטה“ און דער

וועג צום באלקאן איז אָפען געשטאנען פאר דיא רוסישע רעגימענטער און פאר דעם זיעגרייכען רוסישען קייזער,

פערבלענדעט דורך זיין קריעגסגליק און פערטרויענד אויף זיין אונבעזיעגבארע מאכט, האט פּיאטר וועליקי זיין הויפּטקוואַרטיער אויפגעשלאגען אין א קליינעם טירקישען דארף, וואס איז געלעגען אין א ווילדע געגענד ביים פּרוטה, און וואס דיא ערשראקענע איינוואָה־נער זיינען פון איהם אנטלאָפען געווארען, אלס דיא ערסטע רוסישע פּיקעטען זיינען צו איהם נאהענט געקומען. אומזיסט האבען איהם זיינע מארשאלען און גענעראלען געווארענט אין דיזער אונזיכערער געגענד און אין דער נעהע פון דעם פיינד קיין וואהנונג צו נעהמען, אומזיסט האט איהם אויך קאטהארינא, וואס האט איהם אין דעם קריעג בעגלייטעט, געבעטען ער זאל זיך אזא געפאהר ניט אויסזעצען ער האט אלעמען אויסגעלאכט און האט מיט שטאָלץ געענטפערט:

— „מוהאמעדס אייניקלאך וויסען שוין גענוג מיט וועמען זיי האבען צו טאהן! דיא טירקישע „האלבע לבנה" מוז דיא „רוסישע זונן" אויסווייכען! רוהיג, מיינע פריינדע! אויך דיא, ליבע קאטארינא, מיין זיסע טייבעלע, האב קיין אנגסט! פּיאטר איז צו גרויס, אום זיך צו שרעקען פאר איין געשלאגענעם פיינד!" —

אבער דיא טערקישע „האלבע לבנה" האט איינגעזעהען, אז דיא „רוסישע זונן" איז א ביסעל צו ווייט אין איהר קלייזעל פערקראָכען און דער וועזיר, וואס האט דאמאלס דיא גאנצע טירקישע קריעגס־מאכט אונטער זיין קאמאנדא געהאלטען, האט בעשלאסען צו מאַ־כען לקוי־חמה. דאס הייסט, דעם רוסישען קייזער מיט זיין גאנצעם הויזגעזינד לעבעדיגערהייט געפאנגען צו נעהמען. מיט גרויס פארזיכט און גאנץ אין דער שטיל האט ער זיינע רעגימענטער אין דיזער גע־גענד צוזאמען געצויגען און האט זיי אזוי קונציג פּאָסטירט, דאס פּיאטר מיט זיין גאנצע סוויטע זיינען פון דיא רוסישע הויפּטמאכט אין גאנצען אבגעשניטען געווען. דעם קייזער איז קיין אויסוועג גע־

בליבען אלס זיך לאזען נעהמען געפאנגען פון דיא טירקען, אדער אלס העלד צו פאללען אויף דעם שלאכטפעלד.

האסטיג און בלייך וויא דער טויט איז פיאטר צו זיין געליבטע אריין געקומען און מיט קורצע ווארטען האט ער איהר געשילדערט דיא פערצווייפעלטע לאגע, אין וועלכע זיי געפינען זיך.

— „מיר זיינען פערלארען!„ — האט ער נעיאמערט — „אונז בלייבט נאר איינס אויסצוקלייבען: געפאנגענשאפט אדער דער טויט!“—

וויא פערניכטעט איז ער געפאלען אויף איין שטוהל, האט זיין געזיכט מיט ביידע הענד פערדעקט און איז א לאנגע צייט וייא פער־שטיינערט, וויא פערגליווערט אין זיין שמערץ געזעסען. דאן איז ער אויפגעשפרונגען און איז וויא א וואהנזינניג ארויס געפלויגען פון צימער.

קאטהארינא איז געבליבען אליין.

דיא געפאנגענשאפט האט זיא ניט געשראקען. אזא פרוי וויא זיא מיט איהר כאראקטער קען קיינע שקלאפין זיין. זיא האט גע־וואוסט וועלכען צויבער זיא בעזיצט און איז זיכער געווען, דאס דיוער צויבער וועט איהר מאכען צו איינער הערשערין איבער דעם וואס וועט איהר בעזיצען.

אבער דיא גלענצענדע צוקונפט, איהר ערהאבענער ציעל, צו וועלכען זיא האט מיט אזוי פיעל מיה געשטרעבט, דיא רוסישע קייזערליכע קראנע, וואס האט שוין געשוועבט איבער איהר קאפף, דער מעכטיגער טהראן, ביי וועלכען זיא איז שוין אזוי נאהענט געשטאנען זאלען דאס אלעס, דיזע גאנצע הערליכקייט, וויא איין רויך פער־שווינדען?

— „איך מוז איהם רעטען!„ — האט זיא אויסגערופען פון איהרע געדאנקען ערוואכענד און איהרע שיינע אויגען האבען אין איין פייער פון איבערנאטירליכער ענערגיע אויפגעבליצט — „איך מוז איהם רעטען, און ער מוז מיר פאר דיזע רעטונג, מיט דיא קייזערליכע

קראַנע, מיט דעם רוסישען טהראָן, מיט זיין גאַנצעם לאַנד בעצאהר־
לען!״ —

אבער וויא? דאס איז געוועזען דיא איינציגע פראגע, וואס האט איהר יעצט בעשעפטיגט. איניגע מינוטען איז זיא אומגעגאנגען אין דעם צימער און איהרע געדאנקען האבען געשוועבט און געשפונע אלערליי פלאנען, ענדליך האט זיא געפאסט איין פערצווייפעלטען פלאן.

— „יא, אזוי קען עס זיין!״ — האט זיא אויסגערופען — אויף דיזער ארט קען עס געלונגען! ביז יעצט איז קיין איינציגער מיינע שיינהייט ווידערגעשטאנען און קיין לעבעדיגער מענש האט מיר נאך קיינע ביטע אבגעשלאגען. איך וויל מיין צוויבער ביים טערקישען פעלדמארשאל פערזוכען. איז ער נאר קיין בלינדער אויף ביידע אויגען אדער אויסגעשניצט פון האלץ, מוז ער מיר מיינע ביטע ערפילען!״—

יא איז צוגעגאנגען צום וואנדשפיגעל און האט אין איהם לאנג אריינגעקוקט, אזוי וויא זיא וואלט זיך וועלען פערגעוויסערן אויב זיא איז ווירקליך גענוג שיין, אום דעם טירקישען וועזיר צו בעצויבערן.

פלוצלינג איז איין וואלקען איבער איהר געזיכט איבערגעפלויגען, איין נייער געדאנקען האט אין איהר קאפף אויפגעבליצט.

— „וואס וועט זיין, אז דער טירקישער וועזיר וועט האבען „צו גרויסע אויגען״ און ער וועט זיין געשאפען פון אזא מין פלייש, וואס צינדט זיך אן וויא א פעביגעס שטיק האלץ, ווען מען בעריהרט עס מיט איין פלאמענדען בליק?״ — האט זיא ביי זיך געקלערט— „וואס וועט זיין, אז דער „טערקאטש״ וועט פערלאנגען „עפעס מעהר״ וויא א ביסעל ווייבערשע קאָקעטטעריע?״—

אבער ביי דיזע געדאנקען איז זיא ניט לאנג פערבליבען, דען ער האט איהר גאנץ ווייניג זאָרגען געמאכט.

— „דומהייטען!״ — האט זיא מיט ענטשלאסענהייט אויסגערו־
פען — „וואס פאר א ווערטה האט ביי מיר דער „עפעס מעהר״? וואס פאר א ווערטה האט דאס ביסעל זאגענאנטע „פרויענטוגענד״,

דיא נארישע מאראליטעט, אום פערגלייך צו א קייזערליכע קראָנע, צו איין טהראן פון איין מעכטינעם לאנד? אנדערע פרויען גיבען אוועק זייער טוגענד, זייער מאראל פאר א גאלדענעם רינג, פאר א שיינעם בראָסלעט, פאר וואס זאל איך דאס ניט אוועק געבען פאר א קייזערטיטעל? און אויסערדעם, פון וואנען איז דאס גערדרונגען, אז א טירקישער וועזיר איז ערגער פון א פאסטארס זוהן אין ליפלאנד, פון א שוועדישען סאלדאט? איז שערמעטיעוו און מענשיקאוו און זאגאר פיאטר אליין, מיט וואס זיינדן זיי דאס בעסער פון א טערק? פערקעהרט, לייט זאגען, אז אין כמה פרטים זיינען דיא טירקען בעסער פון דיא אייראפייער און אין דיא דינים בין אדם לאשתו זיינען זיי גרויסע מדקדקים, זיי פערשטעהען זיך בעסער אויף פרויענ־שיינהייט, זייער ליעבע איז הייסער, ברענענדיגער און זייער ליידענ־שאפט פיקאנטער. רוסען, דייטשען און שוועדען האב איך שוין געהאט גענוג, לאָם איך זעהן, וואס איז דאס פאר א מין פרי א טערק? א מענש דארף אלעם וויסען און אלעם קענען!״ —

זיא האט אריינגערופען איהרע קאמערפרייליינס און איהרע האָפ־דאמען און האט זיי בעפאהלען זיי זאלען איהר אויספוצען אויף דער גלענצענדסטער ארט. דיא האפדאמען האבען געוואוסט, אין וועלכער געפעהרליכער לאגע דער קייזער מיט זיין גאנצע סוויטע געפינען זיך און זיינען פון קאטהארינאס בעפעהל אין העכסטען גראד איבער־ראשט געווארען, דאך האט קיינע איינציגע געוואגט פראגען צו שטעלען און זיי האבען זייער שטריינגע געביעטערין אויסגעפוצט וויא דיא עבודה זרה. מען האט איהר אויסגעבאדען אין א ים פערפומע און וואָהלגעריכע, מען האט איהר אנגעטאהן איהרע טהייערסטע קליידער און איהר גאנצע געשטאלט האט געשטראהלט און געבליס־צעט פון טויזענדער ברילאַנטען, רובינען און פעריל.

— „איך בין שיין!״ — האט זיא זעלבסט צו זיך געזאגט, אלס זיא האט איין לעצטען בליק אין דעם שפיעגעל געווארפען — „און איך וועל זיעגען!״ —

זיא האט נאר איין איינציגען טאָטער, אלס דאָלמעטשער, מיט זיך גענומען און איז אוועק צום טערקישען הויפטקווארטיער. דיא טירקישע קריעגס־פיקעטען זיינען פון איהר שיינהייט און פון איהר גלאנץ אזוי איבערראשט געווארען, דאס זיי האבען ניט געוואגט איהר אבצוהאלטען און האבען איהר ניט געהינדערט ווייטער צו געהען.

דער טירקישער וועזיער האט בייא זיך א קליינע פערזאמלונג געהאט. ער האט צו זיך זיינע בעסטע קריעגער געלאזט רופען און האט אינסטרוקציאנען געגעבען, אויף וועלכער ארט און וויזע, זיי זאלען דיא וואהנונג פון דעם רוסישען קייזער איבערפאלען און איהם מיט זיין גאנצען שטאב געפאנגען נעהמען.

— „ער איז פון זיין הויפטמאכט אין גאנצען אבגעשניטען„ — האט ער צו זיינע טאפפערע גענעראלען געזאגט — ער איז פון אונ־זערע בעסטע קריעגער ארומגערינגעלט פון אלע זייטען און מיט זיין קליינעם הויפען סאלדאטען קען ער זיך אויף קיין פאל ניט דורכברע־כען. איהר דארפט נאר שנעל איבער זיין הויז איבערפאלען, דיא ווייניגע לייבוואכען ניעדערשטעכען און איהר קענט איהם נעהמען וויא א פויגעלע פון נעסט, אבער איהר פערשטעהט מיך, נאר לעבע־דיגערהייט! יעצט געהט און מאכט עס גוט!“—

דיא טירקישע קריעגער האבען זיך שוין געווענדעט צום טהיר אום דעם וועזירס וואהנונג צו פערלאזען און זיין בעפעהל שנעל וויא מעגליך אויסצופיהרען, אלס איין באשי־בוזוק איז אין ציכוער אריין געקומען און האט דעם וועזיר געמעלדעט, דאס א יונגע פרויענצימער פערלאנגט איהם אויגענבליקליך צו זעהען.

— „ווער איז זיא? און פון וואנען קומט זיא?“ — האט דער וועזיער געפרעגט—

— „איך וויים ניט!“ — האט דער באשי־בוזוק געענטפערט — „נאר וויא מיר שיינט, מוז דאס זיין א וועזען פון יענער וועלט, אויף

דער וועלט האב איך נאך אזוי פיעל שיינהייט און אזוי פיעל אנמוטה ניט געזעהען!“—

— „ברייננ איהר אריין!“—האט איהם דער וועזיר בעפאהלען.—

אויף א פאר סעקונדען האט דער אלטער וועזיר געמוזט זיינע אויגען צו מאכען, דען דיא פלעצליכע ערשיינונג פון דיא שטראלענדע קאטהארינא אין זיין דונקלען צימער, האט זיינע אויגען געטראפען וויא א ים ליכטיגקייט, ער איז פון איהר בלענדענדע שיינהייט אזוי איבעררראשט געוואָרען, דאס אין ערשטען מאָמענט האט ער ווירקליך נעגלויבט, דאס איין הימלישעס וועזען האט זיך צו איהם פון הימעל אראפגעלאזען. מיט איין אפענעם מויל און מיט ווייט אויפגעריסענע אויגען האט ער זיא בעטראכט און איז ניט אים שטאנדע געוועזען קיין איינציגעס ווארט ארויס צו ברייננען. אויף דיא איבעריגע טירקישע קריעגער זיינען וויא אנגעוואורצעלט געבליבען שטעהן און האבען זיך פון ארט ניט געקענט ריהרען.

קאטהארינא האט דיזע געוואלטיגע ווירקונג בעמערקט און איין צופריעדנע שמייכעלע האט זיך אויף איהרע יוגענדליכע ראזענליפען געצייגט. זיא האט געוואוסט, דאס זיא וועט זיעגען.

— „מ־מ־מיט וואס ק־ק־ק־ען איך אייך ד־ד־דיענען?„ — האט דער אלטער וועזיר ענדליך ארויס געשטאמעלט — „ו־רו־וואס פער־לאנגט איהר פ־פ־פון מיר שיינע פ־פ־פ־פרוי?“—

קאטהארינא האט געפיהלט אז אָט אָט מוז זיא אויסשיעסען מיט א געלעכטער, דען דער אלטער וועזיר איז אין דיזען מאמענט ווירקליך קאָמיש געוועזען צום קראנק לאכען, אבער זיא איז גענוג אַקטריסע געוועזען אום איהר ראָלע מיט גלאנץ דורכצופיהרען און האט גענוג ווילענסקראפט בעזעסען, אום זיך צו בעהערשען. מיט איין גאנץ ערנסטער מיענע האט זיא איהם געענטפערט:

— „איך וויל מיט דיר אונטער פיער אויגען שפרעכען, מיין הער און געביעטער!“ —

מיט איין קורצען ווינק האט דער וועזיר זיינע קריעגער בעפאלען

ארויס צו געהן און ער איז מיט דיא שיינע צוויבערין געבליעבען אליין.

— „יעצט קענסט דוא שפרעכען, מיין ענגעל!“ — האט ער צו איהר געזאגט און אלע זיינע גלידער האבען געברענט וויא א פיבער—

— „איך האב צו דיר איין ביטטע, מיין האָהער העור! — האט זיא מיט איהר זיסער, וואהלקלינגענדער שטימע אנגעפאנגען — „אין מיין פאטערלאנד, אין רוסלאנד, האב איך פון דיא טירקען פיעל גוטעס געהערט שפרעכען, מען האט מיר זיי אימער אלס עדלע און גוטע מענשען געשילדערט, און נאמענטליך געגען דיא פרויען, דארום בין איך צו דיר מיט איינע ביטטע געקומען און בין שוין אים פאר־אויס אזוי גוט וויא איבערציינגט, דאס דוא וועסט מיר מיין קליינען וואונש ניט אבשלאגען!“ —

— „אָה, מיר טערקען זיינען ווירקליך ניט אזעלכע ווילדע באר־בארען, וויא מען שילדערט אונז“ — האט דער אלטער וועזיר אויף געבראָכענעם רוסיש געענטפערט — „און וואס מיך אנבעטריפט, זייי נען דיא מאסקעווער דאמען פון מיר אימער צופריעדען געוועזען, אלס איך בין מיט צוואנציג יאהר צוריק אבגעזאנדטער ביים רוסישען האף געוועזען. אבער זאג מיר, וואס איז דיין פערלאנג און זיי זיכער, דאס דיא ביטטע פון אזא שיינע פרוי וויא דוא ביזט, וועט זאגאר דער ווילדעסטער אראבער ניט צוריק ווייזען!“—

— „איך בין נאר א שוואכע פרוי, וויא דוא זעהסט, מיין האָהער העור“ — האט זיא זיך אפגערופען — „דאך האב איך אלע אונבע־קוועמליכקייטען פון דעם קריעג זעהר גוט איבערגעטראגען, ביז יעצט האט דער אייביגער לארם און דער שטענדיגער טומעל מיינע געזונד־הייט ניט געשאדעט, איך האב געגעסען, געטרונקען, גוט געשלאפען און האב מיך זייער גוט געפיהלט. אבער זינט דוא האסט דיינע באטערייען נעהענטער צו מיין וואהנונג צוגערוקט און דיינע קאנאָנען הערען ניט אויף אונזערע פאָזיציאנען צו בעשיעסען, קען איך מיט איין אויג ניט צו מאכען, איך האב שוין אייניגע נעכט ניט געשלאפען און איך פיהל, דאס מיין געזונדהייט שווינדעט פון מינוט צו מינוט,

דאס האט מיך בעוואגען צו דיר זיך צו ווענדען און דיך בעטען, דוא זאלסט דיינע באטרייען און דיינע קריעגער אויף עטליכע מיילען פון מיין וואהנונג אפּרוקען!" —

דער אלטער וועזיר איז שטאר געווארען פאר שרעק.

— „אבער דאס איז אונמעגליך!" — האט ער אויסגערופען — „דאס פארדערט דער קריעג! מיר מוזען זיך פון דעם רוסישען קייזער אונזער ביטערסטען פיינד, נוקם זיין פאר אונזערע טייבען בלוט, וואס ער האט פערגאסען. און בזי אללאד! דאס וועט איהם טהייער קאס־טען! ער איז שוין אזוי גוט וויא אונזער געפאנגענער! ער איז שוין אין מיינע הענד!" —

— „אך! וואס קעהר איך זיך אן מיט אייער פּאליטיק, מיט אייער קריעג!" — האט קאטהארינא אויסגערופען און האט דערביי מיט איהר האנד א בעוועגונג געמאכט וויא איין קאפריזנע קינד, וועלכע עס פערלאנגט א פופּע און מען וויל איהר עס ניט געבען — „איך וויל פון גאר ניט וויסען! פון מיינטוועגען מעגט איהר זיך דיא קעפּ אראפּ דרייהען, איך וויל נאר קענען רוהיג שלאפען און שוין!" —

דער אלטער האט איהר געשלונגען מיט דיא אויגען. איהר קינ־דערישע אונשולד, איהרע בעוועגונגען און יעדע מיענע פון איהר געזיכט. האבען איהם וויא פייערפלאמען פערצעהרט. דאך האט ער נאך געקעמפפט און האט איהר געענטפערט:

— „איך קען ניט! ביי מיין בעסטען ווילען דארף איך דאס ניט טאהן! —

קאטהארינא האט איינגעזעהען, דאס זיא האלט שוין דיא פארטי צו פערשפּיעלען און האט זיך גענומען צו דער „טויז קאזיר". זיא האט אויסגעשניטען דעם זיסעסטען שמייכעלע אויף איהר געזיכט, האט אויף דעם אלטען געשיקט אזא פאר פייערדיגע בליקען, דאס זיין אלטע און האלפערשימעלטע הארץ האט אנגעפאנגען אומצוטאנ־צען וויא א געפאנגענע מייזעל אין שטייגעל און איהם אומארמענדיג מיט איהרע ווייכע ארעמס, האט זיא אויסגערופען:

— „אה, דוא רייצסט זיך נאר מיט מיר! דוא וועסט דאס דאך טאהן! איך וויים, דוא ביזט אזוי עדעל, אזוי גוט! דיא ליעבע, דיא גוטהערציגקייט קוקען דיר פון דיינע שיינע אויגען ארויס! און איך וועל דיר אייביג דאנקבאר זיין! פערלאנג פון מיר וואס דוא ווילסט!“—

דיא „טויז קאזיר“ האט דעם „מלך אייבעל“ געשלאגען. דער אלטער וועזיר איז וויין געווארען וויא א לעמעשקע. דיא בעריהרונג פון איהרע ווייכע ארמס, דער ווארעמער הויך פון איהרע ראזענליפען, דער בעצויבערנדער בליק פון איהרע פלאמענדע אויגען און דער פיינער פארפיום וואס האט פון איהר קערפער געוויהט, האבען איהם אין גאנצען בערוישט. וויא בעזאפען מיט א שטארקען גייסטיגען טרונק איז ער אין איהרע ארעמס געפאלען און זיינע ליפען האבען קוים פערשטענדליכע ווערטער געשטאמעלט:

קאטהארינא אבער האט איהם גאנץ גוט פערשטאנען — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — —

אין א האלבע שטונדע ארום איז זיא אלס זיעגערין פון זיין שלאפצימער ארויס געגאנגען....

וויא געפעלט אייך מיינע ליעבע לעזער, אזא מין „יהודית“?

דער וועזיר האט איהר ביז טיהר בעגלייטעט און האט איהר נאך צום אבשייד צוגערופען:

— „דוא וועסט דאך באלד צוריק קומען, מיינע שיינע געטין?“—

— „געוויס! געוויס!“ — האט זיא איהם געענטפערט און איז פערשוואונדען —

דער פערליבטער אלטער קאטער האט אומזיסט דיא „שיינע געטין“ ערווארטעט. ער האט זיינע רעגימענטער און זיינע באטערייען אויף עטליכע מייל וויטער אפגערוקט און האט געווארט, דאס דיא געטין וועט קומען איהם „דאנקען“, אבער אנשטאט דיא געטין, זיינען באלד רוסישע דראגונער און הוזארען וויא דיא היישעריקען אנגעקומען און האבען איהם אריבער געשליידערט אויף דער אנדערער זייט פרוטה. דער בעפרייטער פיאטר האט זיינע קריעגער געזאמעלט

און האט אין א בלוטיגען קאמפף דעם אלטען וועזיר מיט זיינע קאר־פוסען פערניכטעט.

מיט א געפיהל, מיט וועלכען א הונד ערוואַרטעט דיא קאַצערע פון זיין בעל־הבית'טע, נאכדעם וויא ער האט ביי איהר אראפגע־האפט א שטיק פלייש פון זאלצבערטעל, איז פיאטר אומגעגאנגען אין זיין צימער הין און הער און האט ערוואַרטעט, אז אט אט בעפאלען איהם דיא טערקישע באשי־בוזוקען און מאכען פון איהם א קאטלעט ער איז אפילו געווען א גרויסער העלד און האט שוין עטליכע מאל דעם טויט גלייך אריינגעקוקט אין דיא אויגען, און דאך האט ער זיך יעצט שטארק געשראקען פאר דיא טערקישע מיתה משונה. אום זיך א ביסעל צו צערשטרייען, איז ער אריינגעגאנגען אין קאטהארינאס צימער, אום מיט איהר צו פלוידערן, אבער וויא גרויס איז געווען זיין שרעק, אלס מען האט איהם געזאגט, דאס קאטהארינא איז מיט עטליכע שטונדען צוריק פארטגעגאנגען און איז נאך ביז יעצט ניט צוריק געקעהרט. איינע שרעקליכע אונרוהע האט איהם ערגריפען, ער האט אייניגע רייטער ארויס געשיקט, זיא אויף אלע וועגען צו זוכען און אלס דיא רייטער זיינען מיט ליידיגע הענד צוריקגעקומען, האט זיין שרעקען און פערצווייפלונג דיא העכסטע שטופע עררייכט.

ערשט, אלס דיא זון האט זיך שוין אראפ געלאזען און עס האט אנגעפאנגען דונקלער צו ווערען, איז קאטהארינא וויא א באמבע אין צימער אריין געפלויגען און זיך ווארפענדיג אויף פיאטרס האלז און איהם צודריקענדיג צו איהר ברוסט, האט זיא אויסגערופען:

— „פיאטר! געליעבטער! מיר זיינען גערעטעט!“—

— „וואס איז געשעהען?“ — האט ער איהר פערוואונדערט געפרעגט — „וואו ביזט דוא געוועזן?“ —

— „ביים טירקישען וועזיר!“ — האט זיא איהם געענטפערט מיט אזא גלייכגילטיגקייט, אזוי וויא דאס וואלט געווען א וויזיט בייא איינעם פון פיאטרס בעסטע פריינד—

— „ביים טערקישען וועזיר?“ — האט פיאטר ניט טויט, ניט

לעבענדיג אויסגערופען — „און ער האט דיך ניט געפאנגען גענו-מען?“ —

— „עה, מיך נעמט מען ניט געפאנגען!“ — האט איהם קאַ-טהארינא מיט איהר זיסעסטען שמייכעללע געענטפערט — „ער מעג גאָטט דאנקען, דאס איך האב איהם ניט געפאנגען גענומען!“ —

— „אבער וויא איז דאס מעגליך?“ — האט פיאטר אימער פערוואירטער אויסגערופען — „איך פערשטעה דיך ניט!“ —

— „וואס איז דא צו פערשטעהען? דיא זאך איז גאנץ איינ-פאך!“ — האט זיא איהם ערנסט געענטפערט — „איך בין צו איהם געקומען און האב מיך פארגעשטעלט אלס דיינע ערגסטע פיינדין, איך האב איהם איינגערעדט א יריד אויפ'ן הימעל, איך האב איהם דערצעהלט, דאס דוא האסט מיך פון מיין געליעבטען מאן מיט גוואלד אוועק גענומען, איהם האסט דוא נאך סיביריען פערשיקט און מיך האלטסט דוא ביי זיך אלס געפאנגענע. אום זיך נוקם צו זיין אן דיר, בין איך צו איהם געקומען איין וועג צו ווייזען, וויא ער זאל דיך און דיין גאנצע סוויטע לעבעדיגערהייט געפאנגען נעהמען און האב איהם איין עצה געגעבען זיינע רעגימענטער און זיינע באטע-רייען עטליכע מיילען ווייטער פון דאנען אפ צו רוקען. ער האט דאס מיר אלעס געגלויבט און האט שוין דעם בעפעהל געגעבען, דאס דיא טערקישע רעגימענטער זאלען אפמארשירען. יעצט שטעהט אונז דער וועג צו אונזער הויפטמאכט פריי, שיק וואס צום גיכסטען דיין אדיר טאנט צו אונזער הויפטקווארטיער מיט דעם בעפעהל, דאס אונזערע בעסטע רעגימענטער זאלען אין שטורם מארש אהער קומען אונז צו בעשיצען און דיא אבמארשירענדע טירקען אנצוגרייפען. דער זיג איז אונז זיכער!“ —

שטאַר און פערגליווערט איז פיאטר געשטאנען אין מיטען צימער און האט איהר מיט ווייט אויפגעריסענע אויגען אנגעקוקט.

— „און דאס אלעס האסט דוא געוואגט? דוא, א שוואכע, צאַרטע פרוי?“ — האט ער ענדליך אויסגערופען —

— „אום דיך געליעבטער, פון שענדליכע געפאנגענשאפט און פילייכט פון דעם שרעקליכסטען טויט צו רעטען!“ — — האט זיא איהם מיט פעסטער שטימע געענטפערט — „מיין קייזער און מיין פאטערלאנד האט ביי מיר מעהר ווערטה, אלס מיין אייגענעס לעבען און יעצט מאכט מיר דער געדאנקען, דאס איך האב דיך און אונזער לאנד גערעטעט, פאר דיא גליקליכסטע פרוי אויף גאטעס ערדע!“—

— „און דוא זאלסט עס אויך זיין, איך שווער עס ביי גאטט!“— האט פיאטר וויא וואהנזיניג פון אונענדליכער פריידע און דאנקבארקייט אויסגערופען, אלס ער האט איהר אין ווילדער ליידענשאפט וויא מיט אייזערנע צוואנגען צו זיין ברוסט צוגעדריקט — אָה, קא. טהארינא! געליעבטע! דוא ביסט ווערטה דיא קייזערין פון רוסלאנד צו זיין, דען דוא האסט דאס פאטערלאנד פון שאנדע, פון שמאך און פון אונגליק גערעטעט און דוא ועסט עס זיין, איך שווער עס דיר נאך א מאל!“ —

אין דעם מאמענט איז זיין אטיודאנט אין צימער אריין געקומען.

— „מאיעסטעט, איינע וויכטיגע מעלדונג!“ — האט ער אויסגערופען — „דער טירקישער לאגער האט זיך אויפגעהויבען פון זיין פלאטץ און האט אבמארשירט!“ —

— „אלזא איז דער וועג צו אונזער ארמעע פרייא?“ — האט דער קייזער געפרגט —

— „גאנץ פריי, קייזערליכע מאיעסטעט!“—

— „גוט, שיק וואס צום גיכסטען איין קוריער צו אונזער פעלדמארשאל מיט דעם בעפעהל אין שטורם מארש מיט אונזערע בעסטע רייטער צו קומען און דיא אבמארשירענדע טירקען פון הונטען אנצוגרייפען. זיי ערווארטען יעצט קיין אנגריף פון אונז און מיר קענען דעם וועזיר מיט זיין גאנצע ארמעע פערניכטען. נאר שנעל! פארווערטס!“—

דער אדיוטאנט האט זיך פערנייגט און איז האסטיג ארויס געגאנגען.

צערשלאגען און צערגלידערט איז אין צוויי טעג ארום דער אל־טער טערקישער וועזיר מיט דיא שיריים פון זיינע קאָרפּוסען געלעגען אויף דעם אנדערן זייט פּרוטה. דאס ביסעל זאנגאנטע „ליעבע“ פון א ליפלענדישע מושזיצקע האט איהם אין פערדערבען געשטירצט, פאר איין קוס פון איהרע גיפטיגע ליפען, האט ער דיא עהרע פון זיין פאטערלאנד און דאס לעבען פון עטליכע טויזענד סאלדאטין פערקויפט. און אלס דיזער געהיימנים איז אין עטליכע יאהר ארום אין קאָנסטאנטינאָפּאָל ענטדעקט געווארען און דער אלטער געברעכ־ליכער וועזיר איז שוין אויף דעם עשאפּאָט געשטאנען, האט ער זיך מודה געווען און איז געשטארבען.

פּיאטר וועליקי האט דעם סוד פון זיין בעפרייאונג ערסט שפּע־טער ערפאהרען, אבער זיין קעטהארינא איז שוין דאמאלס דיא מעכטיגע קייזערין געווען, ער איז שוין ביי איהר געלעגען אונטער איהר פּאנטאָפעל און זיא האט איהם אויף זיין פראגע דעם יעזואי־טישען אנטווארט געגעבען:

— „דער צוועק הייליגט דיא מיטעל, מיין ליעבער!“

אלס זיי זיינען פון קריעג צוריק אהיים געקומען, האט פּיאטר צו איהר עהרע געגריינדעט דעם „קאטהארינא־ארדען“. ער האט זיך דאן פון איהר געלאזט איינרעדען, זיין זוהן פון זיין ערסט פרוי יעוודא־קיא, דעם אונגליקליכען קראנפּרינץ אלעקסייא, צו ענטערבען און איהר קליינעם זוהן פּעטער, וועלכען זיא האט איהם נאך אהן חופּה וקדושין געבארען, צום רוסישען טהראנפאלגער צו בעשטימען. און אלס דער קליינער פּיאטר איז באלד נאכדעם געשטארבען, האט ער איהר צו דער קייזערין פון רוסלאנד אין דעם יאהר 1724 אין מאס־קווא געלאזט קרוינען. אין מאנאט מאי האט זיא דיא רוסישע קרוין אויף איהר קאפּף אנגעטאהן, גאנץ רוסלאנד האט דיא נייע קייזערין גליק געוואונשען און דיא קאצאפּעס האבען זיך געבאדען אין גאנצע ימים „וואָדקא“. פּיאטר אבער האט באלד חרטה געהאט, דען דיא זאנפּטע און צאַרטע קעטצעל, וואס האט פריהער אזוי זיס געמיוקעט

האט איהם באלד געוויזען איהרע שארפע נעגיל, איהרע שפּיטציגע ציין, אבער ער האט זיך שוין ניט געקענט העלפען!

זיא האט שוין מעהר קיין אורזאכע געהאט פאר איהר מאן זיך צו מאסקירען, פאר איהם דיא ראלע פון איינע טרייע פרוי צו שפּילען, גלייך וויא זיא האט דיא רוסישע קרוין אנגעטאהן, האט זיא דיא מאסקע פון איהר פנים אראפּגעריסען און האט זיך דיא וועלט געוויזען אין איהר וואהרע נאטור.

האטש זיא איז שוין דאמאלס געוועזן א פרוי פון פערציג יאהר, האט נאך אין איהר א גאנצער גיהנום פון דער ווילדעסטער ליידענשאפט געברענט. עס גיבט פרויען וואס זיינען אין איהרע מיטעלע יאהרען פיעל געפעהרליכער פאר דיא מאנסלייטע, אלס מאנכע יונגע שיינע, און צו דיזער קלאסע געפעהליכע פרויען, האט אויך אונזער פערציגיעהריגע קאטהארינא געהערט. זיא האט איבעראל ארום זיך בעצויבערט, האט יעדען מאנספערזאהן, וואס האט אין איהרע נעהע געלעבט פערפיהרט, זיא האט אין איהרע אויסגעלאסענהייטען קיין גרענעץ געוואוסט, איהר האט ניט געאַרט, דאס זיא איז א קייזערין, דאס זיא טראגט דיא קרוין פון איין מעכטיגעס לאנד און איז שולדיג אלע פרויען אלס א מוסטער פון טוגענד און ריינהייט צו דיענען, פאר פרויענטוגענד האט זיא קיין זינן געהאט, פון ווייבליכע ריינהייט האט זיא ניט געהאט דעם מינדעסטען בעגריף און האט דיא עהרע פון איהר מאן, דעם קייזער מיט שמוטץ בעדעקט.

איהרע עפענטליכע קאָקעטערייען מיט דעם גענעראל וויללבואַ האט דער קייזער בעמערקט, און אלס ער האט דעם גענעראל איבער זיין פערהעלטנים מיט דער קייזערין אויסגעפרעגט, האט איהם דיזער מודה געוועזן, דאס דיא קייזערין עמפּפאנגט איהם אפטמאל אין איהר בודואַר און איז איהם מצרף צו א מזומן פון צוויי.... דער קייזער האט איהם געלאזט וויא איין ווילדעס טהיער אין קייטען שליסען און האט איהם פיער וואכען לאנג אין א פינסטערן און פייכטען קעלער איינגעשפּערט געהאלטען.

איבער איהר שמוציגען פערהעלטנים צו דעם גראף מענשיקאוו, מיט וועלכען זיא האט געלעבט אלס מאן און פרוי, האט מען שוין גאנץ עפענטליך אין גאנץ רוסלאנד און אין גאנץ אייראפא גערעדט.

פיאטר'ס אייפערזוכט, אדער בעסער צו זאגען, זיין בעליידיגער שטאלץ, האט איהם זייער שטארק געפלאגט. וויא א מאל זיין אונ־גליקליכע פרוי יעוודאקיא, האט ער קאטהארינען אנגעפאנגען מוכר צו זאגען, איהר דערמאנען איהרע פפליכטען אלס פרוי, אלס מוטער און אלס קייזערין, אבער זיינע מוסר האבען זיך צו איהר געקלעבט וויא אייזן ארבעס אין וואנד.

שטילערהייט האט ער זיך פאר וואוטה דיא פינגער געביסען, ער האט זיך שוין ניט געקענט העלפען. דיאווילדע ליידענשאפטען און זיינע אונבעגרענצטע אויסגעלאסענהייטען פון זיין פריהעסטען יוגענד אן, האבען איהם פאר דער צייט אלט געמאכט. ער האט אנגעהויבען קרייענקליך צו ווערען, זיין גייסט, זיין פייער, זיין קראפט און זיין מוטה איז אויסגעלאסען געווארען, ער האט בעמערקט, דאס ניט ער איז שוין דיא זונן, ארום וועלכע דיא מעכטיגע פערזאהנען פון זיין הויף, דרעהען זיך ארום וויא דיא פלאנעטען, נאר זיין ווייב קאטהארינא וואס האט גענוג שכל געהאט, גאנץ רוסלאנד אין איהרע הענד אריין צו נעהמען. באלד האט ער אויסגעפונען, דאס זיינע בעסטע פריינד, וועלכע ער האט פון שטויב אויפגעהויבען און גרויס געמאכט, זיינען איהם אונטריי, זיי בעגנבענען זיין קאסע און פיהרען זייער פערשווענדערישען לעבען נאר אויף דעם רעכנונג פון דער קרוין, אבער מען האט זיינע פראטעסטען דאריבער אויסגעלאכט. דען דיזע „פריינד" זיינען שוין יעצט קאטהארינאס פערטרויער גע־געווען, און זיא האט זיי מיט איהר מאכט געשיצט.

דער „גרויסע־" פיאטר, וועלכען גאנץ רוסלאנד האט פריהער פאר איין גאטט געהאלטען, איז יעצט פון זיינע אונטערטהאנען אלס געטץ, אלס ליימענער גולם בעטראכטעט געווארען, מען האט איהם אין דיא אויגען געלאכט פון זיינע בעשטרעבונגען רוסלאנד צו ציווילי־

זירען און איהר איין אייראפייאישען גלאנץ צו געבען. דיא טויזענדער גלחים און פאפעס., מיט וועלכע רוסלאנד האט צו יעדער צייט גע־שווּיבעלט און געגריבעלט, זיינען זיינע עפענטליכע פיינד און זיינע ביטערסטע געגנער געוועזען, טויזענדער פון דעם רוסישען אדעל, הונדערטער באָיארען און וואָיעוואָדעס, האבען זיך ארום זיין זוהן אלעקסייא געזאמעלט, און האבען געגען איהם אין דער שטילל פער־שוועררונגען און רעוואָלוציאנען געפלאנט.

אלעקסייא, דער ענטטראהנטער קראָנפּרינץ, האט זיין קייזערלי־כען פאטער וויא דעם טויט געהאסט. ער האט איהם ניט געקענט פערצייהען זיין גרויזאמע בעהאנדלונג געגען זיין מוטער, דיא אונגליק־ליכע קייזערין יעוודאקיא, וואס שמאכטעט יאהרענלאנג אלס נאָננע אין א וויסטען קלויסטער. נאך מעהר האט איהם געקריינקט דער פאַקט, דאס האטש אלע זיבען זיהן, וועלכע קאטהארינא האט זיין פאטער געבארען, זיינען אויסגעשטארבען, און ער האט קיין אנדער יורש, חוץ איהם ניט געהאט, האט ער ניט איהם, נאר דיא געוועזענע מושזיצקע פון ליפלאנד צו דיא קייזערין פון רוסלאנד נאך זיין טויט בעשטימט. איבעראל האט ער זיין פאטער עפענטליך בעלייעיגט, האט קריטיזירט זיינע דעספאָטישע בעהאנדלונגען און האט פון איהם חוזק געמאכט וויא פון א משוגענעם.

---

## ליעבשאפטען פון קאטהארינא דיא ערסטע.

(קאטהארינעס ליעבלינג — זיין שרעקליכער טויט — קאטהארינעס ענדע דורך פערגיפטע קענדי—).

---

אין הערליכער און נאך רעכט ווארעמער נאוועמבערטאג איז איבער פעטערהאָף, דיא פרעכטיגע זומעררעזידענץ פון פיאטר וועליקי געלעגען. דיא זונן איז ערסט מיט א פאר שטונדען צוריק אויפגעגאנ־גען און איהרע ווארעמע שטראהלען האבען זיך געשפיעלט מיט דיא

שפיטצען פון דיא בוימער פון דעם גרויסען און פרעכטיגען פארק, וואס האט דעם קייזערליכען פאלאסט פון פעטערהאף פון אלע זייטען ארום גערינגעלט. א שטילער ווינטעלע האט געווייהט דורך דיא האלבדונקעלע אלעען פון דעם גרויסען פארק און האט דיא רויטליכע האלבפערוויאנעטע בלעטער פון דיא בוימער אראפ געריסען און זייא צערשטרייט אויף דעם גרינעם גראז, וואס איז נאך פייכט געווען פון דעם נאכטהוי. דיא פויגעלאך, וואס האבען זיך שוין צוגעגרייט צו דער ווייטער רייזע, אום ווארעמע געגענדען פאר דעם ווינטער אויפצווכען, האבען דיא העלע אונד ווארעמע זאננענשטראהלען מיט פרייליכע ליעדער בעגריסט און זיינען זייער מונטער און לוסטיג פון איין צווייג צום צווייטען אומגעפלויגען.

זאנסט איז אלעס ארום שטיל געווען און דער גרויסער פאלאסט האט אויסגעזעהען וויא פערזונקען אין טיעפען שלאף. פיער פענסטער וואס האבען צום גארטען ארויסגעקוקט, פון צווייטען עטאַזש, וואו דיא קייזערין קאטהארינא דיא ערסטע האט איהר בודואר און איהר שלאפצימער געהאט, זיינען נאך פערדעקט געווען מיט זייערע גארדינען פון שווערען זיידענעם שטאף.

פלוצלינג האט זיך איין קליינער גערויש פון א זייטענאלעע געלאזט הערען. דיא פויגעלעך, וואס האבען אזא פריהען בעזוך אין פארק געוויס ניט ערווארטעט, האבען זיך דערשראקען און האבען אויפגעהערט צו זינגען. פון איין זייטענאלעע איז ארויס געגאנגען א יונגער, בילדשיינער קאוואליער אין דיא אוניפארם פון א קייזערליכען קאמערהערר, און אלס ער איז געקומען אין דער נעהע פון דעם שלאס, איז ער געבליבען שטעהן און האט וויא פערוואונדערט דיא געשלאסענע פענסטער פון דער קייזערינס שלאפצימער אנגעקוקט.

— „וואס זאל עס בעדייטען?“ — האט ער צו זיך זעלבסט געזאגט — „זיא שלאפט נאך און דאס איז גראדע דיא שטונדע, צו וועלכע זיא האט מיר אהער בעשטימט!“—

ער האט אנגעהויבען צו געהן הין און צוריק און אלע זיינע בעווע־

גונגען האבען דיא גרעסטע אונגעדולד, דיא גרעסטע ליידענשאפט אויסגעדריקט.

דאס איז געווען דער קאמערהער מאַנס דע־לא־קרוא, דער ברו־דער פון יענע עדלע אננא מאַנס דע־לא־קרוא. וועלכע פיאטר וועליקי האט א מאל אומזיסט זיך געמאטערט צו פערפיהרען און וועלכע עס האט מיט אזוי פיעל עדלען מוטה אלע זיינע שמייכלערייא צוריק געוויזען.

יעצט איז זיא געווען דיא גענעראלין באַלק און איהר אינגערער ברודער איז דורך דיא גוסט פון דיא קייזערין קאטהארינא דיא ער־סטע איהר פערזעהנליכער קאמערהערר געווארען.

אלס קליינער און אונבעדייטענדער בעאמטער איז ער ביים קייזערליכען האף געשטאנען, קאטהארינא אבער האט דעם שיינעם יונגען מאן דערזעהען, האט אין איהם געפונען אלע מעלות, וואס „א געליעבטער" דארף האבען און האט מיט איהם איין געהיימעס פער־העלטניס אנגעקניפּט. אום איהם אלע מאל ביי זיך צו האבען, האט זיא ביי איהר מאן, דעם קייזער, אויסגעווירקט, דעם יונגען מאַנס צו איהר קאמערהערר צו מאבען, און פיאטר, וואס האט נאך דאמאלס אין זיין קאטינקעס צניעות געגלויבט, האט עס גערן געטאהן.

באלד אבער האט גאנץ פעטערסבורג און אויך גאנץ פעטערהאף אנגעהויבען וועגען קאטהארינעס פערהעלטניס צו דעם יונגען קאמער־הערר מאַנס פיעל צו רעדען, און עס האבען זיך אויך געפונען „גוטע פריינד", וואס האבען דעם קייזער אויף דעם אויפמעקזאם געמאכט. פיאטר, וואס האט אין זיין וזייב געגלויבט, וויא א קאַצקער חסיד אין דיא היילינקייט פון זיין רבין, איז אנפאנגס זייער בייז געווארען, דאס מען וואגט אין דיא „היילינקייט" פון זיין אונשולדיגע קאטינקא צו צווייפלען, שפּעטער אבער, אלס עס האבען זיך מעהר „שלוחי מצוה" געפונען און מען האט איהם אנגעהויבען אלץ מעהר און מעהר מזהיר זיין, האט ער אנגעפאנגען זיין ווייב נאכצושפיערען און האט באלד איינגעזעהען, דאס דיא נשמה פון זיין פרומע ווייב האט זיך ווירקליך

אראפּגעלאזען פון דיא עולמות עליונים צו דיא עולמות תחתונים. דאך האט ער נאך ניט געוואלט ברייננגען צו איין עפענטליכען סקאנדאל און האט זיך געווענדעט צו דער גענעראלין באלק, דיא שוועסטער פון זיין נעבענבוהלער און האט איהר געבעטען, זיא זאל איהר ברודער דעם יונגען מאַנס, ווארנען, ער זאל דאס „געפעהרליכע" שפּיעל אויפהערען, אויב ער וויל ניט ווערען מיט א קאפּ קירצער.

טויט שרעקענעס איז דיא אננא מאַנס בעפאלען אלס דער קייזער האט איהר זיין דראָהונג אויסגעשפּראכען. זיא האט געוואוסט, דאס אין אזעלכע ענינים איז פּיאטר א וואָרטסמאן, און וואו עס האנדעלט זיך אום א מענשליכען קאפּ אפּצוהאקען, האט ער פיינט אפּצולייגען אויף שפּעטער. זיא האט געאיילט צו איהר ברודער און האט איהם מיט איהר גאנצע בערעדזאמקייט געשילדערט אין וועלכער געפאהר זיין לעבען שוועבט, זיא האט געוויינט און האט איהם בעשוואָרען דיא אלטע קאקעטקע צו פערלאזען. דער קאמערהערר מאַנס איז שוין אין קאטהינקעס נעטץ צו פיעל פערוויקעלט געוועזען, ארויספלאנטערן זיך איז איהם שוין אונמעגליך געוועזען, דארום, אום זיין שוועסטער צו בערוהיגען, האט ער איהר פערשפּראכען, מיט דיא „אלטע נקבה" קיין שום מגע ומשא צו האבען. דיא גענעראלין באלק האט אבער פערשטאנען, אז איהר ברודער האט איהר דאס פערשפּרעכען געגעבען אום זיא גאר צו בערוהיגען, דארום האט זיא איהם אין שטילען נאכגעשפּירט.

פּיאטר האט אויך באלד אויסגעפונען דאס דער קאמערהערר מאַנס בעזוכט זיין פּלונית'טע אין דיא שפּעטע נאכטשטונדען וויא פריהער און דאס אלע ווארנונגען פון זיין שוועסטער, האבען אויף איהם געווירקט וויא א טויטען וויהרויך, דארום האט ער זיך בעשלאסען דיא שיינע פּאר פאלק צו חאפּען במקום המעשה.

אם 8־טען נאוועמבער 1724 אין דער פריה, איז פּיאטר אריין געקומען צו דיא קייזערין אין צימער אין רייזעקליידער אנגעטאהן און האט איהר געמעלדעט, דאס ער פעררייזט אויף עטליכע טעג אין איינע פון דיא וויטערע גובערניעס.

— „שוין ווידער?“ — האט זיך דיא קייזערין אפגערופען און האט אויסגעשניטען דיא טרויריגסטע מיענע אויף איהר געזיכט —

— „איך מוז, ליעבע קאטהארינא!“ — האט איהר דער קייזער געענטפערט — „עס איז ווירקליך ניט גרינג א קייזער צו זיין, ער מוז אויך שווער און ביטער ארבייטען!“—

— „אָה, איך אונגליקליכע!“ — האט קאטהארינא געיאמערט— „וויא שווער וועט מיר זיין דיא צייט אהן דיר צו פערלעבען! יעדע מינוט וועט זיך מיר אויסציעהען פאר א יאהר!“—

— „ליעבסט דוא מיך ווירקליך, קאטהארינא?“ — האט איהר פיאטר מיט האלבערשטיקטע שטימע געפרעגט. ער האט זיך קוים איינגעהאלטען, אום איהר אין פנים ניט אנצושפייען —

— „אָה, פיאטר! מיין מאן! מיין געליעבטער!“ — האט זיא אויסגערופען אויף זיין ברוסט זיך ווארפענדיג און זיין מונד מיט קוסען בעדעקענדיג — „קענסט דוא נאך צווייפלען? ווייסט דוא דען ניט, דאס אהן דיר האט דאס לעבען פאר מיר קיין ווערטה? דאס אהן דיר איז מיר דער טהראן, דיא קרוין און דיא גאנצע גלאנץ און פראכט, וואס רינגעלט מיך ארום פון אלע זייטען, נאר א פוסטער חלום? איך וויים, דו א ביזט מיר חושד. מיינע פיינע פיינד גראבען מיך, זיי זוכען מיך צו שטירצען. זיי האבען דיר שרעקליכע זאכען פון מיר דערצעהלט, אבער מיין הערץ איז לויטער, מיין געוויסען ריין, וויא געפאלענער שנייא. איך ליעב נאר דיך, נאר דיך, פיאטר! און דיא גאנצע וועלט, אהנע דיך, איז מיר גלייכגילטיג!“—

זיא האט איהם מיט גרויס פייער אומגעארעמט און האט איהם צוגעדריקט צו איהר ברוסט.

— „דוא ביזט אין אירטהום, קאטהארינא“ — האט ער איהר געענטפערט — „איך בין דיר ניט חושד, איך בין אין דיין טרייע זיכער וויא אין דער גאטטהייט!“ —

נאך איין הייסע אומארמונג, נאך איין פייערדיגער קוס און ער

איז ארויסגעגאנגען.

זיא איז צוגעלאפען צום פענסטער, האט געזעהען וויא פיאטר האט זיך אריין געזעצט אין עקיפאשז און האט איהם עטליכע לופט־קוססען פון אויבען צוגעווארפען.

קוים איז דער וואגען מיט דעם קייזער פערשוואונדען, איז זיא צום טיש האסטיג צוגעגאנגען און האט אנגעקלונגען.

איין זייטענטהיר האט זיך לאנגזאם געעפענט און דער קאמער־הערר מאנס איז אריין געקומען.

— „ענדליך, געליעבטער, זיינען מיר אויף א פאאר וואכען פריי!“ — האט קאטהארינא אויסגערופען און האט אויף זיך דעם קאמערהערס ברוסט געווארפען — „ער איז אין איינע פון דיא ווייטע גובערניעס אוועק געפאהרען און קיינער קען אונז יעצט ניט שטערן“—

— „אָה, מיט וועלכען אונגעדולד איך האב דיזע גליקליכע שטונ־דע ערווארטעט!“ — האט ער איהר געענטפערט און האט איהר געזיכט מיט קוסען בעדעקט — „דיא פארזיכטיגקייט, מיט וועלכע איך דארף יעדעס מאל צו דיר קומען, מיין געליעבטע קאטהארינא, קען איך שוין ניט אויסהאלטען, מיר שיינט, אז טויזענד אויגען שפיאָנירען מיר נאך און דער געדאנקען איינמאל ענטדעקט צו ווערען מאכט מיין בלוט אין מיינע אדערן פריערען.!“—

— דוא ביזט איין טרוס (פייגלינג), מיין ליעבלינג!“ — האט זיך קאטהארינא מיט א זיסען שמייכעלע אפגערופען און האט איהם לייכט פאר זיין אויער געצויגען — „ווייסט דוא דען ניט, אז איך בין קייזערין און האב גענוג מאכט דיך אין יעדען פאל צו בעשיצען!“ —

— „איך וויים עס, מיין ליעבע קאטהארינא, און דאך — —“—

— „גענוג! איך וויל מעהר ניט הערען!“ — האט זיא איהם איבערגעשלאגען — „צום ווייניגסטען דיא פאר וואכען האסט דוא ניט וואס מורא צו האבען. געה, איך ערווארטע דיך היינט ביי נאכט צווישען צוועלף און צוועלף דעם זייגער אין מיין בודואר, דוא וועסט זיין

אין פּארק און איך וועל דיר שוין א צייכען געבען, ווען דוא ווערסט קענען צו מיר אריינקומען!“ —

איבערגליקליך פון דעם זיסען געגוס, וואס איהם ערווארטעט אין דיזער נאכט, איז דער יונגער קאמערהערר מאַנס פון קאטהארינאס צימער ארויס געגאנגען.

מיר האבען שוין געזעהען וויא פּינקטליך ער איז געוועזן, מיר האבען שוין געזעהען מיט וועלכער אונגעדולד ער האט צו דער בע־שטימטער שטונדע אין פּארק ארום געשפּאציערט. דער שטאטזייגער האט שוין עלף געשלאגען און דיא פענסטער אין קאטהארינאס שלאפצימער זיינען נאך אימער פערשלאסען געבליבען.

זיין אונגעדולד האט געשטיגען פון מינוט צו מינוט און מיט דער אונגעדולד איז אויך דיא ברענענדע ליידענשאפט אלס הייסער געוואָ־רען. האלב וואהנזינניג איז ער אין גארטען פארביי דעם פּאלאסט ארום געלאפען. ער האט אין דיעזער שטונדע אלעס ארום זיך פער־געסען.

פון וואנען האט ער געקענט וויסען, אז מענשיקאווס נשמה איז אויך ניט פון מרור און כרפס צוזאמענגעשטעלט? אז יענער ליעבט אויך צו געניסען פון „עץ החיים“ וויא ער? און דאס גראדע היינטיגע צוויי שטונדען פון צעהן ביז צוועלף האט מענשיקאוו גענומען פאר זיך.

אויך קאטהינקע האט דאס אין איהר „אונשולד“ ניט געקענט פאראויס זעהען, און אלס מענשיקאוו איז גאנץ אונערווארטעט ארום צעהן אוהר אין איהר בודואר אריינגעקומען, האט זיא איהם געמוזט „אננעהמען פאר „א גוטען גאסט.

אך, וועלכע „הערצוויייטיגען“ אונזערע „אונשולדיגע“ דאמען האבען אפטמאל! איין בורא אין הימעל מעג זיך מרחם זיין איבער זיי!

פלוצלינג האט ער דערהערט א גערויש, ער האט זיך האסטיג אומגעקוקט און איז וויא פערשטיינערט געבליבען שטעהן אויף זיין פלאטץ. זיין שוועסטער אננא איז געשטאנען פאר איהם.

— „ברודער! געליעבטער ברודער!“ — האט זיא אויסגערופען —

„אזוי האלטסט דוא דאס דיין פערשפּרעכען, וואס דוא האסט מיר געגעבען? וואס טהוסט דוא דא צו דיעזער שטונדע, אונטער דיא פענסטער פון דער קייזערינס שלאפצימער?“ —

— „איך — איך וויל — עטוואס פרייע — לופט געניסען!“ — האט ער איהר שטאמלענדיג פאר שרעק געענטפערט — „דער אבענד איז אזוי שיין!“ —

— „ניין, דוא וועסט מיך ניט נארען!“ — האט אננא אויסגע־רופען — „דוא האסט נאך דיין זינדהאפטעס פערהעלטניס, צו דער געזונקענער פרוי ניט אפגעבראכען? דוא האסט דא מיט איהר איין צוזאמענקונפט אין פארק אפגערעדט, אה, בדודער! האב רחמנות מיט דיין יונגען לעבען. דער קייזער וויס פון אלעס, ער וועט דיך אומברייננגען. היט זיך פאר זיין צארן!“ —

— „אבער איך שווער דיר ביי אלעם וואס הייליג איז, דאס איך וויים ניט פון וואס צו זאגען!“ — האט זיך דער קאממערהער אפּגע־רופען — „דיא נאכט איז אזוי העל אוןווארעם, איך וועל דא נאך א שטונדע צייט פערברייננגען און וועל געהן שלאפען!“ —

— „גיבסט דוא מיר דארויף דיין ווארט?“ —

— „איך שווער עס דיר!“ —

זיא האט איהם געגלויבט און איז אוועק געגאנגען.

ער איז נאכדענקליך געבליבען שטעהן. איין קאמפף האט זיך אין זיין ברוסט אויפגעהויבען. דיא ליידענשאפט צו דיא שיינע פרוי האט איהם פעסטגעהאלטען אויף זיין פלאטץ, דיא מענשליכע פערנונפט האט איהם געהייסען אנטלויפען. ענדליך האט דיא פערנונפט איבער דיא ליידענשאפט געזיעגט און ער האט זיך שוין אומגעווענדעט אוועק צו געהן.

אין דיזען מאמענט האט איין ליכטשטראהל זיין אויג געטראפען. ער האט זיך אומגעקוקט און האט דיא שיינע צויבערין, זיין הייסגע־ליעבטע קאטהארינא אין פענסטער דערזעהען. דיא פארהאנגען פון פענסטער זיינען ארויפגעצויגען געווען און דיא קייזערין אין א ווייסען

פעניואר געקליידעט, זייער טיעף אויף דער ברוסט אויסגעשניטען, האט אין גארטען ארויס געקוקט.

איין ציטערן איז דורך זיין גאנצען קערפער וויא איין שטארקער עלעקטרישער שטראם דורכגעפלויגען. זיין בלוט האט וויא פייערדיגע וועללען צו זיין הערץ געשטראמט. ער האט ווידער אלעס ארום זיך פערגעסען, ער האט נאר פאר זיך געזעהען דיא שיינע צוויבערין, וואס האט איהם אזוי זיס, אזוי ליעבליך צוגעוואונקען.

וויא א בעטרונקענער איז ער דיא מארמארטרעפ פון פאלאסט ארויף געפלויגען און איז באלד אין איין זייטיגען קאררידאר פערשוואונדען געווארען.

— — — — — — — — — — — — — — — —

שטונדען, לאנגע זיסע און צויבערהאפטע שטונדען זיינען פערגאנגען.

נאך ניעמאלס איז איהר קוס אזוי זיס, איהרע אומארמונגען אזוי פייערדיג געוועזען וויא היינט.

וויא בעטויבט, וויא פערגיפטעט מיט א זיסען גיפט, איז ער אין איהר ווייבעע ארעמס געלעגען.

— „לאז מיך שוין געהן, דוא זיסע צויבערין!“ — האט ער ענדליך צו איהר מיט קייכענדער שטימע געזאגט — עס איז שוין שפעט!“ —

— „נאך א האלבע שטונדע, געליעבטער!“ — האט זיא איהם געענטפערט און איהרע ארעמס האבען זיין נאקען ווידער ארומגעשלאסען!“ —

און ווידער איז א האלבע שטונדע פערגאנגען......

— „נוא, יעצט וועט שוין גענוג זיין!“ — האט ער אויסגערופען און איז אויפגעשפרונגען —

— „געה, געליעבטער!“ — האט זיא איהם געענטפערט — „און פערגעס ניט מארגען צו דערזעלבער שטונדע!“ —

ער איז שוין ביים טהיר געוועזען און האט שוין זיין גן־עדן התחתון

געוואלט פערלאזען. פלוצלינג האט זיך דיא טהיר פון דרויסען האסטיג אויפגעעפענט און פיאטר איז אריין געקומען אין צימער.

ער האט דיא טהיר געלאזט האלב אפען און מען האט צוויי גארדע אפיצירען אין דעם גרויסען פאררערצימער געקענט זעהען.

— „גאטט! איך בין פערלארען!“ — האט דער קאמערהערר מאָנס אויסגערופען —

— „יא, דוא ביסט פערלארען, דוא עלענדער שקלאף!“ — האט איהם דער קייזער געענטפערט און צו דיא צוויי אפיצירען זיך ווענ־דענדיג, האט ער אויסגערופען: „נעהמט איהם!“—

דיא גארדע אפיצירען האבען איהם מיט זיך אוועק געשלעפט.

און נון האט זיך אנגעפאנגען איינע פון יענע שוידערהאפטע סצענען, וועלכע קיין פעדער אין דער וועלט איז אימשטאנדע צו בע־שרייבען און וועלכע קיין מענשליכע פאנטאזיע איז אימשטאנדע אויס צי דענקען. מיט ציטרענדע הענד האט ער פון איהר דיא קליידער ארונטער געריסען און מיט א קנוט, צו וועלכע דיזער קייזערליכער מערדער האט אלע מאל גרויס חשק געהאט, האט ער איהר שיינעם קערפער, וואס האט אזוי פיעל מענער פערפיהרט און אונגליקליך געמאכט, כמעט אין שטיקלאך צו האקט. איינינע מאל האט ער איהר געהאפט פאר דיא האר און האט איהר אומגעשליידערט פון איין ווינקעל צום צווייטען, איהר בלוט האט אין שטראמען געפלייצט פון איהר קער־פער, פון איהר נאז און פון איהר מויל, ער איז אבער נאך ניט זאט געווען. ענדליך איז זיא געבליבען ליגען האלב טויט אויף דעם טעפיך פון שלאפצימער, וואס איז דורכגעווייקט געווען פון איהר בלוט.

— „דאס איז נאך ערסט איין אנהויב“ — האט ער מיט קיי־בענדער ברוסט און מיט גליהענדע אויגען וויא איין געררייצטער טיגער געשריען — „דוא ווערסט מיר מיט דיין לעבען בעצאלען, אבער דיין טויט זאל איין שרעקליכער זיין!“—

נאך איינמאל האט ער מיט זיין שווערען שטיוועל איהר קאפ

געטראטען און איז וויא וואהנזיננינ פון קאטהארינאס שלאפצימער ארויס געלאפען.

אין צווייטען צימער האט איהם דער פירסט רעפנין אבגעהאלטען.

— „קייזערליכע מאיעסטעט!“ — האט דער פירסט אויסגערר־פען — „איך פערשטעה פאלקאמען דיין גערעכטען צארן, אבער איך בעט דיך אונטערטהעניגסט, האלט איין דיין צארן און בעגעה ניט אזא טהאט, וועלכע דוא וועסט שפעטער ביטער בערייען!“—

— „שקלאפע! דוא וואגסט מיר אינסטרוקציאנען צו געבען?“— האט דער קייזער מיט דאננערשטימע געשריען — דוא וואגסט מיר — — — — —“ —

— „יא, איך וואג עס, מאיעסטעט“ — האט דער פירסט רעפנין מוטהיג אויסגערופען — „דען וואו עס האנדעלט זיך אום דיא עהרע פון מיין ערהאבענען קייזער און געביעטער, קען איך אלעס וואגען און איך ראטה דיר קיין עפענטליכען סקאנדאל צו מאכען, וואס וועט דיין רוהם, דיין עהרע בעשמוצען!“—

אבער פיאטר וועליקי האט אזא בעגריף געהאט פון עהרע, וויא דער דאנסקאיער קאזאק אין הלכות פסח, און האט מיט שטייגענדער וואוטה געשריען:

— „ניין! זיא מוז שטארבען! און איהר טויט מוז דער שרעקליכ־סטע זיין!“ —

— „און וואס וועסט דוא מיט דעם אויספיהרען, מיין קייזער?“— האט איהם דער פירסט געענטפערט — „דוא וועסט איהר מיט דעם פון אייביגע שאנדע, פון אייביגע חרטה, וואס איז טויזענד מאל ער־גער פון דעם טויט, בעפרייען, און איבער דיך וועט זיך גאנץ אייראפא לוסטיג מאכען. זעהט נאר, זעהט! וועלען דיינע פיינד זאגען, דער גרויסער פיאטר, וואס האט רוסלאנד פון שטויב אויפגעהויבען, וואס האט דיא ערסטע רוסישע פלאטע געבויט און וואס האט זיינע מעכ־טיגסטע געגנער אויף דעם שלאכטפעלד בעזיעגט, איז צו שוואך געוועזען דאס הערץ פון איינע ליפלענדער מושזיצקע צו עראבען. ער

האט ניט פערשטאנען דיא ליעבע פון אזא פראסטע פרוי צו געווינען און זיא איין איינפאכען דיענער מעהר אלס איהם געליעבט!“—

דיזע לאָגיק האט דעם צערבראכענענדען קייזער וויא א קאלטע וואנע אבגעקיהלט. איינינע מינוטען האט ער נאכגעדאכט, דאן האט ער אויסגערופען:

— „גוט! איך וועל דיר פאלגען! דיא געזונקענע פרוי זאל לעבען בלייבען!“—

און מיט האסיגע טריט איז ער אין זיין קאבינעט אוועק געגאנגען.

* * *

מיט שרעקען האט קאטהארינא ערווארטעט דיא מינוט, ווען דיא קייזערליכע היידוקען וועלען אין איהר צימער אריין קומען, אום איהר צום עשאפאָט צו שלעפען און דארטען מיט א קלאָץ און מיט א שארפע האק איהר דאס רעכט אפטאהן במנהג פיאטר וועליקי ורוסיא, זיא האט זיין מערדערישעס הערץ זייער גוט געקענט און האט גאר קיין גנאדע ניט ערווארטעט, אבער וויא איבערראשט און פערוואונדערט איז זיא געווארען, אלס פיאטר איז אין צוויי טעג ארום גאנץ פריה צו איהר אין צימער אריין געקומען, האט זיך געגען איהר גאנץ העפליך פערנייג און מיט א שמייכעלע אויף זיינע ליפען האט ער איהר געפרעגט:

— „ווילסט דוא ניט, מיין ליעבע קאטהארינא, מיט מיר אויספאהרען שפאצירען?“ —

זיא האט איהם העכסט איבערראשט אנגעקוקט און האט איהם געענטפערט:

— „געוויס, מיין ליעבער פיאטר!“—

— „אלזא, מאך זיך פערטיג!“ — האט ער גאנץ רוהיג אויסגערופען —

ער האלט זיך אומגעווענדעט צום פענסטער און האט ארויס געקוקט אויף דער שטראסע, וואו דער קייזערליכע עקיפאשזע האט געווארט.

אלס זיא איז מיט איהר טואלעטע פערטיג געוואָרען, האט ער איהר זייער גאלאנט גענומען אונטערן אָרם, האט זיא אראפּגעפיהרט פון דיא טרעפּ, וואו מעהרערע האפּמארשאלען און האפדאמען האבען זיך געגען זיי זייער טיעף פערנייגט און האט איהר געהאלפען אין דער עקיפּאשזע איינשטייגען.

זיי זיינען מעהרערע שטראסען דורכגעפאהרען און דאָס פאלק האט זיי מיט „הורראה“ פון אלע זייטען וויא אימער בעגריסט.

ענדליך זיינען דיא פערד ביי איין גרויסער און פינסטערער גע־ביידע געבליבען שטעהן.

פּיאטר איז פון וואגען אראפּגעשפרונגען און האט איהר געהאל־פען אויסשטייגען.

— „וואהין האסט דוא מיך געבראכט, מיין ליעבער פּיאטר?“— האט זיא איהם העכסט פערוואונדערט געפרעגט—

— „צו דער היגריכטונג, מיין ליעבע קאטהארינא!“ — האט ער איהר גאנץ געלאסען געענטפערט און האט איהר אריין געפיהרט אין דעם הויף פון דער פינסטערער געביידע—

טויטשרעקענים איז דיא זינדערין בעפאלען. זיא האט געגלויבט דאס איהר לעצטע שטונדע איז געקומען.

— „פּיאטר! האב רחמנות! שיינק מיר דאס לעבען!“ — האט זיא מיט געבראכענער שטימע אויסגערופען —

— „דוא ווערסט לעבען, מיין טהייערע!“ — האט ער איהר געענטפערט —

— „ווער דען איז דער אונגליקליכער, וואס ווערט היגגעריכטעט ווערען?“ — האט זיא געפרעגט—

— „דיין געליעבטער מאַנס!“ — האט ער איהר גאנץ קאלט־בלוטיג געענטפערט — „איך האב אזוי איינגעריכטעט, דאס אויף דיר ווערט קיין שטויב ניט פאלען. זעהסט דוא, מיין ליעבע קאטהא־רינא, וואס פאר א גוטער מאן איך בין?“ —

— „און איך זאל דיעזע שרעקליכע סצענע בייוואהנען? — האט זיא ציטערנד אויסגערופען —

— „רוהיג! רוהיג! קייזערליכע מאיעסטעט!“ — האט ער צו איהר אין דער שטיל מיט א גיפטיגען שמייכעלע געזאגט — „זאנסט וועט מען דיר חושד זיין, אז דוא ביזט צו דעם פעראורטהיילטען ניט גלייכגילטיג“.—

אין מיטען הויף איז געשטאנען א ארט בינע מיט אייניגע טרעפּ פון ביידע זייטען. אויף דער בינע איז געשטאנען א דיקער און א רונדער קלאָץ, אויף וועלכען עס איז געלעגען א גרויסע און א שארפע האק און ביי דעם קלאָץ איז געשטאנען א קארב, אום דעם אפּגע-האקטען קאפּ פון דעם הינגעריכטעטען אויפצונעהמען.

איין לוטהעראנישער פּאסטאָר איז געשטאנען אויף דער ביהנע און האט דעם אונגליקליכען ערווארטעט, אום איהם דעם לעצטען זעגען פאר זיין טויט צו געבען, אייניגע אפיציערען און מעהרערע הייד-דוקען זיינען געשטאנען ארום דעם עשאפאָט.

דער קייזער האט געגעבען א צייכען מיט דער האנד און מען האט דעם אונגליקליכען קאמערהערר מאָנס אריינגעפיהרט. וואנקענד איז ער דיא טרעפּ צום עשאפאט ארויפגעגאנגען.

איין אפיציער האט פאלגענדען דעקרעט פארגעלעזען:

„דער קאמערהערר מאָנס דע-לא-קרוא, וואס איז אייניגע יאהר קאמערהערר ביי איהרער מאיעסטעט, דיא קייזערין קאטהארינא דיא ערסטע, געוועזען, האט זיך ערלויבט ביי איהרער מאיעסטעט א גרויד-סע סומע געלד, וויא אויך מעהרערע שמוק-זאכען פון גרויסען ווערטה צו שטעהלען און איז דערפאר פון געריכט צום טויט פעראורטהיילט געווארען!“

— „ביזט דוא זיך עפענטליך מודה, אז דוא האסט ביי איהרער מאיעסטעט, דיא קייזערין, געלד און שמוק-זאכען געשטאהלען?“ — האט איהם דער אפיציער גאנץ לויט געפרעגט —

— „יא!“ — האט דער אונגליקליכער וויא איין שטערבענדער ארויסגעהויכט—

ער האט דיא געזונקענע פרוי געוואלט רעטען. איהר נאמען און איהר רוהם איז ביי איהם טהייערער פון זיין אייגענע עהרע געוועזן.

איין בליטץ פון איננערליכער צופריעדענהייט האט פיאטר'ס אויגען אויפגעגלאנצט, ער האט זיין ציעל עררייכט.

אויך דיא נידעריגע זינדערין האט זיך וויא ערלייכטערט אפגע= זיפצט. איהר עהרע איז גערעטעט. וואס ארט דאס איהר, דאס א אונגליקליכער בעצאהלט דערפאר מיט זיין לעבען? זיא איז דאך איינמאל א קייזערין, און ווער קען דאס האבען דיא חוצפה ניט צו וועלען שטארבען פאר א קייזערין אדער פאר א קייזער?

פיאטר האט דעם צוויטען צייכען געגעבן. דער הענקער האט דיא האק אין זיין האנד גענומען.

האסטיג האט זיך דער פעראורטהיילטער צום הענקער געווענדעט און האט צו איהם אין דער שטיל געזאגט:

— „אין מיינע קליידער וועסט דוא געפינען א קליין בילד פון א פרוי אין ברילאנטען איינגעפאסט. נעהם דיא ברילאנטען פאר זיך אבער דאס בילד זאלסט דוא פערניכטען!“ —

דאס איז געוועזן קאטהארינאס בילד.

אלע האבען געגלויבט, דאס ער בעט ביי דעם הענקער אום א גרינגען טויט.

דאן האט פיאטר דעם דריטען צייכען געגעבען. דיא האק האט אין דער הויך אין דיא העלע מארגענשטראהלען אויפגעבליצט און דעם קאמערהעררס קאפ איז שוין אין קארב געלעגען.

מיט איבערנאטירליכער קאלטבלוטיגקייט האט קאטהארינא דיזע גרויזאמע סצענע צוגעזעהן.

שווייגענד האט איהר פיאטר ווידער גענומען אונטערן ארם און האט איהר צו דער עקיפאזשע אוועק געפיהרט און שווייגענד זיינען זיי צום פאלאסט געקומען.

איינינע טעג נאך דער רייהע האט ער איהר געפיהרט צו דעם פלאטץ, וואו דער קאפף פון דעם הינגעריכטעטען איז עפענטליך אויסגעשטעלט געוועזען, און אלס ער האט געזעהען, אז דאס מאכט אויף איהר קיין איינדרוק, האט ער געבראכט דעם טויטען קאפ פון קאמערהערר און האט עס אוועק געשטעלט אין איהר צימער. אבער דאס האט אויף איהר אויך זייער וועניג געווירקט, דארום האט ער דעם טויטען קאפ אוועק געשיקט אין דער אקאדעמיע, וואו דער קאפ פון זיין אמאליגע געליעבטע, דיא האפפרייליין האמילטאָן, איז שוין פון לאנג אן אויסגעשטעלט געוועזען.

דיזע געלעגענהייט האט דער מאיעסטעטישער לומפ אויסגענוצט אום זיך אן דיא אונגליקליכע אננא מאָנס, דיא שוועסטער פון דעם הינגעריכטעטען קאמערהערר נוקם צו זיין, פאר זיין ליעבע, וועלכע זיא האט געוואגט צוריק צו ווייזען. ער האט זיא בעשולדיגט, דאס זיא האט דאס געלד און דיא שמוק־זאכען ביי דער קייזערין צוזאמען מיט איהר ברודער געשטאהלען. מען האט איהר ארעטירט, מכבד געוועזען מיט דער קנוטע און דאן האט מען איהר נאך סיביר פערשיקט.

דיא „גוטהערציגע“ קאטהארינא, וואס איז שוין אין צוויי מאנאט ארום נאך דעם דיא זעלבסטהערשערין פון רוסלאנד געווארען, האט ניט געפונען פאר נויטהיג, דיא אונשולדיגע אננא מאָנס פון איהר פערבאננונג צו בעפרייען, האטש זיא האט געוואוסט, דאס ניט זיא און ניט איהר ברודער האבען ביי איהר געלד, אדער שמוק־זאכען געשטאהלען.

נוא׳ וואס קען מען פערלאנגען פון א רוסישע קייזערין? זיא האט דאך אזוי פיעל „צו טאהן“! וויא קען זיא זיך פערנעהמען מיט אזעלכע „הייליגקייטען“? —

זייט יענעם צופאל האט דער קייזער מיט איהר קיין איינציגעס ווארט מעהר געשפראכען און אלע איהרע דריידלעך און קונצען איהם נאך א מאל צו בעצויבערן, האבען שוין ניט געווירקט.

זיא האט שוין פאר איהם ניט עקסעסטירט און איהר פלאטץ

האט דיא אויסגעלאסענע פּרינצעסין קאנטעמיר אין זיין הערצען איינגענומען.

אויך זיין פּערטרויטער און ליעבלינג, דער פירסט מענשיקאוו, אויף וועלכען ער האט געקוקט וויא אויף זיין געפעהרליכסטען נעבענ־בוהלער, איז איהם זעהר פערהאסט געוואָרען און ער האט געזוכט פּלאנען וויא זיי ביידען אויף איינמאל צו פערניכטען. קאטהארינא און מענשיקאוו האבען געוואוסט, וואס זיי ערווארטעט און האבען זיך אין דער שטיל געגען דעם קייזער פערבונדען.

פּיאטר איז קראנק געווארען און קאטהארינא מיט מענשיקאווען האבען געזארגט ער זאל חס ושלום ניט געזונד ווערען. אם 28 יאנואר 1725 איז ער געשטארבען און איז געווארען א בן עולם הבא.

דיא ליפלאנדער מושזיצקע איז געווארען זעלבסטהערשערין איבער רוסלאנד

עס איז אונטער דעם פאלק אפילו בעקאנט געוועזען, דאס פּיאטר האט איהר פאר זיין טויט ענטטראהנט, אבער זיא האט דעם מע טראַפּאָליט טהעאָפאנוס אונטערגעקויפט, און דיזער האט עפענטליך געשוואָרען, דאס פּיאטר וועליקי האט צו איהם פאר זיין טויט געזאגט בזה הלשון:

— „מיין געטרייע קאטהארינא איז ווערטה דיא זעלבסטהערשע־רין פון רוסלאנד צו זיין און איך בעשטים איהר פאר דיא קייזערין אויף מיין פּלאַטץ!“—

און ווער איז נאך אזוי לייכטגלויביג וויא דאס רוסישע פאלק? ווער לאזט זיך נאך אזוי גרינג אריין נארען אין זאק וויא דער אונ־ווישענדער קאַצאַפּ?

קאטהארינא איז געווארען קייזערין און אלע האבען פאר איהר דיא קעפּ אונטערטהעניג געבויגט.

יעצט האט זיא שוין קיינע שטערער געהאט און האט זיך אריין געווארפ׳ן נאך אין א גרעסערן ים שמוטץ און ניעדערטרעכטיגקייטען וויא פריהער. זיא האט איהרע ליעבהאבער פּונקט וויא איהרע זאָקען

געביעטען. איהרע פערהעלטניסע צו דיא נייע ליעבהאבער האבען אם מייסטען געדויערט נאר א פאר טעג, באלד האבען זיי זייער חן ביי איהר פערלארען, זיא האט זיי געגעבען א פוהר מיט א גלעקיל און האט זיך אויסגעזוכט אנדערע, פרישערע....

מענשיקאוו, וואס האט שוין אנגעפאנגען אלט צו ווערען און האט שוין אויסגעזעהען וויא א אבגעשלאגענע הושענא, איז איהר שוין אין גאנצען פערהאסט געווארען, אויסערדעם צו וועלכע צרות האט זיא איהם יעצט געדארפט, ווען זיא איז שוין דיא זעלבסטהערשערין פון רוסלאנד געוועזען? זיא האט אויסגעפונען (געוויס ניט מיט דעם רוח הקדש!), אז דיא גראפען סאפיעהא און ריווערוואלדערן טויגען א בי־סעל מעהר צום געשעפט וויא דער אויסגעוועבטער מענשיקאוו, און זיא האט זיי טאקי ארונטער גענומען אונטער איהרע ווארעמע פלי־געלאך.

דער יונגער און שיינער גראף סאפיעהא איז א געוויססע צייט איהר געהיימער מאן געוועזען און אלס זיינע חריין זיינען שוין ניט אזוי שטארק געוועזען וויא פריהער, האט זיא איהם חתונה געמאכט מיט איהרע א פלימעניצע, דיא גרעפין סקאווראנסקא.

לענגער וויא אלע האט ביי איהר דער גראף ריווערוואלדערן אויסגעהאלטען. ער איז פאלע אכט מאנאט איהר געהיימער מאן געוועזען,

פלאי פלאים!

זיא האט נאר געגאלטען פאר דיא וועלט אלס קייזערין פון רוס־לאנד, דער וואהרער הערשער איז אין דער ווירקליכקייט מענשיקאוו געוועהן. ער האט געטאהן וואס ער האט געוואלט און האט גאר ניט געפונען פאר נויטהיג בייא איהר צו פרעגען.

דאס האט איהר שטארק פערדראסען און זיא האט אנגעפאנגען צו וועבען פלענער וויא פון איהם לויז צו ווערען.

זיא איז שוין פערטיג געוועזען מיט א פלאן, אום איהם צו פער־

ניכטען, אבער פּלוצלינג איז זיא קראנק געווארען און איז אין אייניגע טעג ארום געשטארבען.

אייניגע היסטאריקער דערצעהלען, דאס פון פיעל שנאפּס טרינ־קען האט זיא בעקומען א לונגענענטצינדונג, פון וועלכע זיא איז גע־שטארבען; אנדערע דאגעגען בעהויפּטען, דאס מענשיקאוו האט איהר מיט קענדי פערגיפטעט. זיא איז אימער א גרויסע ליעבהאבערין פון נאשערייען געוועזען, פלעגט פון יעדען האָפקאוואליער קענדי אננעהמען און מענשיקאוו האט דיא „פריינדליכקייט“ געהאט, איהר א שאכ־טעל קענדי א טאג פאר איהר טויט צו שיינקען......

דעם גאנצען אבענד פאר איהר מיתה משונה איז זיא געווען זייער לוסטיג און מונטער, האט צוגעזעהען וויא דיא עלעגאנטע יוגענד דרעהט זיך ארום אין ווילדען טאנץ אויף דעם שפּיעגעלגלאטען פּאר־קעט, האט זייער פיעל געלאכט און האט אבגערעדט מיט איינעם פון איהרע טויזענד „מאנען“, ער זאל נאך דעם באל צו איהר צו קומען.... דא איז מענשיקאוו צו איהר צוגעגאנגען און האט איהר דערלאנגט א שאכטעל מיט פיינע פראנצייזישע באנבאנס (קענדי).

— „געניסען זיא, מאיעסטעט!“ — האט ער צו איהר מיט א זיסען שמייכעלע אויף זיינע ליפּען געזאגט — „איך האב עס פאר איי־ער מאיעסטעט דירעקט פון פאריז אויסגעשריעבען!“—

— „איך דאנק דיר, מענשיקאוו!“ — האט זיא איהם געענט־פערט דיא שאכטעל מיט דיא באנבאנס צונעהמענדיג—„דוא קענסט מיין געשמאק און ביזט נאך אימער מיין בעסטער קאוואליער!“ —

קוים אבער זיינען דיא געסט אוועק געגאנגען און זיא איז אין איהר שלאפצימער אריינגעקומען, אום דעם בעשטעלטען ליעבהאבער צו ערווארטען, איז איהר ניט גוט געווארען און האט מיט איינמאל אנגעהויבען שטארק צו ברעכען.

זיא האט אנגעקלונגען און איהרע קאמערפרויען האבען איהר שוין געפונען ליעגענדיג אויף דער ערד. עס איז געווארען א גרויסער לארעם, דער גאנצער שלאס איז צורודערט געווען, מען האט געבראכט

א דאקטאר, אבער שוין צו שפּעט! דער מלאך המות האט ש״ין שטארק קאקעטירט מיט דיא שיינע קאטהינקע.

אלע מיטלען זיינען געווען אומזיסט, מען האט איהר ניט געקענט רעטען.

אין א שטונדע ארום האט מען דיא שווארצע פלאגע אויף דעם שלאס ארויפגעצויגען, וואס האט גאנץ פּעטערבורג אנגעזאגט, אז דיא קייזערין איז טויט.

איבער הונדערט טויזענד מענשען האבען איהר צו איהר גראב בעגלייטעט. גאנץ אייראפּא האט זיך אנגעטאהן אין טרויער.

אזא לויה האט נאך קיין אויסגעלאסענע פרוי אין דער וועלט ניט געהאט!

---

אלס פארטזעצונג אין נעקסטען העפט וועט ערשיינען

א היסטאָרישער ראמאַן

קְראנפּרינץ אלעקסייא פּעטראוויטש,

פּיאטאר וועליקי'ס בן יחיד.

# פּעטער דער גרויסער

אַ היסטאָרישער ראָמאַן פֿון

## מ. זייפערט.



ПЕТРЪ ВЕЛИКИЙ

פערלאג פאן

קאנטראוויץ אונד קאצענעלענבאגען,

35 לודלאָוו סטריט, נויאָרק.

---

ידרוק פאן קרוגער אונד ליפשיץ,  173 איסט בראָדוויא, נויאָרק.

# קראנפרינץ אלעקסייא פעטראוויטש.

(אלעקסיי'ס ערציעהונג — זיין האכציט מיט דער פרינצעסין פון ברוינשווייג (דיא פרינצעסין פון וואָלפענביטטעל) — וויא ער פלענט זיין פרוי בעהאנדלען — זיין ליעבע צו א מושזיצקע פון פיננלאנד.)

---

איין פראכט עקזעמפלאר פון דיא רוסישע קייזערליכע מערדער, איז געוועזן פיאטר וועליקי'ס בן־יחיד, דער קראנפרינץ אלעקסייא פעטראוויטש, וואס דיא אונגליקליכע קייזערין יעוודאקיא לאָפוכינא האט געבארען, און וואס האט דיא גוטע און אונשולדיגע פרינצעסין קריסטינא פון ברוינשווייג אזוי אונגליקליך געמאכט. דאס גאנצע מארטירער־לעבען פון דיזע אונגליקליכע פרינצעסין, איהר ליידען, קעמפפען און בעפרייאונג, איז אזוי אינטערעסאנט און שפאנענד, דאס מיר ווידמען איהר איין גאנצעס בוך. פאר וועלכען אונזערע לעזער וועלען אונז געוויס זעהר דאנקבאר זיין, אבער בעפאר מיר נעהמען זיך צו דיזער ארבייט, מוזען מיר אונזערע לעזער געבען אין קורצען איין אלגעמיינעס בילד פון אלעקסיי'ס לעבען און ווירקען פון זיין ערסטע יוגענד אן, ביז זיין טויט, דאמיט זיי זאלען האבען א ריכטיגען בעגריף פון זיין כאראקטער און זאלען פערשטעהן דיא גרויזאמע האנדלונגען פון דיזען מאיעסטעטישען אויסוואורף.

שוין פון זיין קינדהייט אן איז דער קראנפרינץ א אונגליקסקינד געוועזן. איין בייזער שיקזאל האט איהם שוין פון זיין קינדערוויעג אן פערפאלגט.

אלס ער איז נאך קוים אכט יאהר אלט געוועזן, איז זיין מוטער פון איהר גרויזאמען מאן, זיין פאטער פערשטויסען געווארען און דיא

פיינדשאפט, וואס דער בארבארישער פיאטר האט צו זיין אונשולדיגע פרוי געפיהלט, האט ער אויך אויף איהר קינד איבער געטראגען.

דער גרויזאמער פאטער האט זיין קינד גאר זעהר זעלטען געזעהן און האט זיך וועגען איהם גאר ניט בעקימערט. דיא קינדער, וואס זיינע פיעלע מעטרעסען האבען איהם געבארען, זיינען איהם פיעל טהייערער און ליעבער פון זיין געזעצליכעם קינד געוועזען, און עס איז גאר קיין וואונדער, דאס אויך אלעקסייא האט קיין שום ווארעמעס געפיהל אין זיין הערצען צו זיין פאטער געפיהלט. דאס ביטערע שיק־זאל פון זיין אונגליקליכע מוטער, וואס האט אלס נאָנע אין איין קלויסטער געשמאכטעט, האט אין איהם א געפיהל פון האס צו זיין טיראנישען פאטער אויפגעוועקט און דיעזער האס האט איהם אויף דיא געדאנקען געבראכט אלערליי פלאנען צו זוכען, וויא אן זיין פא־טער זיך נוקם צו זיין.

ערסט דאן, אלס אלעקסייא איז שוין צעהן יאהרע אלט געוועזען, האט זיך פיאטר דערמאנט, דאס מען דארף זיין זוהן, דעם צוקינפ־טיגען קייזער פון רוסלאנד, איינע ערציעהונג, חאטש וועלכע עס איז, געבען, און האט דעם דייטשען באראן הויסען צו זיין ערציעהער און לעהרער אויסגעקליבען. דער ווירקליכער ערציעהער זיינער איז אבער דער מאסקעווער קובענפעדלער, פירסט מענשיקאוו געוועזען. דער דייטשער באראן, וואס איז א עהרליכער און א בראווער ערציעהער געוועזען, האט געזוכט דיא פיינסטע זיטען אין דעם יונגען קראנפרינץ איינצופלאנצען, זיינע געפיהלען צו ענטוויקלען און אויס צו עדלען, אבער מענשיקאוו האט אלע דיזע עדעלע פלאנצען מיט זיין שטארקער האנד צוריק ארויסגעריסען.

דעם גרעסטען איינפלוס האבען אויף איהם דיא פאָפּעס און דיא גלחים געהאט. ווער עס קען דיזע שמוציגע באנדע אין רוסלאנד פון היינטיגער צייט, דיזע פאנאטישע און העכסט אונוויסענדע „הייליגע" וואס בעהערשען נאך היינט אויף דעם גרעסטען טהייל פון דעם רוסישען פאלק, קען זיך פארשטעלען, ווער און וואס דיזע פאָפּעס

און גלחים זיינען געוועזן מיט צוויי הונדערט יאהר צוריק אין אזא לאנד, וואס איז אין זיטליכקייט און ציוויליזאציאן ניט פיעל העכער געשטאנען פון דיא ווילדע אזיאטישע פעלקער, און ער קען פערשטעהן וואס פאר א פיינעם חאראקטער דער קראנפרינץ אלעקסייא האט געקענט האבען, ווען ער האט זיין יוגענד נאר אין זייער געזעלשאפט פערבראכט. אין געגענזאטץ צו זיין לעבענסלוסטיגען פאטער, האט ער פיינט געהאט דיא עלעגאנטע וועלט, איהרע פערגניגענס און איהרע געניסע און פון דער פאליטיק האט ער געוויכט וויא פון א בייזע קראנקהייט. זיין האלב ציוויליזירטען פאטער האט ער בעטראכט וויא א אפיקורס, וואס האט ניט קיין רעליגיאן און גלויבט ניט אין גאטט און אויף אלע נייע איינריכטונגען, וואס ער האט אין רוסלאנד איינגעפיהרט נאך דעם אייראפייאישען שניט, האט ער געקוקט מיט גרויס האס. דיא ארמעע, וואס זיין פאטער האט אוועקגעשטעלט אויף אזא שטארקען פוס, האט ער געהאלטען פאר א איבריגע זאך, דעם גאנצען האפשטאט פאר אומזיסטע פרעסער און ער האט קיינמאל ניט בעזוכט דיא בעלער און דיא גלענצענדע פעסטע, וואס זיין פאטער האט אין זיין פאלאסט געגעבען. אנשטאט דעם פלעגט ער זיך אפט פערקלייבען מיט א גאנצע באנדע פאפעס אין איינעם פון דיא פינסטערע קלויסטערס און פלעגט מיט גרויס לוסט אויסהער־ען זייערע מעשות פון דיא הייליגע, וואס האבען געטאהן וואונדער אויף דער וועלט, וואס נאר מיט זייער זכות לעבט גאנץ רוסלאנד, פלעגט מיט זיי טרינקען שנאפס גלעזערווייס און האט זיך אין זייער געזעלשאפט געפיהלט, וויא א פיש אין וואסער.

זיין ערציעהער, דער דייטשער באראן הויסען, האט געגען דעם פראטעסטירט,, אבער מענשיקאוו האט איהם באלד אבגעשאפט און ער האט זיך שוין אין גאנצען גענומען צו מאכען דעם קראנפרינץ פאר אזא צאצקע, וויא ער איז אליין געוועזן.

אום איהם אין גאנצען צו פערדערבען, האט איהם מענשיקאוו מיט דיא פערדארבענסטע פרויען בעקאנט געמאכט, אלס ער אין

נאך כמעט א קינד געווען און אויף דיזער ווייזע זיינען אין איהם דיא ווילדעסטע ליידענשאפטען שוין גאנץ פריה ענטוויקעלט געווארען.

אין א פינלאנדישען דארף האט ער איינמאל א שיינע און א יונגע מושזיצקע דערזעהען און באלד האט אין איהם א ווילדע ליידענשאפט צו דיזער בויערנקינד אויפגעפלאקערט. ער האט איהר אנגעפאנגען צו מאכען אלערליי פארשלעגע, זיא זאל זיין געליעבטע ווערען, אבער מערקווירדיגערווייזע האט דיא יונגע בויערין עפראזינע (אזוי האט זיא געהייסען) איהם מיט דער גרעסטער שאנדהאפטיגקייט צוריק געוויזען.

עס איז מערקווירדיג, דאס דיא ערסטע ראמאנאווס האבען אימ־מער גרויס חשק געהאט צו פרויען פון דער ניעדריגסטער קלאסע פון פאלק. דיא אורזאכע דערפון איז דיא, דאס דיא האלבווילדע מיט־גליעדער פון דער רוסישער קייזערליכער פאמיליע האבען קיין זינן און קיין געפיהל פאר דיא גייסטיגע מעלות פון א פרוי, זיי האבען דיא גוטע אייגענשאפטען פון א פרויענצימער ניט געוואוסט צו שעטצען, פאר זיי איז א פרויענצימער געווען נאר א געגענשטאנד, מיט וועלכען מען קען בעפריעדיגען דיא קערפערליכע תאות, דארום האבען זיי געזוכט נאר יונגע און שעהנע פרויען און עס האט זיי גאנץ וועניג געקימערט, אויב דיזע פרויען זיינען געבארענע פרינצעסינען, אדער פערשקלאפטע בויערינען.

פיאטר דער ערסטער האט זיך אויסגעזוכט דיא ליפלענדישע מושזיצקע מארטהא, וואס איז שפעטער געווארען דיא מעכטיגע קייזערין קאטהארינא דיא ערסטע, און זיין זוהן אלעקסייא האט זיך אויסגעזוכט דיא פינלאנדישע מוזשיצקע עפראזינע, וואס איז ביז זיין טויט זיין מעטרעסע געווען.

דער אונטערשייד פון דיזע צוויי פרויען איז נאר דער, דאס קאטהארינא איז שוין געווען איין געזונקענע פרוי נאך אלע רעגעלן פון דער געזונקענהייט, אלס זיא איז צו פיאטר דעם ערסטען אנגע־קומען און האט שוין ביז איהם געהאט „מאנען" וויא שטערן אין הימעל — און עפראזינע איז נאך געווען א אונשולדיגעס מעדכען,

אלס אלעקסייא האט איהר געפונען. זיא האט מיט גרויס מוטה און ענערגיע געגען זיין ווילדע ליידענשאפט געקעמפפט און האט נאר דאן איינגעווילינגט זיין געליעבטע צו ווערען, אלס ער האט איהר אנגעפאנגען מיט דעם טויט צו שרעקען, אב זיא וועט זיין ווילען ניט טאהן.

קוים אבער האט זיא איינגעווילינט דעם קייזערליכען לומפ איהר מעדכענעהרע צו פערקויפען, איז זיא געווארען דיא ניעדריגסטע און געזונקענסטע פרוי אויף גאטטעס ערדע. זיא האט איהם אין גאנצען אריין גענומען אין איהרע הענד, האט איהם געמאכט צו איהר שקלאף און האט איהם נאך מעהר פערדארבען וויא ער איז פריהער געוועזען. פיעלע בלוטיגע טהאטען, וואס ער איז בעגאנגען, האבען פון איהר געשטאמט און אויך איהר האט דיא אונגליקליכע פרינצעסין קריסטינע פון ברוינשווייג-וואלפענביטעל, אלעקסיי'ס פרוי, איהר צערשטערטעס לעבען צו פערדאנקען, וויא מיר וועלען באלד אין דעם נאכפאלגענדען ראמאן זעהען.

דער רוסישער אדעל און איבערהויפט דיא רוסישע גלחים און פאפעס האבען פיאטר דעם ערסטען געהאסט וויא דער טויט און זיינען אין געהיים אימער זיינע ביטערסטע פיינד געווען. דעם אדעל האט איהם געהאסט דערפאר, וואס ער האט זייער מאכט אויף דעם פאלק דורך זיינע נייע איינריכטונגען אבגעשוואכט און דיא גייסטליכע האבען איהם איינפאך פאר א כופר בעיקר בעטראכט, און אלס זיי האבען בעמערקט, דאס דער צעסארעוויטש אלעקסייא איז א גרויסער געגנער פון זיין פאטערס פאליטיק און ער לאכט פון דיא ציווי־ליזאציאן וואס זייער פאטער האט פון אייראפא נאך רוסלאנד פערשלעפט, האבען זיי זיך אין געהיים ארום איהם פערזאמעלט, אום איינע רעוואלוציאן געגען פיאטר דעם ערסטען צו ארגאניזירען, אום איהם פון טהראן ארונטער צו שליידערן און דעם צעסארעוויטש אלס קייזער פון רוסלאנד צו ערקלערען.

וויא פיעל בלוט דאס האט געקאסט, וועלען מיר אין דיא וויי־טערע קאפיטלאך ערפאהרען.

דער ערסטער, וואס האט פון דיזע געהיימע ארגאניזאציאן דעם קייזער דערצעהלט, איז נאטירליך מענשיקאוו געווען. פיאטר האט בעקומען דיא קדחת פאר שרעק. ער האט איינגעזעהען דאס ער אליין האט שולד אין דעם, וואס זיין זוהן איז זיין ביטערסטער געגנער, דאס דיא שלעכטע ערציעהונג, וואס ער האט גענאסען און זיין אומ־גאנג מיט דיא פאנאטישע פאפעס, האבען איהם דערצו געבראכט, אבער יעצט איז שוין צו שפעט געווען איהם צו פערבעסערן, דארום האט ער זיך בעשלאסען איהם שנעל וויא מעגליך חתונה צו מאכען. ער האט אויך געגלויבט, וויא זיין מוטער נאטאליא קירילאָוונא אמאל, דאס א ווייב וועט איהם צוריק ארויפפיהרען אויף דעם דרך הישר.

זיין אויג איז געפאלען אויף דיא יונגע פרינצעסין שאַרלאָטטע קריסטינא, דיא צווייטע טאכטער פון דעם הערצאג לודוויג רודאלף פון ברוינשווייג־וואלפענביטעל און דיא איינגערע שוועסטער פון דעם קייזער קארל דעם זעקסטענס פ־וי. זיא איז געווען א בילדשעהנע דאמע, האט בעזעסען אלע מעלות א מאן גליקליך צו מאכען און איהר האט פיאטר דער גרויסער בעשטימט פאר דיא פרוי פון זיין ווילדען זוהן.

אלעקסייא האט אנפאנגס פון דעם שידוך ניט געוואלט הערען און זעהען, זיין געליעבטע מוזשיצקע עפראזינע איז איהם טהייערער געווען פון אלע פרינצעסינס פון דער וועלט און דאך האט ער זיך ענדליך דעם אייזערנעם ווילען פון זיין שטרייגגען פאטער געלאזט בויגען.

אם 14־טען אקטאבער 1711 האט מען דיא האכצייט מיט גרויס פאראד געפייערט. א קורצע צייט נאך דער האכצייט האט דיא יונגע פאר פאלק אין וואלפענביטעל, ביי דיא עלטערן פון דיא

פרינצעסין פערלעבט, און זיינען דאן נאך פעטערסבורג געקומען, וואו זיי האבען אין זייער אייגענעם פאלאסט געוואהנט.

שוין אין דער ערסטער צייט האט דיא יונגע פרינצעסין געפיהלט דאס איהר מאן איז צו איהר זעהר קאלט און האט באלד אויסגעפו־נען, דאס זיין הערץ און זיין ליעבע געהערט צו דיא בויערין עפראזינע און חאטש אין איהר הערצען האט אויך געלעבט דאס בילד פון א פראנצייזישען עדעלמאן, וועלכען זיא האט דורך א צופאל קענען גע־לערנט, דאך האט זיא געוואוסט איהר שולד אלס ארדענטליכע פרוי. זיא האט געזוכט דעם פראנצייזישען קאוואליער צו פערגעסען און האט איהר גאנצע ליעבע, איהרע גאנצע צערטליכקייט איהר געזעצ־ליכען מאן צוגעווענדעט.

אבער וויא קומט א חזיר צו לאקשען, וואס ווייסט א רוססישער פרינץ פון ריינע און אונשולדיגע ליעבע פון א טרייע עהרליכע פרוי? קיין שכור'ער סאלדאט און קיין ווילדער אינדיאנער בעהאנדעלט ניט אזוי זיין פרוי, וויא דיזער לומפ האט זיין וויב בעהאנדעלט. ער פלעגט איהר אונבארמהערציג קנוטעווען און זיא איז שטענדיג מיט וואונדען אויף איהר קערפער ארום געגאנגען. דיא אונגליקליכע! זיא האט געוואוסט, דאס דער פאטער איז ניט בעסער פון דעם ז"הן, זיא האט געוואוסט, דאס זיא האט זיך ניט פאר וועמען צו בעקלא־גען, דאס קיינער קען איר ניט העלפען — און האט געליטען און געשוויגען.

---

# איין פריינד אין דער נויטה.

רוהיג און פריעדליך, וויא א קירכע נאך דעם גאטטעסדיענסט, איז דער קייזערליכער פאלאסט אין פעטערהאף געשטאנען אין א שיינעם זאמעראבענד. שטיל און שווייגענד זיינען דיא וואכען מיט דאס געוועהר אויף דיא פלייצעס אומגעגאנגען הין און צוריק פארביי דיא טויערן פון שלאס, וועלכע עס האבען זיך ערסט ניט לאנג צוגע־

שלאסען הינטער דעם קראנפרינץ אלעקסייא פעטראוויטש, וואס איז מיט א האלבע שטונדע צוריק אוועקגעפאהרען מיט זיין געליעבטע עפראזינע, אום צו לעבען „א גוטען טאג“ אין אויסלאנד.

עס איז שוין רעכט דונקעל געווען. אלעס ארום דעם שלאס איז געווען שטיל וויא אויסגעשטארבען, נאר אין דעם גרויסען פארק, וואס האט דעם פאלאסט ארומגענומען פון דריי זייטען, האט נאך דאס לעבען און דיא נאטור ניט איינגעשלאפען. דיא פויגעלאך האבען נאך אומגעטאנצט פון איין צווייג צום אנדערן און האבען דיא פערזונקענדע זאנענשטראהלען זייערע האלב פרייליכע, האלב מעלאנכאלישע אב־שיידסליעדער צוגעזונגען און דיא ביענען האבען זיך ארומגעטראגען אין דער הערליכער, באלזאמישער לופט און האבען פאר זיך א נאכט־לאגער געזוכט. ענדליך איז דער לעצטער פורפורשיין אויף דעם הימ־מעל אויסגעלאשען געווארען, וויא גרויסע ברילאנטען זיינען דיא שטערן אויף דעם דונקעל־בלויען הימעל ארויס געטרעטען און דער פאלער מאנד האט דעם גאנצען פארק מיט א גאנצען ים ליכטיגקייט איבער־געגאסען.

לאנגזאם און פארזיכטיג האט זיך דאס קליינע טהירל, וואס פיהרט פון שלאס צום פארק, אויפגעעפענט און א בילדשעהנער יונ־גער מאן, אין דיא אוניפארם פון א רוסישען מאיאר, איז אין דעם דונקלען גארטען אריין געקומען. מיט פארזיכטיגע בליקען האט ער זיך אומגעקוקט רעכטס און לינקס און אלס ער האט זיך איבערצייגט, דאס אויסער איהם איז קיינער אין פארק ניטא, האט ער זיינע אויגען געווענדעט צום שלאס און זיינע בליקען פון זיינע פייערדיגע אויגען זיינען אויף א צייט לאנג וויא פערגליווערט געווארען אויף איין פונקט.

— „מעהר קען איך עס ניט אויסהאלטען!“ — האט ער ענדליך אויסגערופען און א שווערער זיפץ האט זיך פון זיין ברוסט ארויסגע־ריסען — „איך מוז זיא רעטען, איך מוז זיא בעפרייען און ווען איך זאל דערפאר זאגאר מיט מיין לעבען בעצאהלען. וואס פאר א ווערטה קען דאס לעבען פאר מיר האבען, ווען דיא איינציגע, וועלכע איך

ליעב מעהר וויא אלעס אויף דער וועלט, מעהר פאר זיך אליין, ליי־דעט אזוי פיעל אונטער דיא הענד פון איהר גרויזאמען, בארבארישען מאן? ווער האט דאס געדאכט, דאס דיא בליהענדע, דיא אונשולדי־גע קריסטינע, דיא שטאלצע פרינצעסין פון וואלפענביטעל, זאל אין אזא טיעפען אבגרונד פון עלענד און פיין ארייןפאלען! ווער האט דאס געקענט גלויבען, דאס א פירסטען־טאכטער זאל פון איהר איי־גענעם מאן אזוי טיראניש בעהאנדעלט ווערען! אבער איך מוז זיא רעטען! איך שווער עס ביי גאטט, דאס איך וועל ניט רוהען, ביז איך וועל איהר יונגעס לעבען אין זיכערהייט ברייגגען!“ —

ער האט זיין האנד צום הימעל וויא צום שוואור אויפגעהויבען, אבער אין דערזעלבינגער מינוט איז איהם דיא האנד וויעדער ארונטער געזונקען, דען ער האט הינטער זיך א גערויש דערהערט און אלס ער האט זיך האסטיג אומגעקוקט, האט ער דערזעהען דיא פרינצעסין קריסטינע מיט איהר האפמייסטערין, דיא גרעפין פון גאלדמארק אין פארק אריין געהענדיג.

— „איך מוז הערען וואס זיי רעדען צווישען זיך“ — האט ער צו זיך זעלבסט געזאגט און האט זיך האסטיג פערשטעקט אונטער א בוים — „פיללייכט וועל איך וואס עס איז ערפאהרען, וואס איך דארף האבען צו מיין רעטונגספלאן“ —

אנגעלעהנט אויף דיא גרעפין פון גאלדמארק און זיך קוים אויף דיא פיס האלטענדיג פון שוואכקייט, איז דיא אונגליקליכע פרינצעסין קריסטינע אריינגעגאנגען אין דעם גארטען. דיא גרעפין האט איהר צוגעפיהרט צו א גרינע גארטענבאנק, וואס איז געשטאנען אונטער א בוים, גראדע ניט ווייט פון יענעם בוים, אונטער וועלכען דער יונ־גער מאיאר האט זיך פערשטעקט און ביידע האבען זיך אניעדער געזעצט.

דיא פרינצעסין האט זיך לאנגזאם ארומגעקוקט נאך אלען זייטען, א שווערער זיפץ האט זיך פון איהר ברוסט ארויס געריסען און האט זיך מיט א שוואכער טרויריגער שטימע אפגערופען:

— „זעה נאר, מיין ליעבע גאלדמארק, וויא שעהן דיא וועלט איז ארום אונז! בעטראכט נאר דעם זיסען פריעדען, וואס שטראָמט פון הימעל ארונטער וויא גאטטעס זעגען, און דאך גיבט עס אין דיעזער וועלט אזוי פיעל טהרערען און אזוי פיעל שמערצען. אך, ווען עס וואל־טען נאר דיא שמערצען ניט געוועזען!“ —

— „יא, מיינע קייזערליכע האָהייט!“ — האט איהר דיא גרעפין געענטפערט — „גאטט האט דיא וועלט זעהר שעהן בעשאפען, אבער דיא שלעכטע מענשען האבען זיא פערדארבען. פון דער נאטור האבען מיר דיא פיינסטע געפיהלען, אבער מיר אליין זוכען אונזערע בעסערע געפיהלען צו פערלייקענען, מיר ווילען אלץ שווימען געגען דעם שטראָם פון דער נאטור, דארום גיבט עס ביי אונז אזוי פיעל דערטרונקענע, אזוי פיעל אונשולדיגע אפפער, וואס פאלען פאר דער צייט. ווארום זאלען מיר ניט לעבען נאך דיא געזעטצע פון דער נאטור? ווארום זאלען מיר ניט האנדלען אזוי וויא אונזערע געפיהלען הייסען אונז? אך, פרינצעסין! וויא פיעל שמערצען וואלטען דיר ערשפארט געוועזן, וויא פיעל טייכען בלוטיגע טהרערען וואלסט דוא ניט געדארפט פערגיסען, ווען דוא וואלסט געפאלגט דיין הערצען און וואלסט געהיי־ראטעט יענעם עדלען מארקיז דע־אויבאַן, וואס האט דיך אזוי היים און אזוי טריי געליעבט!“ —

— „האב איך דען געקענט געהן געגען דעם ווילען פון מיינע על־טערן?“ — האט זיך דיא גראספירסטין אפגערופען — האט דען וועלבע אייראפייאישע פרינצעסין א אייגענעם ווילען? דיא טעכטער פון דיא איינפאכע בויערן האבען רעכט אויסצוקלויבען וואס זייער הערץ גלוסט, מיר פרינצעסינען ווערען פערשאכערט צו דעם, וואס צאהלט א בעסערן פרייז. מיין פאטער האט עס פאר דאס גרעסטע גליק בעטראכט, דער שוויעגערפאטער פון דעם רוסישען קראנפרינ־צען צו זיין און האט מיך פערקויפט. דוא ווייסט, מיין ליעבע גאלד־מארק, דאס פאר איין טאג צוזאמען לעבען מיט יענעם עדלען מארקיז דע־אויבאַן וואלט איך צעהן רוסישע טהראנען אוועק געגעבען, אבער

דאס ביטערע שיקזאל האט מיך פאר א קרבן בעשטימט און א קרבן דארף זיך לאזען אבשלאכטען אהנע צו פראטעסטירען!"

— „אבער וואס וועט דאס ענדע זיין?" — האט דיא גרעפין אויסגערופען — „אזוי קען עס ניט בלייבען, מיר מוזען מיטלען זוכען וויא זיך צו רעטען!" —

„פיר מיך גיבט עס קיינע רעטונג, ליעבע גאלדמארק!" — האט איהר דיא פרינצעסין נעענטפערט — „וואס קענען מיר צוויי שוואכע און עלענדע פרויען טאהן? מיינע עלטערן וועלען גאר ניט אונטערנעהמען מיך צו רעטען, וויל זיי גלויבען מיר ניט, דאס איך געפין מיך אין אזא פערצווייפעלטער לאגע און דא אין פעטערסבורג האב איך קיינען איינציגען פריינד, וועלכען איך זאל מיך קענען אנפערטרויען!" —

— „און דאך מוז וואס עס איז געשעהען צו דיינער רעטונג, מיין פרינצעסין" — האט זיך דיא גרעפין אפגערופען — „דוא קענסט דיא ליידען שוין מעהר ניט ערטראגען, דיין לעבען הייגגט אויף א האר און יעצט גלויב איך איז דיא רעכטע צייט, דיין מאן איז אין אויסלאנד, דער קייזער מיט זיין געליעבטע בעזוכען יעצט דיא וויימע פראווינצען מען בעוואכט אונז ניט אזוי שטריינג וויא פריהער און איך גלויב, אז עס וועט אונז ניט אזוי שווער זיין פון דאנען צו אנטלויפען!" —

— „אנטלויפען!" — האט דיא פרינצעסין אויסגערופען — „אבער וואהין? צו מיינע עלטערן? אך, זיי וועלען מיר צוריקטרייבען צום רוסישען טהראן! ביי זיי איז דער טהראן טהייערער וויא דאס לעבען פון זייער קינד, צו איינעם פאן דיא אייראפייאישע הערשער און פון איהם פערלאנגען שוטץ געגען מיין מאן? אבער וועלכער קעניג וועט דאס וועלען פיאטר'ס צארן אויף זיך אויפלאדען? ניין, מיין ליעבע פריינדין, עס גיבט פיר מיך קיינע רעטטונג, אלע וועגען זיינען מיר אפגעשניטען. איך מוז מיר מיין שיקזאל ערגעבען, מיך ערוואַרטעט דער טויט, מיינע טעג זיינען געצעהלטע, מיין צערבראכענער קערפער קען שוין מיין קראנקע זעעלע מעהר ניט אויפהאלטען. זעה מיין קער־

פער, בעטראכט נאר דיעזע וואונדען און איבערצייגע דיך דאס מיין ענדע איז שוין נאהענט!" —

ביי דיעזע ווערטער האט זיא דיא יאקע פון איהר אבערקערפער אויפגעהויבען. איהרע ארעמס און איהרע ברוסט זיינען בעדעקט געוועזען מיט דונקעלרויטהע און דונקעלבלויע בלוטפלעקען.

— „גאטט!" — האט דער יונגער מאיאר מיט ערשטיקטער שטימע הינטער דעם בוים אויסגערופען און האט מיטביידע הענד זיין געזיכט פערדעקט —

— „ערסט מיט א האלבע שטונדע פאר זיין אוועקפאהרען האט ער מיך מיט דער קנוטע וויעדער געשלאגען!" — האט זיך דיא פרינצעסין אפגערופען — „איך האב איהם געבעטען ער זאל מיך אנשטאט זיין געליעבטע עפראזינע נאך אויסלאנד מיטנעהמען און ער האט מיר מיט דער קנוטע געענטפערט!" —

— „אלמעכטיגער גאטט אין הימעל!" — האט דיא גרעפין גאלדמארק אויסגערופען און איהרע אויגען האבען זיך מיט טהרערען אנגעפילט — „גיבט עס גאר קיין גערעכטיגקייט אויף דער וועלט? גיבט עס גאר קיין רעטונג פאר דיא אונשולדיגע ליידענדע?" —

— „יא, עס גיבט נאר איינע רעטונג, מיין ליעבע פריינדין!" — האט דיא פרינצעסין געענטפערט — „און דאס איז דער טויט!" —

— „ניין, קייזערליכע האהייט! ניט דער טויט! דוא וועסט לעבען, דוא מוזט לעבען, איך וועל דיך בעפרייען! איך וועל דיינע פרייהייט מיט מיין לעבען קויפען! איך שווער עס ביי גאטט!"—

מיט דיעזע ווערטער איז דער יונגער מאיאר פון זיין פערשטעק האסטיג פארגעטרעטען און האט זיך דיא פרינצעסין געווארפען צו דיא פיס.

— „גאטט! ווער איז דער?" — האט דיא גרעפין גאלדמארק אויסגערופען און איז ערשראקען אפגעשפרונגען צוריק—

— „גאסטאָן! דער מארקיז דע־אויבאן!" — האט דיא פרינצעסין

ווּיא צו זיך זעלבסט; אויסגערופען און איהרע בלייכע באקען זיינען מיט איינמאל רויט געווארען וויא צוויי בליהענדע ראזען —

— „יא, פרינצעסין!“ האט דער מאיאר מיט א ציטערנדע שטימע געענטפערט — „איך בין דער מארקיז גאסטאן דע־אויבאן פון פאריז דערזעלבער, וואס האט מיט צוויי יאהר צוריק דאס גליק געהאט דיין בילד צו מאלען, אלס איך האב דיין פאטערס הויז בעזוכט!“ —

— „אבער וויא קומסט דוא אהער אין פעטערסבורג?“ — האט איהם דיא פרינצעסין געפרעגט און אין איהרע האלב אויסגעשלאסענע אויגען האט וויעדער איין גלאנץ פון לעבען אויפגעפלאמט — „דוא טראגסט דיא אוניפארם פון א רוסישען מאיאר, ביזט דוא אין דער רוסישער ארמעע איינגעטרעטען?“ —

— „יא, קייזערליכע האהייט!“ — האט איהר דער מארקיז גע־ענטפערט און איז אויפגעשטאנען — „אום נאהענט פון דיר צו זיין, האב איך דיזען טריט געטאהן!“—

דיא פרינצעסין האט אראפ געלאזען איהרע אויגען און האט גע־שוויגען.

— „דוא מוזט מיר פערצייהען, מיין ערהאבענע פרינצעסין, דאס איך וואג עס דיר פריי צו זאגען, וואס מיין הערץ פיהלט!“ — האט זיך דער מארקיז אפגערופען — „איך בין געגען דיר נאר א אונבעדיי־טענדעס געשעפף, אבער דיא זון שיינט פאר אלעמען און יעדער האט איין רעכט אין איהרע ליכטיגע שטראהלען זיך צו ווארעמען. שוין אין דעם ערסטען מאמענט, אלס איך האב דיך צום ערסטען מאל ער־בליקט, האב איך דיך געליעבט מעהר וויא מיין אייגענעם לעבען. איך האב דיין בילד אויף ליינוואנד געמאלט און אין דערזעלביגער מינוט האט דיא נאטור דיין געטליכעס בילד אויף מיין הערצען אויסגעמאלט אבער איך האב געשוויגען, איך האב געמוזט שווייגען, דען איך האב געזעהען דיא שרעקליכע שיידע־וואנד וואס שטעהט צווישען אונז, דוא ביזט איינע פרינצעסין און איך נאר א איינפאכער פראנצייזישער קאוואליער. שפעטער האב איך דערהערט, דאס דוא ביזט פערלאבט

געווארען מיט דעם רוסישען קראנפרינץ און איך האב דיך אין שטילען בעדויערט, דען איך האב געוואוסט דאס דיזע פערבינדונג איז געגען דיין ווילען. ערסט מיט א האלב יאהר צוריק האב איך ערפאהרען אין וועלכע אונגליקליכע לאגע דוא געפינסט זיך און איך האב מיך ענטשלאסען אין דער רוסישער ארמעע איינצוטרעטען מיט דער איינ־ציגער אבזיכט דיר צו העלפען, דיך צו רעטען. אָה, פרינצעסין! מאך מיך ניט אונגליקליך, וויז מיך ניט צוריק, גיב מיר דיא מעגליכקייט דיך צו דיענען, דיך צו רעטען און ווען דאס וועט מיר געלינגען, וועל איך דער גליקליכסטער מענש אויף גאטעס ערדע זיין!" —

— „עדלער, גוטער מענש!" — האט דיא פרינצעסין אויסגערופען און האט איהם איהר האנד דערלאנגט, וועהרענד איהרע אויגען האבען וויא צוויי קוואלען געפלאסען — „אך, וויא זים איז דער גע־פיהל איין וואהרען, טרייען פריינד צו בעזיטצען! אבער וואס קען מיר יעצט דער בעסטער פריינד העלפען, ווען איך בין שוין רעטונגסלאז פערלארען?" —

— „ניין, פרינצעסין!" — האט איהר דער יונגער מארקיז גע־ענטפערט — „דוא ביזט ניט פערלארען, דוא קענסט ניט פערלארען זיין, ווען דוא האסט נאך אזעלכע טרייע פריינד וויא דיא גוטע גרע־פין פון נאלדמארק, וויא דיין קאמערפריילין אגאטהע, וויא דיין טרייער דיענער הערבערט און וויא איך!" —

— „און וואס קענט איהר פיר מיך טאהן?" —

— „זעהר פיעל, מיין פרינצעסין! מיר וועלען דיר העלפען אנט־לויפען פון רוסלאנד!" —

— „און גלויבסט דוא, מיין גוטער גאסטאן, אז דאס איז מעג־ליך?" —

— „איך בין זיכער, אז מיין פלאן וועט געלינגען!"—

— וויא? דוא האסט שוין זאגאר איין פלאן אויסגעדאכט?" —

— „יא, פרינצעסין! צייט פיער וואכען בין איך שוין מיט דיעזען פלאן פערטיג. איך האב נאר געווארט אויף א גוטע געלעגענהייט

איהם מיט ערפאלג אויסצופיהרען. יעצט איז דיא בעסטע געלעגענ־הייט. דיין מאן איז פעררייזט, דער קייזער איזט אויך אבוועזענד און מיר מוזען דאס בענוצען. אלעס איז שוין פערטיג, עס הייננט נאר אפּ פון דיין ווילען אליין!" —

— „און וואס דארף איך דאצו טאהן?" —

— „נאר א קליינע קאָמעדיא אפּשפּיעלען, מיין פּרינצעסין!" — האט ער איהר מיט א טרויריגען שמייכעל געענטפערט — „דוא מוזט שטארבען!"—

— „שטארבען?" — האט דיא פּרינצעסין, וואס האט איהם ניט פערשטאנען, אויסגערופען — „אָה, מיין פריינד, דאס וועל איך אין דער ווירקליכקייט באלד זיין!" —

— „ניין, דוא וועסט ניט שטארבען!" — האט ער איהר געענט־פערט — אבער דוא מוזט פאר דער וועלט שטארבען, דוא מוזט פאר דער וועלט אלס געשטארבענע גילטען. דאס איז מיין פּלאן און צו דעם האב איך שאן אלע פארבערייטונגען געמאכט. דער קייזערליכער לייב־ארצט, דער פראנצייזישער דאקטאר קארנאָ שטעהט מיט אונז אין בונד און דיא זאך קען באלד אויסגעפיהרט זיין!" —

— „קענסט דוא מיר, מיין פריינד, זאגען אין וואס בעשטעהט דיין פּלאן?" — האט איהם דיא פּרינצעסין געפרעגט —

— „איך קען דא לענגער ניט פערווייל[ע]ן, מיין פּרינצעסין!" — האט איהר דער מארקיז געענטפערט — „מען דארף מיך דא ניט זעהען. דיין טרייער דיענער הערבערט וועט דיר דיא איינצעלהייטען פון מיין פּלאן ערקלערען." —

— און וואהין זאל איך אנטלויפען?"—

— „נאך זיד־אמעריקא, מיין ערהאבענע פּרינצעסין. נאטירליך אונטער א פרעמדען נאמען. אין זיד־אמעריקא ביזט דוא זיכער פון יעדע פערפאלגונג און אזוי וויט קען דיא בארבארישע האנד פון דיין מאן ניט גרייכען!"—

— „אך, אמעריקא! דיא פרייע לאנד!" — האט דיא פּרינצע־

סין אויסגערופען און איהרע אויגען האבען אין בעגייסטערונג אויפגע־בליצט — „זיא איז דיא מוטער פאר אלע ליידענדע, פאר אלע פער־פאלגטע און אונטערדריקטע, זיא שיינקט איהרע קינדער דאס, וואס דיא ארעמע אייראפא בעזיצט ניט — דיא פרייהייט!“—

— „אלזא שטימסט דוא איין צו מיין פלאן?“—

— „יא, מיין טהייערער פריינד, און גאטט זאל אונז מיט זיין גענעדיגער האנד אונטערשטיטצען!“—

— „איך דאנק דיר פרינצעסין, דוא האסט מיך גליקליך גע־מאכט! יעצט האט דאס לעבען פאר מיר א ווערטה און מיין שטרע־בען א ציעל!“ —

ער האט איהר האנד ערגריפען, האט עס צו זיינע ליפען צוגע־דריקט און איז האסטיג אוועק געגאנגען.

---

## געשטארבען!

עס האט געשלאגען צוועלף נאך האלבע נאכט. קוים איז דער לעצטער טאן פון דיא אוהר אין דער שטילקייט פון דער נאכט פער־קלונגען, אלס דיא טהיר פון איין צימער אין פעטערהאפער פאלאסט האט זיך לאנגזאם געעפענט און הערבערט, דער טרייער דיענער פון דער פרינצעסין קריסטינע האט אין צימער אריינגעפיהרט צוויי יונגע מעדכען, וואס האבען געטראגען דיא בויערנטראכט פון יענער געגענד און פון יענער צייט. ער האט זיי צוגעפיהרט צו א דיוואן און האט זיי געהייסען זיך זעטצען.

— „ווילט איהר מיר נאך א מאל שווערען, דאס אלעס וואס איהר וועט דא זעהען און הערען, וועט ביי אייך בלייבען איין געהיימ־ניס?“ — האט זיי דער אלטער הערבערט געפרעגט —

— „מיר שווערען עס ביי גאטט!“ — האבען דיא צוויי מעדכען געענטפערט —

— „גוט, יעצט גלויב איך אייך און איהר וועט דיא פערשפרא־בענע סומע געלד ערהאלטען!“ — האט זיך ד״ר אלטער הערבערט

אפגערופען — „יעצט זיטצט דא א ווײלע גאנץ רוהיג, איך מוז געהען זעהען צו איז אלעס פארבערייטעט. איך וועל אייך באלד רופען!“ —

דער אלטער הערבערט איז ארויסגעגאנגען פון צימער.

איינינע מינוטען זיינען דיא צוויי מעדכען געזעסען גאנץ שטיל, וויא אין זייערע אייגענע געדאנקען פערזונקען, דאן האט זיך איינע אפגערופען:

— „מיר שרעקט מיין הערץ, נאדיא! וויים גאטט, וואס מיר וועלען דא האבען צו טאהן!“ —

— „דוא ביזט א נאר, דוניא!“ — האט איהר נאדיא געענט-פערט — „מען וועט דאך פון אונז ניט פערלאנגען, דאס מיר זאלען א מענשען הרג׳נען!“—

— „ווער וויים? אז מען צאהלט הונדערט רובעל פאר צוויי שטונדען ארבייט, מוז דאס דאך זיין עפעס שרעקליכעס!“ —

— „זאל זיך זיין וואס עס וויל. ניט אלע טאג מאכט זיך אזא געשעפט. עס איז זיך גרינג צו זאגען: הונדערט רובעל! האסט דוא ווען עס איז אין דיין לעבען געזעהען הונדערט רובעל?“—

— „אפילו מיין עלטער־זיידע האט דאס אויך ניט געזעהען, און דארום שרעקט מיר טאקי מיין הערץ. פאר א קליינינקייט וועט מען הונדערט רובעל ניט געבען“ —

— „איך זאג דיר נאך א מאל: דוא ביזט א נאר! וואס פאר א בעטרעף האט ביי איינעם פון דער קייזערליכער פאמיליע הונדערט רובעל? נאך וויניגער וויא ביי אונז ארעמע לייט א ציבעלע!„ —

מעהר האבען זיי שוין קיין צייט געהאט צו דעבאטירען, דען אין דיעזען מאמענט האט זיך דיא טהיר וויעדער געעפענט און דער אל-טער הערבערט האט זיי מיט א וואונק איינגעלאדען זיי זאלען איהם פאלגען. ער האט זיי דורכגעפיהרט א לאנגען, האלבדונקלען קארידאר און האט זיי אריינגעפיהרט אין א גרויסען צימער. דיא פענסטער זיי-נען פערהאנגען געווען מיט שווערע זיידענע גארדינען און אין דעם קראנלייכטער, וואס איז אראפגעהאנגען פון דער דעקע, האבען גע-

ברענט אייניגע וואקסליכטער. אין מיטען צימער איז געשטאנען א גרויסער און א לאנגער טיש, אויף וועלכען עס איז געלעגען א מענש־ליכע פיגור צוגעדעקט מיט א שווארצע דעקע און נעבען טיש, אויף דער ערד, איז געשטאנען א גראב פון שווארצען עבענהאלץ מיט זילבער בעשלאגען.

ניט נאר דיא פורכטזאמע דוניא, זאגאר דיא מוטהיגע נאדיא האט אנגעפאנגען צו ציטערן און איז פון שרעק אפגעטרעטען א טריט צוריק.

— „שרעקט אייך ניט, ליעבע קינדער“ — האט זיך דער אל־טער הערבערט מיט א טרויריגען שמייכעלע אויף זיינע ליפען אפגע־רופען — „דא זיינען קיין טויטע ניטאָ!“ —

— „און וואס האבען מיר צו טאהן?“ — האט איהם נאדיא ציטערנדיג געפרעגט —

— „דאס וועט איהר באלד ערפאהרען!“ — האט ער זיי געענט־פערט—

אין דיעזען אויגענבליק האט זיך דיא טהיר פון צימער אויפגע־עפענט און דיא יונגע גרעפין פון גאלדמארק, אין בעגלייטונג פון א ונגע דאמע, איז אין צימער אריינגעקומען.

— נון? פערטיג?“ — האט זיא געפרעגט צום אלטען הערבערט זיך ווענדענדיג —

— „אלעס וויא דער הערר מארקיז האט בעפאהלען, גענעדיגע גרעפין!“ — האט ער געענטפערט — „און דאס זיינען דיא צוויי מעדכען פון דארף!“—

דיא גרעפין גאלדמארק איז צוגעגאנגען צום טיש און האט דיא שווארצע דעקע פון דער פיגור ארונטער געצויגען.

— „הייליגע מאריע! דיא פרינצעסין! געשטארבען!“ — האבען ביידע מעדכען אויף איינמאל אויסגערופען און האבען זייערע געזיכטער מיט דיא הענד פערדעקט — „אַה, וואס פאר א אונגליק! וואס פאר א אונגליק!“ —

איין שמייכעלע פון טיעפער צופריעדענהייט האט זיך ביי דיעזע ווערטער געוויזען אויף דיא געזיכטער פון דער גרעפין גאלדמארק, פון איהר בעגלייטערין און פון דעם אלטען דיענער העריבערט.

— „יא, מיינע ליעבע!" — האט זיך דיא גרעפין גאלדמארק אפגערופען — „דיא פרינצעסין איז געשטארבען! זיא איז געשטארבען פאר דיא, וואס האבען איהר געהאסט און געפייניגט, אבער פאר דיא, וואס האבען זיא געליעבט לעבט זיא נאך. זאגט מיר, מיינע ליעבע, האט איהר דיא גוטע פרינצעסין געליעבט?" —

— „מיר האבען פאר איהר אלע מאל גאטט געבעטען, גענעדיגע גרעפין!" — האט דוניא וויינענדיג געענטפערט — „זיא איז צו אונז אלע מאל זעהר גוט געוועז. האט זיא דערהערט אז איימיצער איז ביי אונז אין דארף קראנק, האט זיא צו איהם דעם גוטען פראנצייזישען דאקטאר קארנא געשיקט, פאר אונזערע ארעמע קינדער פלעגט זיא שטענדיג קליידער שיקען און אז אונזער הויז איז אפגעברענט געווארען האט זיא מיין פאטער הונדערט רובעל געגעבען!"

— „און אז מיין עלטערע שוועסטער פראסקאָוויע האט געדארפט חתונה האבען" — האט זיך נאדיא אריינגעמישט — „האט איהר דיא גוטע פרינצעסין מיט א גארדעראָבע פערזארגט. דאס איז געוועזען ניט קיין מענש, גענעדיגע גרעפין, נאר א מלאך, א ריינער מלאך פון הימעל! אך, און אזוי יונג געשטארבען! אזוי יונג!

אוןביידע מעדכען האבען אנגעפאנגען ביטערליך צו וויינען.

— „איהר זייט בראווע, גוטהערציגע קינדער" — האט זיך דיא גרעפין גאלדמארק גערייהרט אפגערופען און אויף איהרע ברעמען האבען זיך א פאר העלע טהרערען געוויזען — „איהר ליעבט דיא אונגליקליכע פרינצעסין. פאר אייך איז זיא ניט געשטארבען. זיא לעבט, אבער איהר לעבען הייננט אויף א האר, ווען מיר וועלען איהר נאך רעכטצייטיג ניט רעטען. זאגט מיר, איהר געטרייע, ווילט איהר אונז העלפען דיא אונגליקליכע פרינצעסין צו רעטען?

— „מיט לייב און לעבען, גענעדיגע גרעפין!" — האבען ביידע

מעדכען אין איין קול גענטפערט — „זאגט אונז, וואס דארפען מיר טאהן?“ —

— „דיעזע פיגור אנקליידען!“ — האט דיא גרעפין אויף דיא פיגור, וואס איז געלעגען אויף דעם טיש, ווייזענדיג, גענטפערט — „איהר מוזט דיא פיגור אין דיא קליידער פון דיא פרינצעסין אנטאהן און אין גראב אריין לייגען. ווילט איהר דאס טאהן?“—

— „געוויס, גנעדיגע גרעפין“ —

— „אנאטהע“ — האט זיך דיא גרעפין צו איהר יונגע בעגלייטערין געווענדעט — „גיב זיי דיא קליידער און דיא בלומען!“ —

דיא יונגע דאמע האט דיא ביערנמעדכען דערלאנגט פערשידענע קליידער פון טהייערע זיידענע און סאמעטענע שטאפען. דיא צוויי מעדכען האבען זיך זעהר פלייסיג צו דער ארבייט גענומען און אין א האלבע שטונדע ארום, איז שוין דיא הילצערנע פיגור פון דער פרינצעסין געלעגען אין שווארצען גראב צוגעדעקט מיט א שווארצע דעקע און ארום געלייגט פון אלע זייטען מיט גרויסע בלומענקרענצע. דיא עהנליכקייט פון דער פיגור מיט דער פרינצעסין קריסטינע איז געוועזען אזוי איבערראשענד, דאס קיין איינציגער האט ניט געקענט צווייפלען, דאס דיא ווירקליכע פרינצעסין ליגט א טויטע אין דעם שווארצען גראב.

דיא גרעפין האט אויף דער ברוסט פון דער פיגור אוועק געלייגט א הייליגען בילד אין א גאלדענעם ראהם.

— „יעצט איז אלעס פערטיג!“ — האט זיא אויסגערופען — „הערבערט בעצאהל דיא מעדכען דיא פערשפראכענע סומע און פיהר זיי ארויס פון פאלאסט!“ —

— „מיר ווילען קיין געלד, גנעדיגע גרעפין!“ — האבען ביידע מעדכען אויסגערופען — „עס איז א שאנדע פאר אזא הייליגע זאך געלד צו נעהמען!“ —

— „איהר זייט ארעמע קינדער, מיינע ליעבע, און איהר קענט דאס געלד געברויכען!“ — האט דיא גרעפין גענטפערט און האט

זיי א פולען הויפען גאלדישטיקע דערלאנגט — „יעצט געהט, איהר קענט דא לייגער ניט בלייבען!" —

דער אלטער הערבערט האט זיי פון צימער ארויס געפיהרט.

— „ביז יעצט איז אלעס געלונגען" — האט זיך אנגאטהע, דיא קאמערפריילין פון דער פרינצעסין אפגערופען — „וואס ווערט ווייטער זיין?" —

— „ווייטער ווערט אונז דער ליעבער גאטט אויך שיטצען, ליעבע אנגאטהע!" — האט איהר דיא גרעפין געענטפערט — „דיא פערד און דיא נויטהיגע קליידער זיינען שוין בעזארגט און ביז מארגען אבענד ווערט דער מארקיז אונזערע פאספארטען בריינגען. ער פאהרט מיט אונז נאך זיד־אמעריקא און ווערט דארט מיט אונז צוזאמען לעבען" —

אין דיעזען מאמענט האט זיך דער זיידענער פארהאנג, וואס האט א פערבארגענע טהיר פערדעקט, אויפגעהויבען און דיא פרינ־צעסין קריסטינע איז אין צימער אריינגעקומען.

— „זעה נאר, מיין פרינצעסין!" — האט זיך דיא גרעפין צו איהר געווענדעט — „וויא נאטורטריי דער מארקיז דע־אובאן האט דיך פון האלץ אויסגעשניצט. קיינער ווערט צווייפלען, אז ער זעהט דיא געשטארבענע גראספירסטין קריסטינע אין דעם גראב!" —

איינינע מינוטען האט דיא פרינצעסין דיא פיגור שווייגענד בע־טראכט.

— „און דאך וויים איך נאך אליך ניט ווע מען מען דארף מעהר בענייידען, דעם טויטען שטיק האלץ, אדער דיא לעבענדיגע פרינצע־סין!" — האט דיא פרינצעסין מיט א שווערען זיפץ געענטפערט — „דאס שטיק האלץ ווערט זיך אין קבר רוהיג ליגען און דיא לעבענדיגע פרינצעסין? וועלכע צוקונפט ערווארטעט איהר? איז שוין איהר ליי־דענסבעכער פאל? האט שוין דאס בייזע שיקזאל מעהר קיין קוילען פאר איהר ברוסט?" —

— „ניין, פרינצעסין!" — האט איהר דיא גרעפין גאלדמארק געענטפערט — „דיינע ליידען האבען שוין א ענדע. קלאר און ליכטיג

ליגט דיין צוקונפט פאר דיר. דארט אונטער דעם ריינעם הימעל פון זיד־אמעריקא ערוואַרטעט דיך איין נייעס לעבען פאָל זעגען, פריעדען, רוהע און — — —".

— „און?" — האט איהר די פרינצעסין געפרעגט אלס זיא האט דעם זאטץ ניט געענדיגט —

— „און ליעבע!" — האט דיא גרעפין מיט א שוואכע שטימע געענטפערט —

דיא פרינצעסין האט איהרע אויגען אראפגעלאזען צו דער ערד און איהר בלייכעס געזיכט איז בעדעקט געווארען מיט פורפור.

— „גאסטאָן!" — האט זיא צו זיך זעלבסט געמורמעלט — „ער איז מיין אבגאָטט, מיין איינציגער ציעל און לעבען. יא, איך ליעב איהם! איך ליעב איהם מעהר וויא מיין לעבען!" —

זיא האט פערדעקט איהר געזיכט מיטביידע הענד און איז וויע־דער פערשוואונדען געווארען הינטער דעם פארהאנג. ביידע יונגע דאמען זיינען איהר נאכגעגאנגען.

---

## דיא טויטע פרינצעסין.

עס איז געוועזען העלער מארגען. אויף דעם גאניק פון דעם פא־לאסט אין פעטערהאף איז געשטאנען א גאנצע גרופע פון מענער און פרויען און האבען צווישען זיך זעהר לעבהאפט, אבער גאנץ אין דער שטיל גערעדט, אנדערע האבען געבראכען דיא הענד און ווידער אנדערע האבען זיך געווישט דיא טהרערען פון זייערע פערוויינטע אויגען.

דאס איז געוועזען דיא צאהלרייכע דיענערשאפט פון דעם קייזער־ליכען שלאס. דא האט מען געזעהען דעם ערסטען האפקאכמייסטער אין זיין ווייסען הוט און אין זיין ווייסען פארטוך, אויך דיא איינפאכ־סטע וואשפרוי.

עס האט וואס אויסערארדענטליכעס, אונגעוועהנליכעס

געמוזט פאָרקאמען אין שלאָס, דאס דיא גאנצע דיענערשאפט האט דיא ארבייט אוועק געלייגט און האט זיך פערזאמעלט אויף דעם גרויסען גאניק פון קייזערליכען פאלאסט.

— „וועה! וועה!“ — האט א יונגע האפנייטהערין געקלאגט און האט דאביי דיא הענד געבראכען — „אזוי יונג און שוין געשטאר־בען!“ —

— „און אזוי פּלוצלונג, גאר אונגעריכטערהייט!“ — האט א לאַקיי אויסגערופען —

— „וואס הייסט פּלוצלינג?“ — האט זיך א עלטערע פרוי אפּ־גערופען — „דיא פּרינצעסין איז שוין געווען א געשטארבענע מיט א יאהר צוריק!“ —

— „אבער דיא לעצטע צייט איז זיא געווען געזונד און האט גוט אויסגעזעהען!“ — האט זיך דער קאַמער־פרוי אריינגעמישט —

— „אזא געזונד אויף מיינע בילער געזאגט געווארען!“ — האט איהם דיא עלטערע פרוי געענטפערט — „פון דרויסען איז דאס גע־ווען א שעהנער עפּעלע און אינוויינינג איז געזעסען א וואָרעם!“ —

— „איך פערשטעהע אבער נאך אלין ניט“ — האט זיך דער קאַמעריסטער אפּגערופען — „וויא שטארבט מען דאס אזוי פּלוצלינג אהנע פריהער עטוואס קראנק צו זיין!“ —

— „זיא איז יא קראנק געוועזען!“ — האט זיך דיא האפנייטערין אריינגעמישט — „זיא איז דיא גאנצע צייט קראנק געווען. איך האב געהערט וויא דיא גרעפין גאלדמארק האט נעכטין פאר נאכט געזאגט צו דער קאמערפרייליין אגאטהע, דאס איהר קייזערליכע האהייט, דיא פּרינצעסין, פיהלט זיך ניט גוט, זיא פיעבערט און האט איינעם פון דיא לאקייען געשיקט צו דעם פּראנציזישען דאקטאר קארנאָ, ער זאל וואס צום גיכסטען קומען צו דער פּרינצעסין!“ —

— „און איך האב איהם טאקי גערופען!“ — האט זיך אפּגערו־פען א יונגער מענש אין דיא קליידער פון דיא האפלאקייען — „דער

דאקטאר איז אריין צו דער פרינצעסין אין בודואר און איך בין געבלי־
בעןווארטען אין פארזאל" —

— „האסט דוא עפעס וואס געהערט?" — האט איהם דער קאכ־
מייסטער געפרעגט —

— „גאר ניט!" — האט דער לאקיי געענטפערט — „ערסט
אין א האלבע שטונדע ארום איז דיא גרעפין גאלדמארק ארויס געקו־
מען, האט מיר דערלאנגט א בריעף און האט מיר געהייסען דעם
בריעף אוועק טראגען צו דעם פירסט מענשיקאוו!" —

— „נוא? און דוא האסט דעם פירסט דעם בריעף איבערגעגע־
בען?" —

— „אין זיינע אייגענע הענד! דער פירסט איז געזעסען ביי איין
טיש און האט געצעהלט גאלדשטיקע אלס איך האב איהם דעם
בריעף דערלאנגט. קוים אבער האט איהם זיין סעקרעטער דעם בריף
איבערגעלעזען — איהר ווייסט דאך, אז דער פירסט קען ניט שרייבען
און ניט לעזען —, איז ער פון זיין שטוהל אויפגעשפרונגען, האט אנ־
געהויבען אומצולויפען אין צימער און האט איינינע מאל אויסגערופען:
„ד'א פרינצעסין! איינע פעסטקראנקהייט!" ערסט דאן האב איך
פערשטאנען, דאס דיא ארעמע פרינצעסין איז פון איינע פעסטקראנק-
הייט אנגעשטעקט געווארען און דער דאקטאר צווייפעלט אין איהר
לעבען!" —

— „דיא פעסט!" — האט זיך דער קאכמייסטער אפגערופען—
„זיא הערשט יעצט אין פעטערסבורג און אין אלע דערפער ארום און
ארום. מענשען פאלען וויא פליגען. ווער עס ריהרט זיך אן, אן איינעם
פעסטקראנקען, אדער אן דעם קערפער פון א פעסטטויטען, ווערט
אנגעשטעקט!" —

— „און דאס איז טאקי דיא אורזאכע, וואס דער פירסט מענ־
שיקאוו איז געסטערן אין שלאס ניט געקומען, וויא דיא גרעפין גאלד־
מארק האט איהם געבעטען!" — האט דער לאקיי ווייטער דערציילט—
„גלייך וויא דער סעקרעטער האט איהם דעם בריעף איבערגעלעזען,

האט ער אננעקלונגען און האט דעם דיענער געהייסען זיין עקיפאשזע בעשטעלען, אבער דער סעקרעטער האט איהם קלאר געמאכט וויא געפעהרליך עס איז פאר איהם אין שלאס צו קומען און ער איז געבליבען״ —

— „און קיינער איז ניטאָ!“ — האט דער קאכמייסטער אויסגערופען — „ניט דער קייזער, ניט דיא קייזערין, אויך ניט דער מאן, דער גראספירסט אלעקסייא!“ —

— „נוא, דער מאן וועט א דריטע אויג נאך זיין ווייב ניט אויסווינען!“ — האט זיך דיא עלטערע פרוי אפגערופען — „ער זיצט יעצט אין אויסלאנד און פרייט זיך מיט זיין מושזיצקע עפראזינע!“—

— „עס איז פאר איהר טויזענד מאל בעסער דאס זיא איז געשטארבען!“ — האט זיך דיא יונגע נייטהערין אפגערופען — „איידער אזא לעבען וויא זיא האט געלעבט, איז שוין גלייכער דער טויט. דער טהייערער מאן פלעגט איהר צעהן מאל א טאג קנוטעווען. איהר גאנצער קערפער איז מיט וואונדען בעדעקט!“ —

— „ששש! שטיל!“ — האט איינער פלוצלונג אויסגערופען — „איך הער מען קומט!“ —

איין עלעגאנטער פהאיעטאָן מיט צוויי טהייערע פערד איז אין דיעזען מאמענט אויף דעם הויף ארויפגעפאהרען.

— „דער פירסט מענשיקאוו!“ — האט דער לאקיי אויסגערופען — „ער קומט דאך!“ —

דער פהאיעטאָן האט זיך אפגעשטעלט ביים גאניק און דער פירסט מענשיקאוו איז פון פהאיעטאָן אראפגעשפרונגען.

— איז דער דאקטאר קארנא הייער?“ — האט מענשיקאוו געפרעגט אויף דעם גאניק ארויפגעהענדיג, פון וועלכען דיא דיענערשאפט האט ערשראקען צוריקגעטרעטען —

— „וואהרשיינליך הייער!“ — האט איהם דער לאקיי געענטפערט —

— „רוף מיר איהם ארויס! איך וועל איהם דא ערווארטען!“ —

— „צו בעפעהל, גנעדיגער פירסט!“ — האט דער לאקיי גע־ענטפערט און איז פערשוואונדען —

מענשיקאוו איז געשטאנען אויף דעם גאניק, ווייטער געהען האט ער ניט געוואגט. דיא פורכט פאר דיא פעסט האט איהם צוריק גע־האלטען. שווייגענד איז דיא דיענערשאפט אין הינטערגרונד געשטאנען.

— „ווען איז דיא גראספירסטין געשטארבען?“ — האט ער גע־פרעגט —

— „נאך האלבע נאכט, גנעדיגער פירסט!“— האט איהם דער קאכמייסטער געענטפערט —

— „און איהר האט גאר קיין מורא ניט פאר דיא פעסט?“ — האט ער ווידער געפרעגט און זיין שטימע האט פון איננערליכען שר ק געציטערט —

— „וואס איז דא מורא צו האבען?“ — האט זיך דיא עלטערע פרוי אפגערופען — „מעהר וויא איינמאל שטארבט מען דאך ניט!“—

דער פראנצייזישער דאקטאר קארנא איז אין דיעזען אויגענבליק ארויס געקומען.

— „דיא פרינצעסין איז טויט?“ — האט איהם מענשיקאוו גע־פרעגט —

— „ליידער, מיין פירסט, זייט צוועלף אוהר נאך האלבע נאכט!“— האט איהם דער דאקטאר מיט בעוועגטער שטימע געענטפערט —

— „קען איך זיא זעהען?“ — האט איהם מענשיקאוו געפרעגט—

— „אָה, געוויס!“ — האט דער דאקטאר גאנץ רוהיג געענט־פערט —

— „אבער זיא איז פון דיא פעסט געשטארבען!“

— „יא, פון דיא פעסט! אה, וואס פאר א שרעקליבע קראנק־הייט!“ —

— „און איז עס פאר מיר ניט געפעהרליך אין איהר צימער אריין צו געהען?“ — האט איהם מענשיקאוו מיט א ציטערנדע שטימע געפרעגט —

— „זעהר געפעהרליך, מיין פירסט!“ — האט איהם דער דאק־טאר געענטפערט — דיא קליינסטע בעריהרונג מיט דעם טויטען קערפער, זעלבסט דיא פערפעסטעט לופט אין דעם צימער, וואו דיא טויטע פרינצעסין ליגט, איז זעהר געפעהרליך, און אלס פריינד וואלט איך אייך ראטהען, איהר זאלט בעסער אין דעם צימער ניט אריין געהען!“ —

— „און איהר, דאקטאר? איהר האט גאר קיין מורא פאר דיא פעסט?“ —

— „איך?“ — האט איהם דער דאקטאר מיט א שמייכעל גע־ענטפערט — „איך בין שוין דערצו געוואהנט! וואס קענען מיר דאקטוירים טאהן, ווען אונזער פראפעסיאן איז שוין אזעלכע? מיר מוזען זיך מוסר נפש זיין!“ —

— „איך וועל אייך פאלגען, דאקטאר, איך וועל דארט ניט אריין געהען! אבער איך וועל אייך בעטען, אז דיא בעערדיגונג זאל שנעל וויא מעגליך שטאטפינדען. דיא לייכע פון דיא טויטע גראפפירסטין דארף אין פאלאסט לייגער ניט בלייבען, דאס איז זעהר געפעהרליך פאר דעם גאנצען שלאס, עס איז נאך א גליק, דאס דער קייזער איז ניטאָ!“ —

— „אָה, וועגען דעם מעגט איהר רוהיג זיין, מיין פירסט!“ — האט איהם דער דאקטאר געענטפערט — „איך קען דיא געפאהר און דארום האב איך שוין אלעס געטאהן, וואס מען דארף טאהן אין אזעלכע אנגעלעגענהייטען. דיא לייכע פון דער גראפפירסטין איז שוין פערטיג צו דער בעערדיגונג, זיא ליגט שוין פאלשטענדיג אנגעטאהן אין דעם גראב, איהרע קליידער, וואס זיא האט געטראגען אלס זיא האט נאך געלעבט, האב איך געלאזט פערברענען, דיא צימערן גע־רייניגט און אויסגערויכערט, מיר ווארטען נאר אויף דיא גייסטליכע, וואס זאלען דיא לייכע איינזעגנען, איז דאס געשעהען, קען דיא לייכע באלד בעערדיגט ווערען!“ —

— „איהר האט זעהר גוט געטאהן, ליעבער דאקטאר!“ — האט

איהם דער פירסט מענשיקאוו געענטפערט — „לאזט רופען דיא גייסטליכע און מאכט דאס דיא גראספירסטין זאל שנעל וויא מעגליך בעערדיגט ווערען. איך וועל שוין זעהען, דאס דער קייזער זאל איין דערפאר גוט בעדאנקען. יעצט געה איך אהיים. איך מוז דעם קייזער און דעם קראנפרינץ דורך א קוריער דיא נאכריכט פון דער פרינ־צעסינס טויט שיקען!" —.

ער האט זיך אריינגעזעצט אין זיין פהאיעטאן און איז האסטיג אוועק געפאהרען.

* * *

אויף א לאנגען, מיט שווארצע געוואנד בעדעקטען טיש איז גע־שטאנען דער אפענער גראב פון עבענהאלץ מיט זילבער בעשלאגען, אין וועלכען דיא טויטע פרינצעסין האט איהר אייביגען שלאף געשלא־פען. דער גאנצער קערפער איז בעדעקט געוועזן מיט א מאסע בלומען און מען האט מעהר ניט געזעהען וויא דאס מארמארווייסע געזיכט פון דער געשטארבענע. איהרע אויגען זיינען געוועזן געשלאסען און אויף איהר געזיכט האט נאך געשוועבט יענער שמייכעלע פון צופריעדענ־הייט, מיט וועלכען זיא האט וואהרשיינליך איהר לעצטען זיפץ אויס־געהויכט.

אלעס אין צימער איז געוועזן מיט שווארצע געוואנד בעדעקט, דיא גרויסע שפיעגלען און דיא טהייערע געמעלדען אין זייערע קאסט־בארע גאלדענע ראהמען מיט שווארצען טול פערהאנגען. גרויסע ליכט פון שווארצען וואקס אין גרויסע זילבערנע לייכטער זיינען ארום דעם גראב געשטאנען און אויף דער ברוסט פון דער טויטע פרינצעסין איז געלעגען א הייליגע בילד.

צו פוסען פון דעם גראב זיינען דיא גרעפין פון גאלדמארק און דיא קאמערפרייליין אגאטהע געשטאנען אויף דיא קניע, האבען זייערע געזיכטער מיט דיא הענד פערדעקט און האבען ביטערליך געוויינט. צום וויניגסטען פון זייערע קערפערבעוועגונגען האט מען געקענט שליסען, דאס זיי וויינען אויף דעם פריהען טויט פון דער יונגער

פרינצעסין. ביידע האבען שוין געטראגען טרויערקליידער און עס איז קיינעם דיא פראגע גאר ניט איינגעפאלען, וואו האבען ביידע דאמען אזוי גיך טרויערקליידער גענומען.

ארום דעם גראב זיינען צעהן אדער פופצעהן גייסטליכע געשטא־נען און האבען דיא לייכע נאך רוסישער ארט איינגעזעגנעט.

מעהרערע מענער און פרויען פון דער קייזערליכער דיענערשאפט האבען אין א געוויסער ענטפערנונג פון גראב געקניעט, אין דער שטיל געבעטען און מאנכע פון זיי האבען געוויינט.

— „האָספאָדי פּאָמאָלימסיא (צו דיר גאטט בעטען מיר)!“ — האט דער מיטראָפּאָליט מיט זיין באסשטימע אויסגערופען —

— „האָספאָדי פּאָמאָלימסיא!“ — האבען אלע אנוועזענד וויא אין קאָהר געענטפערט —

— „נעהם אויף איהר נשמה אונטער דיינע פליגלען און שיינק איהר דעם עוויגען פריעדען!“ — האט דער מיטראָפּאָליט ווידער אויסגערופען — און אלע פערזאמעלטע האבען נאך הייסער אנגעהויבען צו בעטען —

— „איך האלט מעהר ניט אויס!“ — האט אין דיעזער מינוטע דיא יונגע אגאטהע דיא גרעפין פון גאלדמארק אריינגעשוסקעט אין אויער! — „איך קען שוין מעהר דאס לאבען ניט צוריקהאלטען!“—

— „אונגליקליכע!“ — האט איהר דיא גרעפין גאלדמארק גע־ענטפערט — ווילסט דוא אונז נאך אין לעצטען מאמענט אונגליקליך מאכען?“ —

— „אבער אזא כבוד האט נאך קיין שטיק האלץ זינט דיא וועלט שטעהט ניט געהאט!“ — האט זיך אגאטהע אפגערופען — „מען בעט פאר איהם גאטט און מען וועט עס בעגראבען דארט וואו אלע רוסישע קייזערן און פירסטען רוהען“ —

— „דיעזער שטיק האלץ איז יעדענפאלס בעסער פון אלע רוסי־שע קייזערן או פירסטען!“ — האט דיא גרעפין גאלדמארק געענט־

פערט און האט איהר געזיכט ווידער פערדעקט, אום ווידער דיא ראלע פון א וויינענדיגע צו שפיעלען —

אין דיזען אויגענבליק איז דער פראנצייזישער דאקטאר קארנא אין צימער אריין געקומען.

— „פערצייהונג, הייליגער פאטער!“ — האט ער זיך צום מעטראפאליט געווענדעט — „דאס איך וואגע דעם הייליגען גאטעסדיענסט צו שטערען, אבער עס איז דער אויסדריקליכער בעפעהל פון דעם פירסטען מענשיקאוו דיא צערעמאניע וויא מעגליך אבצוקירצען. עס איז פאר דעם גאנצען שלאס זעהר געפעהרליך דיא לייכע היער לייננער אויפצוהאלטען און דיא בעערדיגונג מוז וואס פריהער געשעהן“—

דער מיטראפאליט האט געמוזט געהארכען. מענשיקאווס בעפעהל צו יענער צייט האט געהאט דיא זעלביגע מאכט וויא דעם קייזערס.

צוויי פריסטער האבען דעם גראב מיט נעגיל פערשלאגען. אייניגע פון דיא אנוועזענדע מענער האבען איהם אויפגעהויבען און ארויסגעטראגען אויף דעם הויף, וואו דער טרויערוואגען האט אויף איהם געווארט. אין דרויסען האט איהם ערווארטעט דער פירסט מענשיקאוו מיט א רעגימענט פון דער רוסישער גארדע. קוים האט זיך דער גראב אין טהיר געצייגט, אלס מענשיקאוו האט אויסגערופען:

— „שאפקי דאלאי! (דיא מיטצען הערונטער!)“ —

אלע האבען דיא מיטצען ארונטער גענומען און האבען זיך בעקרייציגט (געציילעמט). דער ארקעסטער פון דעם גארדע רעגימענט האט אנגעהויבען צו שפיעלען א טרויערמארש, דיא פריסטער האבען ווידער אנגעפאנגען צו זינגען געבעטליעדער און דער גאנצער צוג האט זיך לאנגזאם בעוועגט פון שלאס צו דער שלאסקירכע.

אונטען, אין דעם גרויסען קעלער פון דער שלאסקירכע, איז שוין אנגעגרייט געוועזען א אויסגעפוצטער קאטאפאלק (איינע ארט ביהנע) אויף וועלכען מען האט דעם גראב אוועק געשטעלט.

נאך א קורצע געבעט האט דער מיטראפאליט געהאלטען, דאן

האט זיך דיא צערעמאניע געענדיגט און אלע זיינען צו הויז געגאנגען.

— „גאטט זיי דאנק! דיא ערסטע העלפט איז שוין אריבער!“— האט דיא גרעפין גאלדמארק אויסגערופען צוריק צום שלאס געהענ־ דיג —

— „אבער דיא אנדערע העלפט איז נאך שווערער!“ — האט אגאטהע מיט א זיפץ אויסגערופען —

---

## ביים גרעניין.

גאנץ פעטערסבורג איז בעגראבען געווען אין שניי. נאך א האל־ בען טאג האט דיא גרויסע רעזידענץ־שטאדט א ווילדער שטורעם אויסגעבראכען און א פערטיל שטונדע שפעטער האט א געדיכטער שנעע אנגעהויבען צו פאלען פון דיא אש־גרויע וואלקענס.

דיא לאנגע און ברייטע גאסען זיינען לעער געווארען, יעדער האט זיך געאיילט צו קומען אונטער א דאך, וואס זאל איהם פון שגייסטור־ רעם שיטצען, יעדער האט געזוכט א ווארעמעס צימער, וואו זיינע האלבפערפרארענע גליעדער צו דערווארעמען, זעלבסט דיא קרעמער און דיא קויפלייטע האבען צוגעשלאסען זייערע מאגאזינען און זייערע קאנטארען און זיינען אנטלאפען אהיים.

דער ווינד האט געפייפט איבער דיא גרויסע בערג שניי, וואס דער שטורעם האט אנגעטראגען אין דיא גאסען און האט פון זיי אויפגעהויבען קליינע וואלקענס און האט זיי צוטראגען נאך אלע זייטען. אלעס ארום איז בעדעקט געוועזען מיט שניי, דיא בוימער, דיא טראָ־ טוארען און דיא גאניקעס פון דיא הייזער. שטיל, וויא אויסגעשטאר־ בען איז דיא גאנצע רעזידענץ־שטאדט אונטער דער לאסט פון דיא גרויסע שניימאסען געלעגען, מען האט קיין לעבענדיגער בעשעפענים ניט געזעהען, מעהר ניט וויא שווארצע ראבען, וואס זיינען שרייענדיג און קרעכצענדיג ארומגעפלויגען אין דיא אייזקאלטע לופט און האבען זיך ארומגעדרעהט ארום דיא גרויסע שנייבערג אין ווילדען טאנץ.

עס איז נאכט געווארען, היינט פריהער וויא אלע מאל. דער

שטורעם האט נאך ניט אויפגעהערט און דער שניי איז נאך אימער געפאלען אין געדיכטע מאסען. דער גרויסער פראסט האט אויף דיא גרויסע שפיעגעלשויבען פון דיא גרויסע פאלאטצען אויף נעווסקי פראספעקט גאנצע בלומענבוקעטען אויסגעמאלט און אויף דיא געזימסען פון דיא דעכער און פון דיא פענסטער האבען זיך אויסגעבילדעט אייזמאסען וויא זילבערנע פרענז.

אין איין הינטערצימער פון א פרעכטיגען פאלאסט, וואס האט געהערט צו דער גרעפין פון גאלדמארק, האט אין קאמין געברענט א לוסטיגעס פייער און האט פערברייטעט איינע אנגענעהמע ווארעמקייט אין דעם צימער. ביי דעם קאמין איז געשטאנען א זיידענער פאטעל אויף וועלכען עס איז געזעסען א יונגע, בילדשעהנע דאמע, מיט א בלאסעם געזיכט און האט וויא טרוימעריש אריינגעקוקט אין דעם פייער.

ארום און ארום האט געהערשט איינע טיעפע שטילקייט, עס האט אויסגעזעהען, אזוי וויא אלע איינוואהנער פון דיעזען פאלאסט וואלטען שוין געשלאפען, אויך דיא יונגע דאמע האט זיך ניט געריהרט און איהרע בליקען זיינען אזוי וויא פערגליווערט געווארען אויף דיא העלע פלאמען, וואס האבען אזוי לוסטיג אומגעטאנצט, אין דעם מארמארענעם קאמין.

ענדליך האט זיך א לאנגער זיפץ פון איהר ברוסט ארויס געריסען און איהר קערפער האט לעבען בעקומען. זיא איז אויפגעשטאנען האט א קוק געטאהן אויף דיא גאלדענע אוהר, וואס איז אויף דעם קאמין געשטאנען און האט אויסגערופען:

— „שוין צוועלף אוהר און ער איז נאך ניטא! אך, וויא שווער אונז מענשען קומט אן דיא פרייהייט!“ —

אין דיעזען אויגענבליק האט זיא הינטער דער טהיר דערהערט א גערויש, אזוי וויא איינער קלאפט אפ שנעע פון זיינע קליידער און א שטראהל פון פריידע האט אין איהרע וואונדערשעהנע אויגען אויפגעבליצט.

— „ער איז דאס?“ — האט זיא מיט א ציטערנדער שטימע אויס־גערופען — „ער, גאסטאן!“ —

דיא טהיר האט זיך אויפגעעפענט און א יונגער אפיציער איז אין צימער אריין געקומען.

— „ענדליך, מארקיז!“ — האט זיא אויסגערופען — „אך, מיט וועלכער ברענענדער אונגעדולד איך האב אייך ערווארטעט! יעדע מינוטע האט זיך מיר אויסגעצויגען וויא א יאהר“. —

— „פערצייהונג, קייזערליכע האהייט!“ — האט דער מארקיז דע־אויבאן אנגעהויבען —

— „גענוג, מארקיז! איך וויל פון דיא גלענצענדע טיטלען מעהר ניט הערען!“ — האט זיא איהם איבערגעשלאגען עטוואס אונגעדול־דיג — „דיא קייזערליכע האהייט איז מיט מיין הילצערנע פיגור צו־זאמען אין דער פעטרא־פאוולאָווסקי קירכע בעגראבען געווארען. איהרע קייזערליכע האהייט, דיא גראספירסין קריסטינע איז געשטאר־בען און איהר האט יעצט צו טאהן מיט דיא איינפאכע בירגערין קריסטינע בערנהאלץ, אזוי וויא איהר האט געלאזט איינשרייבען אין מיין פאספארט. אלזא, פערגעסט ניט, העררר מארקיז, דאס פון נון אן הייס איך: קריסטינע בערנהאלץ און דער טיטעל „קייזערליכע האהייט“ קלינגט מיר יעצט וויא א ביטערער שפאָט!“ —

— „מען דארף גראדע קיין פירסטין פון געבורטה זיין, אום צו הערשען“ — האט ער איהר געענטפערט — „מיט אזוי פיעל עדעל־מוטה און הערצענסגיטע שטעהט איהר העבער פון יעדער האהייט און דיעזע האהייט איז אייך ניט געשטארבען, זיא איז אייך געבליבען און זיא גיבט אייך דיא גלענצענדער מאיעסטעט אין וועלכער לאגע און אונטער וועלכען נאמען איהר זאלט ניט זיין!“ —

— „איך דאנק אייך, גאסטאן!“ — האט זיא זיך אפגערופען מיט פריינדליכער שטימע און האט איהם איהר האנד דערלאנגט — „איהר זייט מיין פריינד, דארום זעהט איהר נאר גוטעס אין מיר, דיא פריינדשאפט ליעבט אימער עטוואס איבערצוטרייבען!“ —

— „נײן, פרינצעסין“ — האט ער געענטפערט — „אייער עדלעס הערץ ליגט גאנץ אפען וויא דער לויטערער הימעל פאר מיר, איך זעה אויף איהם קיינע וואלקענס, קיינע פלעקען. דיא גאנצע צייט, וואס איך האב אין אייער פאטערס הויז פערבראכט, אלס איך האב דאס גליק געהאט אייער בילד צו מאלען, האב איך אייער חאראקטער סטודירט. איך האב דיא גאנצע גרויסקייט פון אייער עדלע זעעלע דערקענט און מיין הערץ איז צו אייך וויא מיט אייזערנע קעטען צו־געבונדען געווארען. איין געפיהל, וועלכען איך האב פריהער ניט גע־וואוסט, איז אין מיר לעבענדיג געווארען, מיט שרעקען האב איך דערשפירט דאס איך ליעב אייך, דאס איך ליעב אייך מיט דיא גאנ־צע קראפט פון מיינער זעעלע. איך דער איינפאכער פראנצייזישער עדעלמאן דיא שטאלצע און האכגעשטעלטע פרינצעסין, איך האב געזוכט דיעזעם געפיהל אין מיין ברוסט צו טויטען, איך האב געזוכט דיא שטימע פון דער געוואלטיגער ליעבע מיט דער שטימע פון דער פערנונפט איבער צו שרייען, אומזיסט! צו טיעף איז שוין דער געפיהל אין מיין ברוסט געזעסען. איך בין צוריק נאך פראנקרייך געגאנגען, איך האב געגלויבט, דאס דיא ענטפערנונג וועט מיינע הייסע ליעבע אבשוואכען, איך האב זיך פערטיעפט אין ערנסטע סטודיומס, ווייל איך האב געגלויבט, דאס דיא וויסענשאפט וועט מיר מאכען פערגע־סען, אלעס אומזיסט! אימער איז מיר אייער ענגעלסגעזיכט געשטא־נען פאר מיינע אויגען און איינע געוואלטיגע מאכט האט מיך געצווינגען צו אייך. מיט א יאהר צוריק האב איך פון אייער טרויריגעס שיקזאל ערפאהרען. אך, וויא פיעל בלוטיגע טהרערען האב איך פער־גאסען! איך האב אין גאנצען מיינע רוהע פערלארען, מיר האט זיך געוואלט אין אייער נעהע זיין. איך בין געקומען נאך פעטערסבורג, בין אין דער רוסישער ארמעע איינגעטרעטען, איך בין גליקליך געווען אייך פון וויטען צו זעהען און ווידער אונגליקליך, אלס איך האב געזעהען אייער ליידען, אייער שרעקליכע שמערצען, איך האב מיך ענטשלאסען אייך צו רעטען, צו בעפרייען, אום יעדען פרייז צו רעטען.

עס איז מיר געלונגען. דיא שטונדע דער בעפרייאונג שטעהט שוין פאר אייך, נון, פרעג איך אייך, פרינצעסין, דארף איך אייך פון נון אן אפען און פריי ליעבען? קען איך האפען אויף געגענליעבע?" --

דיא פרינצעסין האט זיין לאנגע רעדע שווייגענד און מיט פריידע שטראהלענדע אויגען אויסגעהערט, איהרע בליכע באקען האבען זיך אין פורפור געפארבט, איינינע מאל האט זיא געמאכט א בעוועגונג אזוי וויא זיא וואלט וועלען אויף זיין ברוסט זינקען און אויסשרייען: „יא, געליעבטער! אויך איך ליעבע דיך! דיין בילד זיצט שוין לאנג אין מיין הערצען!" אבער זיא האט זיך איינגעהאלטען און האט זיך געצוואונגען רוהיג צו בלייבען, אלס זיא האט איהם געענטפערט:

— „מיין פריינד! מיין גוטער גאסטאן! איהר דארפט צו מיר פון אייערע געפיהלען ניט רעדען זאלאנג איך בין דיא פרוי פון א אנדערן מאן; ער מעג זיך זיין א טיראן, א בארבאר, א אונמענש, ער איז אבער דאך מיין מאן. פארלייפיג זיינען מיר נאך מיט דיא בענדער פון דאס געזעץ צוזאמענגעקניפט און עס וואלט זיין דאס גרעסטע פערברעכען, ווען איך וואלט דיא שטימע פון אנדערע געפיהלען צוהער־רען, זאלאנג יענע בענדער זיינען נאך ניט צעררים

סען. אבער וואס גאט האט פאר אונז אין דער צוקונפט בעשטימט, קענען מיר ניט וויסען. האט גאט אונזער פערבינדונג אין ליעבע און אין גליק בעשטימט, וועט ער אונז שוין פיהרען צו אונזער ציעל. יעצט בלייבט אונז נאר איין זאך: האפען!" —

— „אָה, געליעבטע! איך בין גליקליך!" — האט דער מארקיז אויסגערופען, ער איז געפאלען אויף דיא קניע, האט איהר האנד ער־גריפען און האט זיא מיט קוסען בעדעקט — „איך וועל ווארטען און האפען. שוין דער געדאנקען אליין דיך חאטש איין טאג פאר מיין טויט צו בעזיטצען, גיבט מיר דיא קראפט פון א ריעזען געדולדיג צו ווארטען גאנצע צעהנדליגע יאהרען!" —

— „שטעה אויף, גאסטאן! שטעה אויף, מיין הערצענסגעליעב־טער!" — האט זיא אויסגערופען און האט איהם צו זיך געצויגען —

„יעצט איז איבערהויפט ניט דיא צייט פון אונזערע געפיהלען צו רעד־דען, נאך זיינען מיר אין רוסלאנד און מיר זיינען ניט זיכער פון מענ־שיקאווס שפיאנען, וועט ער פון דעם שווינדעל ערפאהרען, זיינען מיר אויף אייביג פערלארען. זאג מיר, געליעבטער, איז שוין צו אונזער פלוכט אלעס בערייט?“ —

— „אלעס!“ — האט ער איהר געענטפערט — „דיין געטרייער הערבערט האט אונז מיט פערד ביז דער גרענצע פערזארגט. ביי דעם הינטערסטען אויסגאנג פון דיעזען פאלאסט ערווארטעט אונז א שליטען מיט פיער שטארקע פערד. יעצט קענסט דוא שוין געהען און זיך אנקליידען. באלד וויא דוא וועסט פערטיג זיין וועלען מיר אב־פאהרען. דאס וועטער איז אונז גראדע וויא געווינשען. קיינער וועט אונז בעמערקען!“ —

— „איך געה און וועל באלד פערטיג זיין!“ — האט דיא פרינ־צעסין אויסגערופען און איז פון צימער ארויס געגאנגען —

עס האט ניט לאנג געדויערט און דיא טהיר פון צימער האט זיך ווידער געעפענט. דריי בויערניונגען זיינען אריינגעקומען. אלע דריי האבען געטראגען שטיוועל מיט באַטפאָרטען, ברייטע סאמעטענע הויזען קורצע יאקען פון גרויען געוואנד און קליינע סויבעלמיטצען.

— נון, הערר מארקיז?“ — האט זיך א בויערניונגע אפגערופען מיט א שמייכעל — „דערקענט איהר אונז?“ —

— „נאר אן דער שטימע, פרינצעסין!“ — האט דער מארקיז געענטפערט — „אין דיעזער פערקליידונג וועט אייך דער טייפעל ניט דערקענען!“ —

— „אבער שנעל! שנעל!“ — האט דער צווייטער בויערניונגע אויסגערופען —

— „מיר קענען שוין פאהרען, גנעדיגע פרינצעסין!“ — האט איהר דער מארקיז געענטפערט און האט זיך צום טהיר געווענדעט—

— „אך, מיין פודעל! איך האב מיין ליעבען פודעל פערגעסען!“—

האט דער דריטער יונגע אויסגערופען און האט דיא הענד פערבראָ־כען —

— „יעצט איז שוין צו שפּעט, ליעבע מארטהא!“ — האט איהר דיא גרעפין פון גאלדמארק געענטפערט — „קום, מיר דארפען קיין צייט פערלירען!“ —

אלע פיער זיינען פון צימער ארויסגעגאנגען.

* * *

דער שנעע־שטורעם האט נאך האלבער נאכט אויפגעהערט. רו־היג און וויא מיט א ווייסע דעקע צוגעדעקט האט דיא גאנצע אומגע־גענד פון פעטערסבורג געשלאפען. דער הימעל איז פון דיא וואלקענס ריין געווארען און דער קיילעכדיגער מאנד, וויא א גרויסער זילבערנער בעקען, האט וויא שמייכלענדיג אראפּגעקוקט אויף דיא שטילע געגענד.

קיין גערוייש, קיין לויט האט זיך געהערט ארום און ארום, זעלבסט דיא ראבען זיינען וויא פערגליווערט געזעסען אויף דיא צווייגען פון דיא בוימער, צוביידע זייטען פון דעם טראקט, זייערע קעפּ אונ־טער דיא פליגלען פערגראבען און האבען געשלאפען, דען עס איז געוועזען ביטער קאלט און נאך דעם ווילדען שנעעשטורעם האט זיך דער פראסט בעדייטענד געשטארקט. מיט דיא שנעליגקייט פון איין בליטץ איז דער גרויסער שליטען געפלויגען אויף דער לאנדשטראסע, גאנץ הויך איז דער שנעע אויפגעפלויגען פון אונטער דיא פיס פון דיא פערד און צוריקפאלענדיג האבען זיי אין דעם בלוויליכען שיין פון דער לבנה וויא בריליאנטען אויפגעבליצט.

הינטען האט מען נאך געזעהען דיא שפּיטצען און דיא דעכער פון פעטערסבורגער קירכען און פּאלעסטע.

— „שנעלער! שנעלער! ליעבע מיטיא!“ — האט דער מארקיז דע־אויבאן אלע ווילע צום קוטשער אויסגערופען און זיין שטימע האט פון עררעגונג געציטערט —

און מיטיא האט דיא פערד מיט זיין קנוטע אויפגעמונטערט און דיא בראווע פערד זיינען געפלויגען וויא פפיילען פון בויגען.

פלוצלינג איז דער שליטען געבליבען שטעהן.

— „אויסשטייגען!“ — האט דער קוטשער קורץ און בעפעהלענד אויסגערופען —

— „וואס איז געשעהען?“ — האט דער מארקיז העכסט ער־שראקען געפרעגט און האט ערגריפען דעם פיסטאָלעט, וועלכען ער האט אונטער זיין מאנטעל געהאלטען —

— „איין שטריק האט געריסען, גנעדיגער הערר!“ — האט מיטיא געענטפערט — „און דער שליטען איז דורך דעם אריין אין א בארג שניי“ —

אלע זיינען פון שליטען אראפגעשפרונגען.

— „בררר, וויא קאלט!“ — האט דיא אימער לוסטיגע אגאטהע אויסגערופען, האט אנגענומען גאנצע הויפענס מיט שנעע, האט פון זיי געמאכט קייקלעך און האט זיי וויא א קינד אומגעווארפען ארום זיך —

— „הער אויף, אגאטהע!“ — האט איהר דיא גרעפין פון גאלד־גאלדמארק צוגערופען — „דוא וועסט דיא פינגער אבפריערען!“ —

עטוואס ווייטער פון אלעמען איז דיא פרינצעסין געשטאנען מיט דעם נעזיכט צו פעטערסבורג צוגעווענדעט און איהרע בליקען זיינען וויא צוגעשמידט געוועזען אויף דיא שפיטצען פון דיא הויכע טהורעמס וועלכע מען האט נאך פון ווייטען געזעהען. איין וואלקען פון טרויער האט איהר בלייכעס געזיכט פערדונקעלט און איין לאנגער זיפץ האט זיך פון איהר ברוסט ארויסגעריסען.

— „לעבע וואהל דוא גרויסער קבר פון מיין געשטארבענער גלאנץ און הערליכקייט!“ — האט זיא צו זיך זעלבסט געמורמעלט— „לעבע וואהל דוא מעכטיגער טהראן און דיא גלענצענדע קרוין, וואס זיינען פאר מיר בעשטימט געוועזען! אך, דאס שיקזאל האט מיר אנשטאט דיא קייזערקרוין, איין קרוין פון דערנער געגעבען! דארט,

אונטער אייערע מויערען ליגט מיין פערגאנגענהייט, צוזאמען מיט מיין נאמען בעגראבען, דיא פרינצעסין, דיא פירסטענטאכטער עקסעס־טירט שוין ניט מעהר, עס איז נאר איבערגעבליבען דיא איינפאכע בירגערין קריסטינע בערגהאלין, און דיא איינפאכע בירגערין קריסטינע בערגהאלין ציעהט יעצט ארויס אין דער וויטער, וויטער וועלט, זיא איז פון דאס ניי געבארען און זיא מוז פון דאס ניי אום דאס לעבען קעמפפען. לעבע וואהל פערגאנגענהייט און זיי מיר געגריסט דיא צוקונפט!" —

— „פערטיג! איינשטייגען!" — האט אין דיעזער מינוט דער קוטשער אויסגערופען —

איין העלער טהרער וויא איין גרויסער פעריל איז פון קריסטינעס געזיכט אויף דעם שניי אראפגעפאלען, זיא האט איהר געזיכט אבגע־ווישט און האט זיך אין שליטען אריינגעזעצט.

און דער שליטען איז אויף דעם טראקט וויעדער געפלויגען מיט דיא שנעליגקייט פון א בליטץ.

ערסט אין צוויי טעג ארום האבען זיי זיך אויף א קורצע צייט אפגעשטעלט אין א קליינעם דארף, וואו דער געטרייער הערבערט האט אויף זיי מיט פרישע פערד געווארט. דארט האבען זיי איבער־גענעכטיגט אין א בויערנהויז, דיא דאמען האבען דארט דיא העררענ־קליידער אויסגעטאהן, האבען אנגעצויגען איינפאכע בירגערליכע קליידער און מיט טאג צוגלייך זיינען זיי ווייטער אוועק געפאהרען. אום דעם גרויסען פעטערסבורגער טראקט אויסצומיידען האט מען געמוזט פאהרען מיט זייטיגע וועגען, אבער דער גרויסער שנעע, וואס איז אין דיא לעצטע טעג ארויסגעפאלען, האט דיא וועגען זעהר שלעכט געמאכט. עס איז אונמעגליך געווען מיט דעם גרויסען שליטען צו פאהרען, דארום האט הערבערט געלאזט שפאנען צוויי קליינערע שליטענס, אין איינעם איז דיא פרינצעסין, דער מארקיז און ער גע־זעסען און אין דעם אנדערן דיא גרעפין גאלדמארק, אגאטהע און דער קוטשער מיטיא. וואהין זיי זיינען געקומען, האט מען זיי נאר אלס

איינפאכע בירגער בעטראכטעט און קיינעם איז גאר ניט איינגעפא־לען, דאס אונטער דיא איינפאכע בירגערליכע קליידער זיינען אזעלכע וויכטיגע פערזאהנען פערבארגען.

מיט וואהרען העלדענמוטה האט דיא פרינצעסין דיא שוועריגקיי־טען פון דער רייזע ערטראגען. זיא האט דיא גאנצע צייט אין דיא קליידער און אנגעלעהנט אויף דעם מארקיזס שולטער געשלאפען, זיא האט נאר שווארצעס און גראבעס ברויט גענעסען, ווייל קיינע בעסערע שפייזען האט מען אין דיא ארעמע דערפער ניט בעקומען, מאנכעס מאל, ווען דער פראסט האט זיך געשטארקט, האט זיא פון דער קעלט שטארק געליטען, אבער קיין קלאגע, קיין בעדויערען האט זיך פון איהרע ליפען געהערט.

— „ארמע, ארמע קריסטינע!“ — פלעגט דער מארקיז מיט טהרערענפייכטע אויגען אויסרופען — וויא פיעל דוא מוזט ליידען!“—

— „אבער איך בין פריי, גאסטאן, איך בין פריי און גליקליך!“— פלעגט זיא איהם מיט שטראהלענדע אויגען ענטפערן און פלעגט איהם דערביי זיין האנד דריקען — „מען שלאגט מיך שוין ניט מעהר, איך זעה שוין ניט מעהר מיין מאנס קנוטע און דאס האב איך נאר דיר, נאר דיר אליין צו פערדאנקען, מיין גוטער, ליעבער גאסטאן!“—

אויף דעם זעקסטען טאג פאר נאכט זיינען זיי שוין ניט ווייט פון דער דייטשער גרענצע געוועזען.

עס האט שוין אנגעהויבען צו דונקעלען און דיא שליטענס זיינען אריינגעפאהרען אין א גרויסען וואלד, דורך וועלכען דער וועג האט צו דער גרענצע געפיהרט. מיטיא האט זיינע פערד אפגעשטעלט און איז אראפגעשפרונגען פון שליטען.

— „וואס ווילסט דוא טאהן מיטיא? — האט איהם הערבערט געפרעגט און האט אויך זיינע פערד איינגעהאלטען —

— „איך וויל מיר דא א שיינעם בייטש־שטעקין אין וואלד אויס־האקען!“ — האט מיטיא געענטפערט און האט פון שליטען ארויס־גענומען א האק —

— „זאלסט זיך ניט אונטערשטעהען, מיטיא!“ — האט הער-
בערט אויסגערופען — „דיעזער וואלד געהערט געוויס צו איינעם פון
דיא פוילישע מאגנאטען און אז מען וועט דיך חאפען האלץ האקענ-
דיג, וועט מען דיר דיא ביינער צערברעכען!“ —

— „אהא!“ — האט מיטיא מיט א געוויסען שטאלץ געענט-
פערט — „איך וואלט נאר וועלען זעהן דעמיעניגען, וואס וועט וואגען
מיר א האר צו קרימען. איך בין יענעם געוויס ניט מקנא!“ —

און ער האט גענומען דיא האק און האט אנגעהויבען צו ארבייטען
ארום א יונגען בוים, וואס איז ניט ווייט פון וועג געשטאנען.

באלד איז שוין א דיננער און א לאנגער צווייג אבגעהאקט געווען
און מיטיא האט זיך גענומען פון איהם דיא קארע אפצושיילען.

אין דיעזען אויגענבליק האט זיך געלאזט הערען דאס בילען פון א
הונד און באלד איז א הויכער און א שטארקער מאן מיט נאך פינף
בויירען ארויסגעקומען פון וואלד.

— „ווער האט דיר ערלויבט דא האלץ צו האקען?“ — האט ער
מיט א ווילדער שטימע און מיט פינסטערע בליקען אויסגערופען
מיטיען ביים קראגען פאקענדיג —

— „איך האב נאר א שטעקין צו מיי בייטש גענומען!“ — האט
איהם מיטיא געענפערט — „אבער לאזט מיך איין, פעטער! דיא
הענד ארונטער!“ —

און מיט א האסטיגע בעוועגונג האט ער דעם בויער פון זיך צור-
ריק געשטויסען.

— דוא! שורקע!“ — האט דער בויער מיט צארנבליטצענדע
אויגען אויסגערופען—„ווייסט דוא מיט וועמען דוא האסט צו טאהן?
איך בין דער וואלדוועכטער פון דעם גראף יאניסקי! —

— „פון מיינטוועגען מעגסט דוא אויך זיין בעסטער יאגדהונד
זיין!“ — האט איהם מיטיא מיט פעראכטונג געענטפערט — „איך
האב דיר אין דרערד מיט דיין גראף צוזאמען!“ —

— „אזוי?“ — האט דער וואלדוועכטער אויסגערופען — „אַט וועל איך דיר ווייזען!“ —

ער האט זיך געווענדעט צו דיא פינף בויערן און האט אויסגערופען:

— „נעהמט איהם און פיהרט איהם נאך דוואַרשוזישעק צום פאַן סטאראַסטא!“ —

דיא קרעפטיגע בויערן זיינען צו מיטיען צוגעטרעטען און האבען איהם ערגריפען.

— „ווילט איהר אפשר וויסען וויא פיעל צייהן יעדער פון אייך האט אין מויל?“ — האט מיטיא אויסגערופען — „אַט וועל איך אייך זיי איבערצעהלען!“ —

זיין קרעפטיגע פויסט איז וויא איינע אייזערנע באַמבע אריינגעפלויגען איינעם פון דיא בויערן גלייך אין געזיכט אריין. מיט א ווילדען אויסגעשריי איז דער בויער צוריק געפאלען און האט זיך אויסגעצויגען אין שנעע. א שטראַם בלוט האט גערינען פון זיין נאז.

ציטערנד זיינען דיא דאמען אין דיא שליטענס געזעסען און האבען מיט שרעקען דיעזע סצענע צוגעזעהען.

דער וואלדוועכטער מיט דיא איבריגע פיער בויערן האבען זיך אויף מיטיען געווארפען, האבען איהם געווארפען צו דער ערד און האבען איהם אנגעהויבען צו בינדען מיט א שטריק.

שנעל וויא א בליטץ איז דער מארקיז אראפגעשפרונגען פון זיין שליטען און אין בעפעהלענדען טאָהן האט ער צום וואלדוועכטער אויסגערופען:

— „לאזט איהם פריי! איך זאג אייך, איהר זאלט איהם אויגענבליקליך פריי לאזען!“ —

— „און ווער זייט איהר דאס אזוינער, וואס האט מיר צו בעפעהלען?“ — האט זיך דער וואלדוועכטער מיט דיא גאנצע בויערשע פרעכהייט אפגערופען —

— „דאס דארפסט דוא ניט וויסען, עלענדער!“ —

— „איך דארף דאס ניט וויסען? אויך רעכט!" — האט זיך דער וואלדוועבטער אפגערופען גאנץ געלאסען — „אבער דעם פאן סטאראסטא וועט איהר דאס מוזען זאגען!" —

ער האט זיך געווענדעט צו דיא בויערן וואס האבען געהאלטען דעם געבונדענעם מיטיא, און האט אויסגערופען:

— „געהמט דיא פערד מיט דיא פאסאזשירען און פיהרט אפ נאך דווארשזישעק צום פאן סטאראסטא! איך וועל אייך בעגלייטען!" —

— „אבער מיט וועלכען רעכט האלט דוא אונז אויף? — האט איהם דער מארקיז געפרעגט —

— „איהר זייט נאהענט פון דייטשען גרענעץ!" — האט דער וואלדוועבטער געענטפערט — „ווער וייס, ווער איהר זייט? אפשר זייט איהר נאר שפיאנען!" —

— „מיר האבען אלע פאספארטען!

— "וועט איהר דעם פאן סטאראסטא צייגען!" —

עס האט ניט געהאלפען, ניט מיט גוטען און ניט מיט בייזען. דיא בויערן האבען זיך געזעצט אויף דיא שליטענס און האבען דיא רייזענ־דער אוועק געפיהרט נאך דווארשזישעק, א קליינער דארף, וואס איז געלעגען ניט וויט פון דעם גרויסען גוט דווארשזישעק, וואס האט געהערט צו דעם יונגען גראף יאניסקי, איינער פון דיא רייכסטע פוי־לישע מאגנאטען אין יענער געגענד.

— „איך האב מורא, אז מיר זיינען פערלארען!" — האט דיא פרינצעסין אין דער שטיל אין דער פראנצייזישער שפראכע צום מאר־קיז געזאגט — עס קען זיין, אז מען וועט איינעם פון אונז דערקענען און מען וועט אונז דער רוסישער רעגיערונג אויסליעפערן!" —

— „ווער זאל אונז דא דערקענען?" — האט איהר דער מארקיז געענטפערט — „מיר זיינען דאך אזוי וויט פון דער רעזידענץ!" —

אין א האלבע שטונדע ארום זיינען דיא שליטענס מיט דיא גע־פאנגענע צוגעפאהרען צו א גרויסע הויז מיט א גרויסען גאניק. עס איז שוין נאכט געווען און אלע פענסטער פון דאס הויז זיינען העל

בעלויכטעט געווען. שוין פון דרויסען האט מען געהערט געשרייען און געזאנג אין דיא צימערן פון דאס הויז, דען דער פאן סטאראסטא האט היינט געפייערט זיין פופציגסטען געבורטסטאג, און האט צו זיך פיעל געסט פון דיא ארומיגע פוילישע גוטסבעזיטצער איינגעלאדען.

דער פאן סטאראסטא האט דערזעהען דיא שליטענס, וואס זיי־נען צו זיין הויז צוגעפאהרען, ער האט זיך שטארק פערוואונדערט און איז ארויסגעקומען אויף דעם גאניק.

זיין געזיכט איז רויט געווען פון פיעל טרינקען און זיינע ליפען האבען געגלענצט פון פעטע שפייזען. ער האט זיך קוים אויף דיא פיס געקענט האלטען.

— „מיחאלקא!“ — האט ער מיט א הייזעריגע שטימע פון שכרות אויסגערופען — „וועמען ברייננסט דוא דא מיט זיך?“ —

— „איך האב דיא גאנצע באנדע געפונען אין וואלד, גענעדיגער פאן סטאראסטא!“ — האט דער וואלדוועכטער געענטפערט — „זיי זיינען מיר עפעס אביסל פערדעכטיג און האב זיי דעריבער גע־בראכט צו אייך!“ —

— „גוט, מיין ליעבער!“ — האט זיך דער פאן סטאראסטא אפגערופען — „פיהר זיי אריין אין מיין הויז!“ —

— „איך פראטעסטיר דאגעגען, פאן סטאראסטא!“ — „האט דער מארקיז אויסגערופען און איז פון שליטען אראפגעשפרונגען — „מיר זיינען פריעדליכע רייזענדע און מיר האבען פאספארטען. איהר קענט נאר אונזערע פאספארטען איבערזעהען און אונס לאזען ווייטער פאהרען!“ —

— „אהא! נאר ניט אזוי היטציג, מיין יונגער פריינד!“ — האט איהם דער פאן סטאראסטא געענפערט — „איך בין דא בעאמטער און איך וויים שוין וואס איך האב צו טאהן. מיחאלקא, פיהר אריין דיא ארעסטאנטען אין הויז!“ —

דיא בייערן האבען דיא רייזענדע אריינגעפיהרט אין א גרויסען, העל בעלויכטענעם צימער. לאנגע טישען מיט אלערליי שפייזען און

מיט שנאפספלאשען זיינען געשטאנען אין מיטען צימער, ארום דיא טישען זיינען געזעסען האלבבעזאָפענע הערען און דאמען און אין צי־מער האט זיך ארומגעטראגען א רויך פון טאבאק און דער עקעל־האפטער גרוך פון שנאפס. אלע אויגען האבען זיך מיט נייגיערדע געווענדעט אויף דיא רייזענדע.

דער פאן סטאראסטא האט זיך געזעצט אויף א שטוהל און האט געמאכט א מיענע פון א גרויסען בעאמטען, ווען ער האט צו טאהן מיט א גרויסען פערברעכער.

— „ציינט מיר אייערע פאספארטען!“ — האט ער קורץ און שארף אויסגערופען —

דער אלטער הערבערט האט איהם דערלאנגט דיא דאקומענטען. דער פאן סטאראסטא האט זיך שאקלענדיג און האלב שלאפענדיג זייער לאנג ארייגעקוקט אין דיא פאפיערען.

— „איהר זייט פאן בערגהאלץ און דיא זיינען אייערע קינדער?“ — האט ער זיך צום אלטען הערבערט געווענדעט —

— „אזוי איז עס, פאן סטאראסטא!“ — האט איהם הערבערט געענטפערט —

— „און פון וואנען ווייס איך, אז דאס איז אמת?“ —

— „דאס זאגען אונזערע דאקומענטען!“ —

— „דאקומענטען? המ! פון וואנען ווייס איך אז דיא דאקומענ־טען זיינען ריכטיגע? אפשר געהערט איהר צו דער באנדע פערשווע־רער, וואס דער קרוינפרינץ אלעקסייא האט צוזאמענגענומען, אום זיין פאטער, דעם קייזער פיאטר וועליקי פון טהראן צו שטירצען און אליין קייזער צו ווערען?“ —

דיא פרינצעסין האט אנגעפאנגען צו ציטערן.

— „מיין הערר! דאס איז א נארישע בעהויפטונג!“ — האט דער מארקיז אויסגערופען און האט קוים געקענט זיין צארן אייהאל־טען —

— „נאריש היינט, נאריש מארגען!“ — האט דער בעזאפענער

סטאראסטא געענטפערט — „איך מוז אייך צום קרייזהויפטמאן (איספראווניק) אבשיקען, זאל ער מיט אייך טאהן וואס ער וויל!“—

אין דיעזען מאמענט איז א עלטערער גוטסבעזיטצער צוגעגאנגען צו אנאטהען, האט איהר א קניפ געטאהן אין באק און האט אויסגערופען: „יאקא לאדנא דזיעווצינא!“ (וואס פאר א שעהן מיידעל דוא ביזט!). אנאטהע האט ניט לאנג געטראכט און איז דעם אלטען אריינגעפאהרען מיט אלע פינגער אין באק. דיעזער אומשטאנד האט דיא לאגע בעדייטענד פערשלימערט, דער פאן סטאראסטא האט עס אלס טיעפע בעליידיגונג בעטראכט און האט דיא בויערן בעפאהלען דיא „ארעסטאנטען“ אפצופיהרען און אין דאס קליינע ארעסטאנטענהויז איינצושליעסען.

— „מיר זיינען פערלארען!“ — האט דיא פרינצעסין אין דער שטיל צו דער גרעפין גאלדמארק אין דער פראנצייזישע שפראכע געזאגט—„מען וועט אונז צוריק נאך פעטערסבורג טראנספארטירען!“—

אין דיעזען אויגענבליק האט זיך דיא הויזטהיר געעפענט און א יונגער, הויבגעוואקסענער הערר איז אין צימער אריין געקומען. ער האט געטראגען עלעגאנטע ציווילקליידער, אבער אין זיין האלטונג און אין זיינע גראציעזע בעוועגונגען האט מען גלייך געקענט דערקענען דעם געוועזענעם מיליטעריסטען און עדעלמאן.

— „אזוי שפעט, הערר גראף!“ — האט דער פאן סטאראסטא אויסגערופען — „איך האב שוין דיא אויגען אויף אייך אויסגעקוקט! אה, איהר זייט מיר הערצליך ווילקאמען!“ —

— „פערצייהונג, אלטער פריינד!“ — האט זיך דער יונגער גראף מיט זיין אנגענעהמע, קלאנגפאלע שטימע אפגערופען — „איינינע ווירטהשאפטסגעשעפטען האבען מיך אפגעהאלטען.“—

— „שוין גוט! שוין גוט! מיין ליעבער גראף יאניסקי!“ — האט דער פאן סטאראסטא געענטפערט און צו דיא בויערן זיך ווענדענדיג האט ער מיט דאנערשטימע אויסגעשריען — „וואס שטעהט איהר

פערפלוכטע הינד? ווארום פיהרט איהר ניט אפּ דיא ארעסטאנ־טען?" —

— „ארעסטאנטען?" — האט דער גראף יאניסקי מיט פער־וואונדערונג געפרעגט — „וועלכע ארעסטאנטען?" —

איין געוויסער פאן בערגהאלץ מיט א זוהן און מיט דריי טעכטער פון ליפלאנד!" — האט דער פאן סטאראסטא געענטפערט — „זיי שיינען מיר זעהר פערדעכטיג צו זיין און איך וויל זיי מארגען אין דער פריה צום פאן איספראווניק אפּשיקען!" —

דער גראף האט זיך לאנגזאם אומגעווענדעט און האט זיין בליק אויף דער גרופּע געווארפען, קוים אבער האט ער דיא פּרינצעסין דערזעהען, איז ער אפּגעשפּרונגען א פּאר טריט צוריק און זיין גאנ־צער קערפּער האט אנגעפאנגען צו ציטערן. פון זיינע ליפּען האט זיך דער אויסרוף: „מיין גאטט!" ארויסגעריסען.

דער פאן סטאראסטא האט עס בעמערקט.

— „וויא? איהר קענט דיעזע פאמיליע?"—האט ער דעם גראף געפרעגט —

דער גראף יאניסקי איז אזוי צומישט געוועזען, דאס ער האט אין ערסטען אויגענבליק ניט געוואוסט וואס צו ענטפערן, און אלס דער אלטער סטאראסטא האט זיין פראגע איבערהאָלט האט ער געזוכט זיך צו פאסען און האט שטאמלענדיג געענטפערט:

— „יא, יא, בעקאנט — זייער בעקאנט — אין ריגא — דארט בין איך — מיט דיעזער פאמיליע בעקאנט — געווארען!" —

דיא פּרינצעסין האט דעם יונגען גראף מיט א געפיהל פון שרע־קען און פערוואונדערונג בעטראכטעט. „וואס זאל דאס בעדייטען?" האט זיא בייא זיך געקלערט.

— „ווען אזוי, מיין ליעבער הערר גראף" — האט זיך דער פאן סטאראסטא אפּגערופען — „שטעהט דיא זאך גאנץ אנדערש! און איך אלטער נאר האב שוין געגלויבט, אז דאס זיינען פערשווערער!"—

דער גראף יאניסקי האט דערוווילע זיין גאנצע פאסונג צוריק בעקומען.

— „חא! חא! חא! פערשווערער!“ — האט ער מיט א געלעכ־טער אויסגערופען — מיין אלטער פריינד בערנהאלץ א פערשווערער! יענער האט אין זיין לעבען אפילו א פליג אויף דער וואנד ניט גע־טשעפעט! וויא קאמיש! וויא לעבערליך!“ —

ער איז צוגעגאנגען צום אלטען הערבערט, האט גענומען זיין האנד און האט מיט א פ־יייליכע שט־מע אויסגערופען:

— „וואס מאכט איהר אלטער פריינד? וויא איז אייך דיא גאנ־צע צייט געגאנגען? אך, איך געדיינק נאך דיא פרייליכע שטונדען, וועלכע איך האב אין אייער הויז פערלעבט, אלס איך בין אין ריגא מיט מיין רעגימענט געשטאנען!“ —

ער האט זיך צום אלטען הערבערט איינגעבויגען, אזוי וויא ער וואלט איהם וועלען קוסען, און האט איהם האסטיג עטליכע ווערטער אריינגעפליסטערט אין אויער.

דאס געזיכט פון דעם אלטען הערבערט האט אויפגעשטראהלט אין פריידע.

— „יא, יא, הערר גראף!“ — האט ער אויסגערופען — „דאס זיינען געוועזען גליקליכע שטונדען!“ —

און צו דיא דאמען זיך ווענדענדיג, האט ער אויסגערופען:

— „קומט אהער, קריסטינא, אננא, אגאטהע! אויך דוא מיין זאהן, קום אהער און בעגריסט דעם הערר גראף יאניסקי! איהר קענט איהם דאך!“ —

דיא דריי דאמען זיינען צוגעגאנגען און האבען דעם גראף געמאכט א גראציעזען קניקס. דער מארקיז האט גענומען יאניסקים האנד און האט איהר מיט גרויס פייער געדריקט.

— „נא!“ האט דער פאן סטאראסטא גאנץ מונטער אויסגערו־פען — „דיא פריינד פון מיינע פריינד זיינען אויך מיינע פריינדע! מאַרש צום טיש! עס זאל געטרונקען ווערען. אז מען זאל פערגעסען

אן דעם שטורם, וואס דרעהט שוין ווידער אין דרויסען! מארש צום טיש!" —

דיעזע איינלאדונג האט דיא גאנצע פערזאמלונג מיט א „וויוואט" בעגריסט.

— „ניין, מיין ווערטהער הערר" — האט דער אלטער הערבערט אויסגערופען — „מיר האבען גרויס איילע, מיר מוזען ווייטער פאה־רען!" —

— „אבער אין דרויסען קעהרט הימעל און ערד!" — האט זיך דער סטאראסטא אפגערופען — „דער וועג איז פערשנייט, איהר וועט פערבלאָנזען!" —

— „איהר וועט ביי מיר נעכטיגען און אזוי לאנג פערבלייבען, ביז דאס וועטער וועט זיך פערבעסערן!" — האט יאניסקי צום אל־טען הערבערט געזאגט —

— „פאטער!" — האט דיא פרינצעסין אויסגערופען — „איך בין ווירקליך זעהר מיד און וואלט גערן אין א ווייכע בעט אויסרוהען! —

— „און איך אויך, פאפא!" — האט זיך אגאטהע אפגערופען, וואס האט דיא גאנצע צייט איהרע אויגען פון דעם יונגען און שעהנעם גראף ניט אראפגענומען —

— „אלזא, קאמיר פאהרען, מיינע הערשאפטען!" — האט זיך יאניסקי אפגערופען — „מיין שלאס ליגט נאר א האלבע שטונדע וועג פון היער!" —

מען האט גענומען קורצען אבשייד פון דער געזעלשאפט, מען האט זיך צוזעצט אין דיא שליטענס און מען איז אוועקגעפאהרען צום גראף יאניסקים שלאס. דער גראף האט פאראויס געריטען אויף זיין פרעכטיגען רייטפערד.

— „וואס זאל דאס אלעס בעדייטען?" — האט דיא פרינצעסין אויסגערופען — „דיא גאנצע זאך מאכט מיר זעהר פיעל אנגסט!" —

— „און ווער זאל דיעזער גראף זיין?" — האט זיך דיא גרעפין

גאלדמארק אפגערופען — „איך האב מורא, אז ער וויל אונז אפטאהן א שפיטצעל!“ —

— „ניין, דערצו איז ער צו עדעל!“ — האט אגאטהע געענט־פערט און איהר געזיכט האט זיך אין פורפור געפארבט — „פון זיינע אויגען קוקט ארויס א עדלע, בראווע זעעלע“ —

דיא פרינצעסין האט אויף איהר א קוק געטאהן, א שמייכעלע האט זיך געוויזען אויף איהרע ליפען, אבער זיא האט געשוויגען.

* * *

אין דעם גרויסען שפייזעצימער אין דעם גרעפליכען שלאס, איז דיא קליינע געזעלשאפט געזעסען ארום א רייכגעדעקטען טיש. אלעס וואס דיא גרעפליכע קיכע האט געקענט ליעפערן צו דיעזער שפעטער שטונדע, האבען דיא גאלאנירטע לאקייען אויפגעטראגען. דער גראף האט דיא דאמען זעהר פריינדליך בעדיענט, איבערהויפט האט ער זיך זעהר פריינדליך געוויזען צו דיא שעהנע אגאטהע, וואס האט באלד איהר נאטירליכע פריילליכקייט וויעדער בעקומען, האט געלאכט און האט זאגאר איינינע וויטציגע אנעקדאטען ביים טיש דערצעהלט.

דיא פרינצעסין, דאגעגען, איז נאך אימער זעהר אונרוהיג געוועזען און האט דיא שפייזען קוים בעריהרט. זיא איז אויפגעשטאנען פון טיש און האט ערקלערט, דאס זיא וויל שלאפען.

— „איך האב שוין מיינע ווירטהשאפטערין געהייסען זיא זאל דיא בעטען אין ארדנונג ברייננגען“ — האט זיך דער גראף אפגערו־פען — „און ביז זיא וועט צוריק קומען, וויל איך אייך, מיינע הערר־שאפטען, איינע קליינע ערקלערונג מאכען, וועלכע איך בין אייך יעדענפאלס שולדיג!“ —

— „איינע ערקלערונג?“ — האט דער אלטער הערבערט פער־וואונדערט אויסגערופען — „ווירקליך, הערר גראף, איהר מוזט אונז ערקלערען, וואס זאל דאס אלעס בעדייטען? איך קען מיך ניט ער־אינערען, ווען האב איך דיא עהרע געהאט אייך פריהער צו זעהן?“—

— „אויך אייך האב איך פריהער ניט געקענט, מיין הערר“ —

האט דער גראף מיט א שמייכעל געענטפערט — „איך האב נאר איינמאל דאס גליק געהאט אייער מאכטער קריסטינע צו זעהן!“ —

— „וואו?“ —

— „אין פעטערסבורג!“ —

דיא פרינצעסין איז בלייך געווארען און האט אנגעפאנגען צו ציטערן.

— „שרעקט אייך ניט, קייזערליכע האהייט“ — האט דער גראף אויסגערופען און האט זיך פאר דיא פרינצעסין טיעף פערנייגט — „איך בין קיין פער־עטהער: איך האב פון אייער טרויעריגעס שיקזאל זעהר פיעל געהערט און האב אייך אימער הערצליך בעדויערט. דאס איהר ווילט זיך פון א ווילדען בארבאר רעטען, געפין איך גאנץ אין ג׳ער ארדנונג און איך וועל אלע מיינע קרעפטע אנווענדען, אייך צו שטיטצען און בעהילפיג צו זיין!“ —

דיא פרינצעסין איז עטליכע מינוט געשטאנען וויא פאראליזירט פון שרעק, ענדליך האט זיא איהר אטהעם אפגעצויגען און האט אויסגערופען:

— „קען איך אייך פערטרויען, הערר גראף?“ —

— פאלקאמען, קייזערליכע האהייט!“ — האט יאניסקי געענט־פערט און האט זיך ווידער פערנייגט —

— „איהר זייט א עהרענמאן, גראף“ — האט זיך דיא פרינצעסין אפגערופען און האט איהם איהר האנד דערלאנגט — „און איך דאנק אייך הערצליך!“ —

— „איך האב באלד פערשטאנען, אז דער הערר גראף איז א עהרענמאן!“ — האט אגאטהע אין איהר קינדערשען אונשולד אויס־גערופען —

דיא פרינצעסין האט ווידער אויף איהר א קוק געטאהן און ווי־דער האט זיך א שמייכעלע אויף איהרע ליפען געוויזען.

דיא ווירטהשאפטערין איז אריינגעקומען און האט געמעלדעט,

דאס דיא שלאפצימערן זיינען אין ארדנונג און אלע זיינען געגאנגען שלאפען.

דעם מארקיז דע־אויבאן און דעם אלטען הערבערט האט דער גראף אוועק געפיהרט אין דעם צווייטען עטאיש פון שלאס, וואו מען האט זיי צוויי צימער געגעבען. דעם קוטשער מיטיא האט מען א קליינעם צימער אין אונטערסטען שטאק אנגעוויזען.

אין וועהרענד אלע איינוואהנער פון שלאס האבען זיך מיט דעם זיסען שלאף געקוויקט, האט עס אין דרויסען געשטורעמט, געפייפט, געלארעמט און גאנצע מאסען פון געדיכטען שנעע איז אויף דער ערד געפאלען.

---

## צוויי הערצען — איין געפיהל.

איינינע טעג זיינען פערגאנגען און דער שנעעשטורעם האט נאך אימער ניט אויפגעהערט. דיא גאנצע געגענד ארום און ארום איז בעדעקט געווען מיט איינע עלענדיקע שנעעדעקע, מען האט ניט געזעהען קיין וועג און קיין טראקט און קיין מענש האט געוואגט זאגאר דיא קירצעסטע רייזע אונטער צו נעהמען.

דיא פרינצעסין, וואס האט זיך אין יאניסקים הויז פאָלקאָמען זיכער געפיהלט, איז מיט דיעזער שטערונג ציפריעדען געוועזען. דער לאנגער וועג פון פעטערסבורג ביז צו דער גרענצע, דיא מיהזעליגקייטען פון דער שווערער רייזע האבען איהר אזוי שטארק אנגעגריפען, דאס זיא האט זיך געפרייט, דאס זיא קען זיך איינינע טעג אויסרוהען און נייע קרעפטען צו דער ווייטע רייזע צו זאמעלן.

דער מארקיז דע־אויבאן האט דיא צייט בענוצט מיט הילפע פון דעם אלטען הערבערט, וואס איז א אויסגעצייכנעטער לאנדווירטה געוועזן, אויסצואַרבייטען א פלאן פאר דיא צוקונפט אין זיד־אמעריקא. עס איז בעשלאסען געווארען אין איינעם פון דיא זידליכע שטאאטען אין אמעריקא איינע קליינע קאָלאָניע צו גרינדען, דארט זיך צו בעזעצען און מיט לאנדארבייט זיך צו בעשעפטיגען, דיא קאָלאָניע זאל זיין

דאס אייגענטהום פון דיא אלע פערזאהנען, וואס פאהרען מיט דער פרינצעסין נאך אמעריקא, יעדער זאל א גלייכען טהייל האבען און זאגאר דער קוטשער מיטיא זאל זיין טהייל האבען אין דיזער קאלאניע אלס פרייער אמעריקאנישער בירגער. דיא פרינצעסין האט פערלאנגט דאס אין דיזער קאלאניע זאל קיין שפור פון הערשאפט איינגעפיהרט ווערען, דאס אלע מיטגליעדער און בעטהייליגטע זאלען דארט גלייכע רעכטע האבען און דער פראפיט, וואס דיא קאלאניע וועט מיט דער צייט געבען, זאל נאר פערוועגדעט ווערען אום דאס בעזיטצטהום אויסצובעסערן און מעהר צו ענטוויקלען, און דיעזער פארשלאג איז איינשטימיג און מיט פריידע אנגענאמען געווארען. אויס דאנקבארקייט און אום דעם נאמען פון דיא גוטהערציגע פרינצעסין צו פערעוויגען, האט מען דיעזע צוקינפטיגע קאלאניע „קריסטינענטהאל“ א נאמען געגעבען.

געלד האט מען געהאט אין איבערפלוס, אום דיעזען פלאן איינ־צופיהרען. דיא פרינצעסין האט מיט זיך גענומען אלע איהרע שמוק־זאכען, וואס האבען געהאט אין ווערטה פון א האלבען מיליאן רוסישע רובעל; דיא גרעפין פון גאלדמארק האט מיט זיך געהאט א גרויסע סומע אין באר און דער מארקיז דע־אויבאן האט זיין נאטאריוס אין פאריז דעם אויפטראג געגעבען, אלע זיינע בעוועגליכע און אונבעוועג־ליכע גיטער שנעל וויא מעגליך צו פערקויפען, און דאס געלד אויף זיין נאמען נאך ניו־ארלעאנס אפצושיקען.

וויינינגער וויא אלע האבען זיך יאניסקי און אנאטהע מיט דיעזע צוקונפטספלאנען בעשעפטיגט. עס האט אויסגעזעהען, אזוי וויא פאר זיי גיבט עס קיינע צוקונפט, דען זיי האבען נאר מיט דער געגענווארט געלעבט. שוין פון דעם ערסטען מאמענט אן וויא זיי האבען זיך אין דאס הויז פון דעם פאן סטאראסטא בעגעגנעט, האבען ביידע א גרוי־סע נייגונג איינע צום אנדערן דערפיהלט און באלד איז דיעזע נייגונג אין מעכטיגע ליעבע איבער געגאנגען. וועהרענד אלע איבריגע זיינען ביי דער פרינצעסין אין צימער געזעסען און האבען דיא אנגעלעגענ־

היימען פון דער צוקינפטיגער קאלאניע בעשפראכען, פלעגען דיא צוויי פערליעבטע גאנצע שטונדען אין דעם גרויסען בילדערזאל פון שלאס פערברייינגען, אדער זיי פלעגען אין דעם פרעכטיגען ווינטערגארטען מיט דעם גלעזערנעם דאך אומשפאציערען,ביידע האבען געפיהלט דאס זיי ליעבען זיך, דאס זיי וועלען שוין ניט קענען לעבען איינע אהן דעם אנדערן, אבער צו איין אפענער ערקלערונג איז נאך ניט געקומען.

עס איז געוועזן א ביטערקאלטע, שטורעמדיגע נאכט, אלע איינוואהנער פון שלאס האבען זיך היינט זעהר פריה געלעגט שלאפען, אויך דיא פרינצעסין האט זיך היינט פריהער וויא אלע מאל אין איהרען צימער צוריק געצויגען, נאר אגאטהע אליין האט נאך ניט געשלאפען. זיא איז געזעסען אין איהר קליינעם צימער, איין אפענער בוך איז געלעגען אויף דעם טיש, אבער זיא האט אין איהם ניט געלעזען. שטיל און אונבעוועגליך איז זיא געזעסען אין דעם ווייכען פאָטעל, איהרע צוזאמענגעלייגטע הענד האבען גערוהט אין איהר שויס און איהרע אויגען האבען וויא פערטראכט געקוקט אויף א פונקט.

דאס איז געוועזן יאניסקים בילד, וואס איז געהאנגען אויף דער וואנד.

— „וויא שיין ער איז!“ — האט זיא ענדליך אויסגערופען — „אך, וויא שיין ער איז!“ —

זיא איז צוגעגאנגען צום בילד, האט איהם א צייט לאנג בעטראכט, אזוי וויא זיא וואלט איהם ערסט יעצט צום ערסטען מאל דערזעהען און האט ווידער אויסגערופען:

— „און וויא גוט! וויא עדעל! און ער ליעבט מיך!

זיא האט אפגעטרעטען פון בילד און האט אנגעהויבען אומצוגעהן אין צימער הין און צוריק, אימער טיעפער און טיעפער איז איהר קאָפּ אויף איהר ברוסט אראפגעזונקען.

— „ער ליעבט מיך!“ — האבען איהרע ליפען געמורמעלט וויא פון שלאף — „און איך ליעב איהם נאך טויזענד מאל מעהר!“ — און ווידער איז זיא פערזונקען אין א ים פון טיעפע געדאנקען.

פלוצלינג האט זיא דערהערט וויא מען קלאפט גאנץ אין דער שטיל אין דער טהיר פון איהר צימער. זיא האט זיך דערשראקען, אבער בעפאר זיא האט נאך צייט געהאט „הערייך" אויסצורופען, האט זיך דיא טהיר לאנגזאם געעפענט און דער גראף יאניסקי איז צו איהר אריין געקומען אין צימער.

א שטראהל פון פריידע האט אויפגעבליצט אין איהרע אויגען, אבער זיא האט זיך געצוואונגען איהם א ערנסטע מיענע צו ווייזען.

— „הערר גראף!" — האט זיא אויסגערופען און איהר שטימע האט וויא א אפענער פארוואורף געקלונגען — „אזוי שפעט? וואס זאל עס בעדייטען?" —

— „איך וויים, מיין פריילײן, וויא אונגערעכט איך בין" — האט איהר יאניסקי מיט ציטערנדער שטימע געענטפערט — „אבער מעהר קען איך שוין מיין געפיהל ניט בעהערשען. עס מוז איינמאל פאר אלע מאל צווישען אונז קלאר ווערען. איך מוז איינמאל וויסען, וואס האב איך צו האפען: לעבען אדער טויט!" —

— „איהר ערשרעקט מיך, הערר גראף! — האט זיא מיט שרעקען אויסגערופען — „איך פערשטעה אייך ניט!" —

— עס איז גאנץ איינפאך, מיין פריילײן!" — האט ער איהר געענטפערט — „איך קען אהן אייך ניט לעבען! שוין אין דער ערסטע מינוט, ווען איך האב אייך צום ערסטען מאל געזעהען, האב איך אייך געליעבט, זייט דאמאלס שטארקט זיך מיינע ליעבע צו אייך מיט יעדער מינוט, מיט יעדער סעקונדע, איך וויים, איך פיהל עס זעהר גוט, דאס אהן אייך וועל איך קיין איינציגען טאג ניט קענען לעבען, דארום בין איך צו אייך געקומען, אום מיין אורטהייל פון אייך צו הערען! —

אגאטהע האט איהר גאנצע פאסונג צוריק בעקומען. איהר הערץ האט פון איגערליכער פריידע שטארק געקלאפט, איהרע אויגען האבען געפונקעלט וויא צוויי ליכטיגע שטערן, דאך האט זיא זיך גע-

צוואונגען רוהיג צו האלטען און האט איהם דארום גאנץ געלאסען געענטפערט:

— „אייער ערקלערונג, הערר גראף, איבעררראשט מיך דורכאוס ניט, דיעזעס געפיהל אין אייער עדלען הערצען איז פאר מיר קיין גע־היימניס געוועזן, איך האב עס פון אייער געזיכט ארונטער געלעזען און אפען געזאגט, איך האב דיעזע ערקלערונג יעדע מינוטע פון אייך ער־ווארטעט, אבער איך בעט אייך, עדלער הערר, זוכט דיעזעס געפיהל אין אייער הערצען צו ערשטיקען, זוכט דיא ליעבע פון אייער ברוסט ארויסצורייסען, דען זיא וועט אייך קיין גליק ברייננגען און מיין איינצי־גער וואונש איז אייך נאר גליקליך צו זעהען!“ —

— „איהר ווילט מיך גליקליך זעהען?“ — האט יאניסקי אויס־געררופען — אָה, וויא לייבט קַ׳ן אייער וואונש ערפילט ווערען, מיין געעהרטעס פריילין! וועל איך אייער ליעבענדעס הערץ אונד אייער האנד בעזיטצען, וועל איך שוין זיין דער גליקליכסטער מענש אויף גאטעס ערדע!“ —

— „אבער דאס קען ניט זיין! דאס איז אונמעגליך!“ — האט איהם אגאטהע געענטפערט און העלע טהרערען האבען איבער איהרע באקען גערונען — „אויך מיין הערץ פיהלט צו אייך איינע טיעפע נייגונג, אבער איך מוז זיך פון דיעזעס גליק ענטזאגען!“ —

— „ענטזאגען? און ווארום?“ —

— „ווייל צווישען אונז צוויי שטעהט א שטארקער שיידעוואנד!“ —

— „א שיידעוואנד?“ — האט יאניסקי אויסגערופען — „אָה, וואס אין דער וועלט קען אונז הינדערן אין ליעבע און אין גליק זיך צו פעראייניגען, ליעבע אגאטהע? מיר זיינען ביידע פריי, מיר ליעבען זיך וואהר און אויפריכטיג, וואס קען אונז הינדערן?“ —

— „ניין, געליעבטער, איך בין ניט פריי, וויא דוא גלויבסט“ — האט זיא איהם געענטפערט — „מיין הערץ און מיין האנד, מיין גאנצעס לעבען און צוקונפט געהערט צו דיא פרינצעסין. זיא איז מיין וואהלטהעטערין, נאר איהר אליין האב איך צו פערדאנקען דיא הויכע

שמעלונג, וואס איך האב ביז יעצט איינגענומען, זיא האט מיין הערץ און מיין גייסט געבילדעט, איך האב איהר צונעשוואָרען נאך אמעריקא צו בעגלייטען און איהר שיקזאל צו טהיילען און איך וועל מיין שוואור טריי בלייבען, ביז צור ענדע פון מיין לעבען!" —

— „און דאס הייסט ביי דיר א שידעוואנד, געליעבטע?" — האט יאניסקי מיט פריידע־שטראהלענדע אויגען אויסגערופען — „און וואס קען מיך אפהאלטען דיך ניט צו בעגלייטען נאך אמעריקא? וואס פאר א ווערטה קען ביי מיר מיין רייכטהום, פיין נאמען, מיין גאנצעס לעבען האבען, ווען דוא וועסט מיינע ניט זיין? אָה, מיט פריידע וועל איך דיך בעגלייטען זאגאר צו דער ענדע פון דער וועלט דיא זיסע האפנונג, דאס דוא וועסט מיינע זיין, וועט מיר דעם מוטה און דיא קראפט געבען אלעס צו ערטראגען, אלעס צו ערדולדען, ביז איך וועל דעם העכסטען ציעל פון מיין לעבען ערנייכען!" —

— „גאטט! וואס הער איך?" — האט אגאטהע אויסער זיך פון פריידע און גליק אויסגערופען. — „איז דאס דיין ערנסט? דוא ווילסט מיך נאך אמעריקא בעגלייטען?" —

— „יא, געליעבטע, דאס וויל איך!" — האט ער איהר געענט־פערט און האט איהר מיט גרויס צערטליכקייט אין זיינע ארמען גע־שלאָסען — „איך קען אנדערש ניט, דען דוא, נאר דוא אליין ביזט מיין גליק, מיין לעבען, מיין אלעס!" —

א לאַנגע צייט איז זיא אויף זיין ברוסט געלעגען, דער ערסטער קוס פון דער יונגער ליעבע האט אריינגעקלונגען אין צימער, דאן איז אלעס ווידער שטיל געווארען. —

* * *

קוים האט דיא פרינצעסין קריסטינע איהרע אויגען געעפענט, עס איז ערסט ניין אוהר אין דער פריה געווען, אלס אגאטהע איז צו איהר אין שלאפצימער אריין געפלויגען, האט זיך געוואָרפען אויף איהר בעט האט איהר געקיסט, איהרע א־עמס און איהרע הענד מיט טויזענד

קוייזן בערעקט און אונטער וויינען און לאבען האט זיא אלע ווייטע אויסגערופען:

— „אך, איך בין גליקליך! איך בין גליקליך!“ —

און האט זיך וויעדער געווארפען אויף דיא פערוואונדערטע פרינצעסין, האט איהר וויעדער געקוסט און געהאלזט און האט וויעדער געוויינט און געלאכט.

— „אבער הער דאך שוין א מאל אויף!“—האט דיא פרינצעסין שוין צום צעהנטען מאל געזאגט — „דוא ביזט אין גאנצען פעררויקט! זאג מיר וואס איז דיר אזוינס געשעהען?“ —

— „ער איז מיינער! אָה, איך גליקליכע, ער איז מיינער!“ — האט אגאטהע אויסגערופען און האט זיך וויא א קינד ארומגעדרעהט טאנצענדיג אין צימער —

— „גאטט מיין גאטט!“ — האט דיא גרעפין גאלדמארק ערשראקען אויסגערופען — „זיא איז פאלשטענדיג פעררויקט! מעהר האט אונז נאך ניט געפעהלט!“ —

— „אגאטהע!“ — האט דיא פרינצעסין אויסגערופען— „וועסט דוא אונז ענדליך ערקלערען, וואס דאס אלעס האט צו בעדייטען?“—

— „וויא, פרינצעסין, איהר ווייסט דאס נאך ניט?“ — האט איהר אגאטהע צוריק געפרעגט און האט איהר שטארק פערוואונדערט אנגעקוקט —

— „וואס זאל איך וויסען?“ — האט איהר דיא פרינצעסין געענטפערט — „איך וויים ניט מעהר, אז דוא ביזט שכור, אדער משוגע!“ —

— „יא, יא, שכור פון פרייד, משוגע פון גליק!“—האט אגאטהע אויסגערופען —

און זיא האט וויעדער אנגעהויבען ארום צו טאנצען אין צימער.

דיא פרינצעסין און דיא גרעפין גאלדמארק זיינען פון דעם אזוי דערשראקען געווארען, דאס זיי האבען זיך ביידע האסטיג אנגעהויבען אנצוקליידען.

פלוצלינג איז אגאטהע רוהיג געבליבען שטעהען און איהר געזיכט האט א ערנסטען און בעזארגטען אויסדרוק אנגענומען.

— „און וואס וועט זיין, אז דיא פרינצעסין וועט איהם ניט ער־לויבען מיטצוגעהען! — האט זיא זיך זעלבסט געפרעגט מיט א גאנץ פערענדערטער שטימע —

זיא האט זיך פערטראכט און איהר געזיכט איז נאך פינסטערער געווארען.

— „דאן וועל איך שטערבען!“ — האבען איהרע ליפען גאנץ שטיל ארויסגעפליסטערט —

זיא האט זיך ווידער פערטראכט, אבער דיעזעס מאל האט איהר נאכדענקען ניט לאנג געדויערט, דען באלד האט איהר ליעבלי־כעס געזיכט דעם פריילינען אויסדרוק פון פריהער ווידער בעקומען און מיט מונטערער שטימע האט זיא אויסגערופען:

— „ניין, ניין! דיא פרינצעסין וועט דאס ערלויבען! זיא קען גאר אזוי שלעכט ניט זיין! זיא איז דאך אזוי גוטהערציג! א יא, פרינצע־סין, מיין ערהאבענע געביעטערין, איהר ערלויבט איהם דאך מיט אונז מיטצוגעהען?“ —

— „געווים ניט, אגאטהע“ — האט זיך דיא פרינצעסין אפגערר־פען — ביז איך וועל וויסען ווער דער „ער“ איז!“ —

— „וויא! ווייסט איהר דען ניט, אז יאניסקי, מיין יאניסקי, געהט מיט אונז נאך אמעריקא?“ —

— „און צו וועלכען צוועק?“ —

— „צו וועלכען צוועק! א שיינע פראגע! ווייל ער ליעבט מיך! אה, איך גליקליכע, ער ליעבט מיך, דער עדלער! דער גוטער!“ —

ערסט יעצט איז דיא פרינצעסין קלאר געווארען, אום וואס עס האנדעלט זיך. זיא האט שוין פון ערסטען טאג אן בעמערקט א גע־וויסע נייגונג צווישען אגאטהען און יאניסקען, אבער זיא האט דאס געהאלטען פאר א פארביי געהענדיגע נייגונג, דאס עס וועט אזוי ווייט קומען, האט זיא גאר ניט גערעכענט.

— „און ער וויל צו ליעב דיר מיט אונז נאך אמעריקא אויסוואנ־דערן?“ — האט איהר דיא פרינצעסין געפרעגט —

— „געוויס!“ — האט אגאטהע גאנץ נאאיוו געענטפערט — „וויא קען ער דען אנדערש?“ —

— „האט ער דיר דאס געזאגט!“ —

— „געסטערן אבענד, אלס אלע האבען שוין געשלאפען!“ —

דיא ווירטהשאפטערין פון שלאס איז אריינגעקומען און האט גע־מעלדעט, דאס דער פריהשטיק איז שוין אין שפייזעצימער סערווירט.

אין שפייזעצימער האבען שוין דיא הערען דיא דאמען ערוואר־טעט. נאך בעפאר דיא דאמען זיינען צום פריהשטיק געקומען, האט דער גראף יאניסקי דעם מארקיז דע־אויבאן און דעם אלטען הערבערט זיין פארהאבען ענטדעקט. ער האט זיי אויך מיטגעטהיילט, דאס ער האט שוין א בריעף צו זיין נאטאריוס אין שטאדט דורך א רייטער אוועק געשיקט, אין וועלכען ער האט איהם געבעטען זיין גוט וואס אם שנעלסטען צו פערקויפען.ביידע האבען זיך פון דיעזער מעלדונג שטארק פערוואונדערט, אבער זיי האבען קיינע איינווענדונגען געקענט מאכען, דען אין דיא עטליכע טעג, וואס זיי האבען אין שלאס פער־בראכט, האבען זיי דעם גראף אלס איינען עהרליכען און בראווען מענשען דערקענט.

— „איז דאס וואהר, ליעבער גראף, וואס אגאטהע האט מיר ערסט דערצעהלט?“ — האט זיך דיא פרינצעסין צו יאניסקין געווענ־דעט, אלס זיא איז מיט איהרע דאמען אין שפייזעצימער אריין גע־קומען —

— „וואונדערט דאס אייך, קייזערליכע האהייט?“ — האט איהר יאניסקי צוריק געפרעגט — „איז דען דיא ליעבע, דיא ריינע, וואהרע ליעבע, ניט אונזער העכסטעס גליק?“ —

— „און איהר האט זיך בעשלאסען מיט אונז נאך זיד־אמעריקא צו געהען? קענט איהר דען אונזער פלאן?“ —

— „איך וויים אלעס, פרינצעסין! אגאטהע האט מיר אלע איינ־

צעלהייטען מיטגעטהיילט און איך נעהם עס מיט פריידען אן. איך וויל בעסער א פרייער קאלאניסט אין א פרייע לאנד זיין, אלס איין פערשקלאפטער אריסטאקראט אין א שקלאפענלאנד, וואו מיין עהרע מיין נאמען, מיינע גראפענקראהנע, מיין גאנצעס עקסיסטענץ איז אבהענגיג פון דעם קאפריז פון א בארבארישען הערשער, וואו דער מענש ווערט ניעדריגער אלס א איינפאכעס טהיער בעטראכטעט און וואו דאס גאנצע מענשליכע גליק בעשטעהט נאר אין דעם בעזיטץ פון געלד. איך וויל ניט זיין קיין איבריגער מיטגליעד אין דער גרויסער מענשליכער פאמיליע, איך וויל ארבייטען, קעמפפען פאר מיין עקזיסטענץ, איך וויל ארבייטען פאר מיינע מיטמענשען, נוטצליך זיין מיינע נאכבארען און מעגען דאס אויך ווילדע נעגער אדער אינדיאנער זיין, איך וויל זיי לערנען, בילדען, ציוויליזירען, דאס איז מיין ציעל און דאס איז מיין צוקינפטיגעס גליק!" —

— „איהר זייט א עדלער מענש, יאניסקי" — האט דיא פרינצעסין געריהרט אויסגערופען און האט איהם איהר האנד דערלאנגט, וועלכע ער האט מיט קוסען בעדעקט—„און איך קען זיך נאר פרייען אזא בראווען מיטארבייטער אין אונזער צוקינפטיגער קאלאניע צו האבען!" —

— „אויך אייערע גרינדליכע קענטניסע אין דער לאנדווירטהשאפט קענען אונז זעהר פיעל נוטצען, הערר גראף!" — האט דער אלטער הערבערט בעמערקט —

שוין אויף דעם אנדערן טאג איז דער גראף יאניסקי אין שטאדט אוועק געפאהרען און אין דריי טעג ארום איז דיא גרויסע גרעפליכע גוט מיט דיא גרויסע ווירטהשאפט פערקויפט געוועזען. דאס וועטער האט זיך אונטערדעסען איינגעשטילט און מען האט זיך פארברייטעט צו דער רייזע. דער גראף האט צו דער רייזע זיינע בעסטע פערד און דיא בעסטע עקיפאשזען בעשטימט, פון אלע זיינע לייבאייגענע האט ער אויסגעקליבען צעהן געזונדע און טיכטיגע לאנדארבייטער, וועלכע ער האט דיא פרייהייט געשיינקט און זיי האבען מיט פריידען איינגע־

שטימט מיט איהם נאך זיד־אמעריקא אויס צו וואנדערן. דער גאנצער פּלאן איז גאטירליך א געהיימנים געבליבען פאר אלע גוטסבעזיטצער, וואס האבען אין דער נאכבארשאפט געוואהנט.

אם צעהנטען פעברואר האט דיא גאנצע געזעלשאפט אין מיטען נאכט דעם שלאס פערלאזען און אין א פּאר טעג ארום זיינען זיי שוין אויף יענער זייט גרעניץ געוועזען. —

## דיא פערשווערונג.

שפּעט אין דער נאכט איז דער קייזער פּיאטר וועליקי מיט דיא קייזערין קאטהארינא דיא ערסטע, אנגעקומען אין זיין פּאלאסט אין פּעטערהאף. קוים האט ער דיא נאכריכט פון דער פרינצעסין קרים־טינעס טויט, דורך דעם קוריער, וואס דער פירסט מענשיקאוו האט צו איהם געשיקט, ערהאלטען, האט ער גלייך דעם בעפעהל געגעבען נאך דער רעזידענץ צוריק צו קעהרען. דיא נאכריכט האט איהם וויא א דאנערשלאג געטראפען, ניט וויל דאס פערלארענע יונגע לעבען פון דער אונגליקליכער פּרינצעסין האט איהם געקימערט, נאר דיא פורכט, דאס זיין זוהן, דער קרוינפּרינץ, וועט יעצט זיין געליעבטע, דיא מושזיצקע עפראזינע הייראטען און ער וועט מיט דעם „פערשווערען דיא כהונה".

דאס ער אליין האט אויך געהייראטעט א פּראסטע מושזיצקע און האט „דיא כהונה פערשוועבט", האט ער זיך געמאכט ניט וויס־סענדיג, ווייל דאס איז שוין דיא נאטור פון אלע נידריגע האראקטערן. אליין טהוען זיי כל דבר אסור און פון אנדערע פערלאנגען זיי, דאס זיי זאלען נאר מצות טאהן.

— „ער וועט דיך ניט הערן, פּעטינקא!" — האט צו איהם דיא „היילינע" קאטהארינא אייניגע מאל געזאגט — „ער וועט דיא עפּ־ראזינע הייראטען!" —

— „און איך וועל איהם ערמארדען, קאטיושא!" — האט ער

איהר גאנץ געלאסען געענטפערט — „מיט מיינע אייגענע הענד וועל איך איהם ערמארדען!“ —

— „און איך זאג דיר, פעטיא“ — האט דיא קייזערין זיך אפּגערופען — „דוא זאלסט זיך פאר דיין אלעקסייא היטען! ער טראכט ניט גוטעס וועגען אונז און האט זעהר פיעל אנהעגגער. אלע גייסט־ליכע און דיא גאנצע אריסטאָקראַטיע האלט מיט איהם“ —

— „חא! חא! חא!“ — האט זיך דער קייזער צולאכט — „אָט פאר דעם לומפּ מורא צו האבען! פאר דעם אויסוואורף, וואס האט קיין שכל מיט א מענשען צו רעדען וויא געהעריג איז! זאל ער נאר פּרובירען געגען אונז א בעוועגונג צו מאכען, וועל איך איהם, צוזאמען מיט אלע זיינע אנהעגגער אויף אַש צו רייבען, איך וועל זיי מאכען א באד פון בלוט און וועל זיי אלעמען אין זייער אייגענעם בלוט דער־טרינקען. דוא ווייסט דאך, אז איך האב פיינט צו מאכען לאנגע צערעמאָניעס!“ —

— „יעדענפאלס איז גלייכער פארזיכטיג צו זיין!“ —

— „גוט! איך וועל מענשיקאווען דעם אויפטראג געבען, ער זאל דעם פּרינץ איבערוואכען, און ווען ער וועט וואס עס איז פערדעכטי־געס בעמערקען, זאל ער מיר גלייך מעלדען!“ —

מיט דעם איז קאטהארינא פאלקאמען צופריעדען געווען, זיא האט שוין געוואוסט, אז ווען „איהר“ מענשיקאוו וועט זיך צו דער זאך נעהמען, איז דער קרוינפּרינץ שוין אזוי גוט וויא אויף יענער וועלט און זיא וועט שוין קיין הינדערנים ניט האבען צום רוססישען טהראָן.

אויף דעם אנדערן טאג אין דער פריה האט דער קייזער מענשי־קאוון צו זיך געלאזט רופען. דיעזער איז באלד געקומען.

— „ווייט מיין זוהן פון זיין וויבס טויט?“ — האט איהם דער קייזער געפרעגט —

— „געוויס, קייזערליכע מאיעסטעט!“ — האט מענשיקאוו

געענטפערט — „איך האב עס איהם גלייך געלאזט וויסען דורך איין קוריער!" —

— „און ער איז נאך ניט צוריק געקעהרט?" —

— „ניין, מאיעסטעט!" —

— „דער לומפ!" — האט פיאטר מיט דיא צייהן קריטצענדיג אויסגערופען — „עס איז א שאנדע פאר דער וועלט! שיק איהם זאפארט א צווייטען קוריער מיט מיין בעפעהל, ער זאל אויגענבליקליך קומען!" —

— צו בעפעהל, מאיעסטעט!" — האט איהם מענשיקאוו געענטפערט, האט זיך טיעף פערנייגט און האט זיך אבגעווענדעט [redacted] ארויס צו געהען —

—ווארט! נאך איינס!" האט דער קייזער אויסגערופען —„איך האב א פערדאכט, דאס מיין זוהן פלאנט עפעס געגען מיר, דוא זאלסט איהם איבערוואכען, און קוים ווערסט דוא וואס עס איז בעמערקען, זאלסט דוא מיר גלייך מעלדען!" —

— „איך וויל מיר נאר דיא בעמערקונג ערלויבען" — האט זיך מענשיקאוו אפגערופען — „דאס זיינע קייזערליכע האהייט, דער קרוינפרינץ, פערקעהרט זעהר פיעל מיט דיא גייסטליכע און מיט דעם אדעל. דיעזע אלע זיינען זעהר אונצופריעדען מיט דיא נייע איינריכטונגען, וועלכע אייערע קייזערליכע מאיעסמעט האבען אין אונזער לאנד איינגעפיהרט, זיי בעטראכטען עס אלס גאטטעסלעסטערונג און אלס פערניכטונג דער הייליגען רעליגיאן און זוכען איינע געלעגענהייט דיעזע אלע נייע איינריכטונגען אבצושאפען. אן דער שפיטצע פון דיעזער בעוועגונג שטעהט זיינע קייזערליכע האהייט, דער קרוינפרינץ אלעקסייא!" —

— „נון? און וועלבע מיטעל דענקען זיי צו ערגרייפען?" —

— „דאס וויים איך נאך ניט, קייזערליכע מאיסטעט!" —

— „אלזא, שפיאנירען, אויסגעפינען און מיר גלייך מעלדען! פערשטאנדען?" —

— „פאלקאמען, קייזערליכע מאיעסטעט!“ —

ער האט זיך טיעף פערנייגט און איז ארויסגעגאנגען.

* * *

גלייך ווי דער קרוינפרינץ אלעקסייא האט מענשיקאווס צווייטען קוריער ערהאלטען, האט ער מיט זיין געליעבטע עפראזינע נאך פעטערסבורג צוריק געקעהרט.

ער האט זיין פאטער, דעם קייזער, געהאסט ווי דעם טויט, אין זיינע אויגען איז זיין פאטער געוועזען א מענש, וואס גלויבט ניט אין גאטט און א געגנער פון דער רוסישער הייליגער קירכע, צום ווענינגסטען האבען איהם די פאפעס (גלחים), זיינע ערציעהער, אזוי איינגערעדט און ער פלעגט איהם שטענדיג רופען מיט דעם נאמען: „דער משוגענער דייטש“, אדער דער דייטשער קאמעדיאנט“.

אבער ער האט פאר איהם מורא געהאט. צום ווענינגסטען אין איין פונקט האט ער זיין פאטער זעהר גוט געקענט. ער האט געוואוסט דאס א מענשען צו מארדען איז ביי איהם גרינג, ווי א גלאז שנאפס אויסצוטרינקען און ווען עס וועט דאצו קומען, וועט ער אויך מיט איהם קיינע בעזאנדערע צערעמאניעס מאכען, און וועט איהם לאזען אבשלאכטען ווי א אקס אין שלאכטהויז.

— „אלעקסיי!“ — האט עפראזינע צו איהם געזאגט — „מיר שרעקט מיין הארץ. איך וואלט נאר וועלען וויסען, צו וואס דארף דיך דיין פאטער אזוי נויטהיג?“ —

— „ביזט א נאר, מיין ליעבע עפראזינע!“ — האט איהר אלעקסייא געענטפערט מיט א שמייכעל, מיט וועלכען ער האט זיינע אייגענע אנגסט געזוכט צו פערבארגען — „וואס האב איך מורא צו האבען? וואס קען ער מיר טאהן?“ —

— „וואס הייס איך?“ — האט זיא איהם טרויעריג געענטפערט — „דוא ביזט יעצט א וויטווער (אלמן), אפשר האט ער שוין פאר דיר א אנדערע כלה?“ —

— „וועט זיא אויך געהען שפאציערען צו די הייליגע אין הימעל

ארײן װיא דיא ערסטע!" — האט ער איהר מיט מערדערישער קאלטבליטיגקײט געענטפערט —

— „און מײנסט דוא, אז דײן פאטער װעט אונז װײטער לאזען צוזאמען לעבען?" —

— „איבער מײן װילען האט ער קײן מאכט!" —

— „ער האט קײן מאכט?" — האט עפראזינע אויסגערופען — „ער, דער אײזערנער מענש, װאס שרעקט זיך ניט פאר קײן הינדער־ניס אין דער װעלט? דוא װײסט דאך, װאס ער האט מיט דײנע מוטער, ד'א קײזערין יעװדאקיא געטאהן. אך, דיא אונגליקליכע! זיא שמאכטעט נאך יעצט אויך אין דיא פינסטערע מויערן פון קלויס־טער!" —

— „דיעזע מאכט װעט באלד געבראכען זײן!" — האט ער איהר געענטפערט—

— „געבראכען? זײן מאכט? איך פערשטעה דיך ניט!" —

— „הער מיך אויס, עפראזינע!" — האט ער זיך אפגערופען— „איך װיל דיר א געהײמניס ענטדעקען, װײל איך װײס װיא טרײ דוא ביזט מיר. אלע גײסטליכע פון לאנד און פון דער רעזידענץ, אויך דער גאנצער רוסישער אדעל, אלע רײכע גוטסבעזיטצער און קאפי־טאליסטען האבען זיך פעראײניגט דיא אונבעגרענצטע מאכט פון דעם בארבארישען קײזערס הענד ארויס צו רײסען, דאס הײסט: זײ װילען איהם צװינגען, אלע זײנע נײע אײנריכטונגען, װעלכע ער האט א אונז פון אויסלאנד פערשלעפט, אפצושאפען און דיא גײסטליכקײט זײערע פריהערדיגע רעכטע צוריק צו געבען. מיך האבען זײ אלס זײער אנפיהרער אויסערװעהלט און גלויב מיר, אז מיר װעלען דאס אלעס מיט גוטען, אדער מיט בײזען דורכזעטצען!" —

— „גיב עס גאטט!" — האט עפראזינע אויסגערופען און האט זיך בעקרײציגט — „דאן װעלען מיר קענען צוזאמען רוהיג לעבען!"—

אין אײניגע טעג ארום זײנען זײ אין פעטערהאף אנגעקומען.

א פאר שטונדען שפעטער האט זיך אלעקסײא בײ זײן פאטער

געלאזט מעלדען. פיאטר איז זעהר אונרוהיג אין זיין קאבינעט ארום געגאנגען, אלס דער קראנפרינץ איז צו איהם אריינגעקומען.

— „ענדליך מיין ליעבהערציגער זוהן, לאזט דוא זיך זעהען!“ — האט פיאטר מיט ביטערער איראָניע אויסגערופ'ן און האט איהם מיט פיינדזעליגע בליקען אנגעקוקט —

— „איך וויים, פאטער, דאס קיין איבריגע לוסט מיך צו זעהען האסט דוא קיינמאל ניט, דארום האב איך מיר ערלויבט אין אויס־לאנד עטוואס לענגער צו פערווײלען!“ — האט איהם אלעקסיי מיט שניידענדער גלייכגילטיגקייט געענטפערט —

— „קען איך דען וועלכע לוסט האבען אזא זוהן צו זעהען, וואס איז א שאנדע פאר זיינע עלטערן, וואס איז א שרעקען פאר דער גאנצער פאמיליע?“ האט פיאטר אויסגערופען און זיין געזיכט איז פון מינוט צו מינוט פינסטערער געווארען —

— „איך וויים עס, פאטער“ — האט אלעקסייא אין א איראָני־שען טאָן געענטפערט — איך וויים, דאס מיין אנבליק פערדארבט דיר דיין אפעטיט, דארום, אלס טרייער זוהן, וואס וויים זיין שולדיג־קייט צו זיין פאטער, זוך איך דיך אויסצומיידען. זעהסט דוא, מיין פאטער און מיין קייזער, איך בין דאך עדלער, אלס דוא גלויבסט!“—

— „האט דיך דיעזע איידעלקייט דיין [illegible]ושזיצקע, עפראזינע גע־לערנט?“ — האט פיאטר מיט צוריקגעהאלטענעם צארן געפרעגט— „ווען אזוי, וואונדערט עס מיך ווירקליך, וויא קומט אזא איינפאכע בויערין צו אזוי פיעל איידעלקייט?“ —

— „דיך וואונדערט עס? דיך?“ — האט איהם אלעקסייא מיט א גיפטיגען שמייכעל אויף זיינע ליפען געענטפערט — „האסט דוא דען דיא וועלט נים געוויזען, דאס מאנכע בויערין איז עדלער פון א פירסטענטאכטער!“ —

— „וואס מיינסט דוא דאמיט?“ — האט פיאטר אויסגערופען און א אונהיימליכער פייער האט אין זיינע אויגען אויפגעבליצט —

— „איך מיין נאר“ — האט איהם אלעקסייא מיט ציטערנדער

שטימע געענטפערט — „דאס דיא פירסטענטאכטער יעוודאקיא זיצט איינגעשפערט אלס נאָנע צווישען דיא פינסטערע מויערן פון א קלויסטער, און דיא „עדלע" בויערין פון ליפלאנד זיצט אויף דעם רו־סישען טהראן!" —

— „שווייג, דוא עלענדער הונד" — האט פיאטר וויא א געריי־צטער טיגער אויסגעשריען — „אדער איך וועל דיר אויך אזא פלאץ וויא דיין מוטער פערשאפען!" —

— „האב איך דען וואס בעסערעס צו ערוואַרטען?" — האט אלעקסייא געענטפערט און האט זיך אבגעווענדעט —

איינינע מינוט איז פיאטר אומגעגאנגען אין קאבינעט. זיין בלוט האט אין איהם געקאכט, אבער ער האט זיך געזוכט צו בעהערשען, צו בערוהיגען.

— „הער מיך אויס, אלעקסייא!" — האט ער גאנץ געלאסען אנגעפאנגען — „דוא מוזט ווידער הייראטען!" —

— „און ווידער מיט א דייטשע „מאמזעל", וועלכע איך וועל ניט קענען ליעבען?" — האט איהם אלעקסייא געפרעגט —

— „א קרוינפרינץ, דער ערבער פון א טהראן, הייראטעט ניט אויס ליעבע" — האט איהם פיאטר געענטפערט — „ער הייראטעט נאר, אום זיין פאמיליע מיט אנדערע פירסטענהייזער צו פערבינדען. איך האב דיר דיא פרינצעסין קאראלינע פון זאקסען בעשטימט!" —

— „ווידער א דייטשע מאמזעל. ווייס גאטט וויא פיעל זיי זיינען דא אויף דער וועלט! זיי נעהמען זיך עפעס גאר ניט אויס, דיא דייטשע מאמזעלען!" —

— „זיא איז העכסט געבילדעט, זיא קען איינינע שפראכען, זיא מאהלט דיא פיינסטע בילדער און איז א וואהרע קינסטלערין אין דער מוזיק!" —

— „און דערצו בלאָנד וויא א ווייצענע זעמעל אויף זאפראן גע־באקען, ניט אזוי, מיין פאטער?"

—„ איהר עלטערע שוועסטער אגנעס, איז דיא קעניגין פון

בייערן" — האט פיאטר וויטער געשילדערט און האט זיין צארן פערביסען —

— „און זיא ליעבט בלומען וויא מיין ערסטע פרוי" — האט אלעקסייא אויסגערופען און א טייפלישער שמייכעל האט זיך אויף זיין העסליכעס געזיכט געשפיעלט — „און שרייבט דייטשע פערזען, געהט ארום פערטראכט ביי דעם שיין פון דער לבנה און בעזוכט ארעמע קראנקע, דאס וועט זיין א פראכט פון א קייזערין, אבער ניט פאר מיר, איך האב ניט ליעב אזעלכע פרויען, ביי מיר קומען זיי אויס וויא צוזאמען געקלעבט פון אייער מיט קראַכמעהל!" —

— „אבער דורך אזא פערבינדונג וועלען מיר מיט דייטשלאנד נאך ענגער פערקניפט ווערן און דאס איז פאר אונז זעהר וויכטיג!"—

— „וויכטיג? פילייכט פאר דיר, פאטער?" — האט אלעקסייא ערוויעדערט — „דוא ביזט מעהר דייטשעס געזאָנען, אלס דייטשען אליין, פאר דיר איז דייטשלאנד א געוויסער אבגאטט, פאר וועלכע דוא בוקסט זיך און קניעסט; וואס מיך אנבעטריפט, בין איך א עכ־טער רוסע, און אלס עכטער רוסין האס איך דיא גערמאנען וויא דעם טויט, איך האס זייערע זיטען און זייער בילדונג, מיט וועלכע זיי בלאזען זיך אן פאר דער גאנצער וועלט וויא שטאלצע נארישע אינדי־קעס, איך האס אויך זייערע פרויען און וועל ניעמאלס איינשטימען א דייטשע מיידעל צו הייראטען, זיא מעג זיך אפילו האבען יחוס־בריף פון דעם ערסטען „קארטאָפעלפרעסער" אן!" —

— „וואס ווייסט דוא, עלענדער, פון ליעבען?" — האט זיך פיאטר אפגערופען, וואס האט שוין זיין כעס ניט געקענט צוריק האלטען — „זיינען דען אלע פרויען ביי דיר ניט גלייך? ווייסט דוא דען א אונטערשייד פון א פרינצעסין ביז א בויערין?" —

— „האסט דוא דען מיך געלערנט אונטערשיידען?" — האט איהם אלעקסייא צוריק געפרעגט — „האסט דוא דען מיר ניט גע־צייגט, דאס איינע בויערין איז בעסער פון א פרינצעסין? פאטער! ווארום זאלסט דוא פון מיר פערלאנגען צו טאהן אנדערס וויא דוא

האסט געטאהן? דוא האסט איינע פרינצעסין, מיינע מוטער פער־באנט און האסט א איינפאכע בויערין אויף דעם רוסישען טהראן געזעצט און פון מיר פערלאנגסט דוא דאס געגענטהייל!" —

— „ניט איך האב קאטהארינען אויף דעם טהראן געזעצט" — האט פיאטר געענטפערט און האט זיך ווידער געצוואונגן געלאסען צו זיין — „נאר איהרע גייסטיגע מעלות, איהר גרויסער פערשטאנד האט איהר דערצו געבראכט. קאטהארינא איז א געבארענע קייזערין און שטעהט העכער פון אלע פרויען פון איהר צייט!" —

— „חא! חא! חא!" — האט זיך אלעקסייא צולאכט — „גייס־טיגע מעלות! גרויסער פערשטאנד! יא, פאטער, איך מוז דיר צוגע־בען, דאס זיא בעזיצט א אונגעוועהנליכען פערשטאנד, ווען זיא האט דיך דעם וועלטבעריהמטען פעטער דעם גרויסען, דיך, דעם גרעסטען העלד, פאר וועלכען דיא גאנצע וועלט ציטערט, געקענט פערבלענדען און ארום איהר פינגער ארום וויקלען וויא א פאדים. אבער גלויב ניט, פאטער, דאס איהר פערשטאנד אליין האט איהר דיא רוסישע קרוין פערשאפט, איהר פערדארבענהייט, איהר געזונקענהייט, האבען איהר צו דיעזען ערהאבענען ציעל געבראכט. אום צו דאס ביסעל ערשאפט צו קומען, האט זיא מיט טויזענד מענער געלעבט, זיא האט איהר זאגענאנטע "ליעבע" פערקויפט צו יעדען, וואס האט איהר צו איהרע הערשזיכטיגע פלאנען געקענט נוטצען און אויך יעצט, ווען זיא איז שוין דיין פרוי, דיא פרוי פון פיאטר וועליקי, דיא מעכ־טיגע קייזערין פון רוסלאנד, איז זיא דיא נידריגסטע מעטרעסע פון פיעלע אויסגעלאסענע מענער!" —

דיא טהיר פון קאבינעט האט זיך שוין מיט א פאר מינוט פריי־הער געעפענט און קאטהארינא איז אריינגעקומען אין קאבינעט. זיא האט אלעקסיי'ס לעצטע ווערטער געהערט.

— „הייליגע מוטער פון קאזאן!" — האט זיא אויסגערופען — „מיך זאל אזא שאנדע טרעפען? מיך זאל מען וואגען אזוי צו בעליי־דיגען?" —

— „און ווארום ניט, מאדאמע?“ — האט איהר אלעקסייא צו־ריק געפרעגט און האט איהר מיט דיא גרעסטע פעראכטונג אנגע־קוקט — „אויך מיין עפראזינע שטאמט פון דעמזעלבען „אדעל“ וויא איהר, אבער זיא איז בעסער פון אייך, מיין גענעדיגע „קייזערין“, זיא האט נאר מיך אליין און איהר האט זיך פערקויפט, פערשאכערט צו טויזענד מענער!“ —

— „פעטיא! פעטינקא!“ — האט קאטהארינא אויסגערופען און האט זיך וויינענדיג אין פיאטרס ארמען געווארפען — „שיטץ מיך פאר דיעזען עלענדען, ער ברעכט מיר מיין הערץ, ער מאכט מיר דעם טויט!“ —

אבער זיא האט דיא ביטע שוין ניט געדארפט האבען, דען וויא א וויטהענדער טיגער, ביי וועלכען מען האט זיינע קינדער גערויבט, איז פיאטר אויפגעשפרונגען, מיט האסטיגער האנד האט ער פון וואנד א שטארק געפלאכטענע קנוטע ארונטער געריסען און וויא א געדיכטער האגעל זיינען דיא שמיטץ אויף אלעקסיי'ס קערפער ארונ־טער געפאלען. דעם קייזער האט ניט געארט וואו ער האט געטרא־פען, אין נאז, אין דיא אויגען, אין דיא באקען, ער האט ניט געציעלט און ניט אויסגעקליבען. שרייענדיג פאר ווייטאג און איבערגעשטראמט מיט בלוט איז ער געפאלען אויף דעם זיידענעם טעפיך און האט זיך געצאפעלט מיט אלע זיינע גליעדער אין שרעקליכע קאנוואולסיאנען.

דאן האט ער איהם מיט גרויס קראפט אויפגעהויבען און האט איהם וויא א פעדערבאל ארויסגעווארפען פון צימער.

דיא „צארטפיהלענדע“ פרוי, דיא „עדלע קייזערין“ פון רוסלאנד האט דיא גאנצע סצענע מיט א שמייכעלע פון צופריעדענהייט צוגע־זעהען און האט געשוויגען.

* * *

עס איז שנעל נאכט געווארען, דיא פינסטערע שנעעוואלקענס האבען דעם הימעל איבער פעטערסבורג און ארום דעם גאנצען אומ־געגענד בעדעקט. אין געדיכטע מאסען איז דער שנעע געפאלען און דיא

שטראסען פון דער רעזידענץ זיינען פון מענשען שנעל לעער געווארען, דען יעדער האט זיך געאיילט פון דעם קאלטען וועטער צו פערבאָר־גען און אונטער א ווארעמען דאך צו קומען.

ביז דיא קנעבלאך אין שנעע טרעטענדיג, איז א הויכגעוואקסענער מאַן און אין א דיקען מאנטעל איינגעהילט, אין איינע פון דיא פע־טערסבורגער גאסען געגאנגען. ער האט מיט זיינע אויגען דיא הייזער זעהר אויפמערקזאם בעטראכט און האט זיך נאך אלע זייטען אומגע־קוקט, אזוי וויא ער וואלט עפּעס זוכען.

ענדליך איז ער צו א נידריגע, איינשטאָקיגע הייזעל צוגעגאנגען, האט זיך ווידער פארזיכטיג ארום געקוקט און האט אנגעקלאפּט אין טהיר.

א אלטע פרוי האט איהם פון אינווייניג געעפענט.

— „איז דער הערר מיטראָפּאָליט באַראַדין צו הויז?" — האט ער דיא פרוי געפרעגט —

דיא אלטעצקע האט איהם עטוואס פערוואונדערט און מיט א געוויסער אונרוהע אנגעקוקט און האט איהם געענטפערט:

— „דער הייליגער פאטער איז אפילו צו הויז, אבער עס איז שוין שפּעט און איך וויים ניט, צו וועט ער אייך יעצט וועלען אננעמען!" —

דער פרעמדער האט פון זיין טאשע ארויסגענומען א קליינעם קרייץ פון גאלד און האט עס דער פרוי דערלאנגט.

— „וויז איהם נאר דיעזען קרייץ, וועט ער מיך שוין אננעה־מען!" — האט דער פרעמדער געזאגט —

דיא אלטעצקע האט גענומען דעם קרייץ און איז אוועק געגאנגען. באלד איז דער אלטער מיטראָפּאָליט באַראַדין ארויס געקומען, האט זיך פאר דעם פרעמדען טיעף פערנייגט און האט אויסגערופען:

— „גאטט זאל דיך זעגנען, מיין זוהן אלעקסייא פּעטראָוויטש! עס פרייט מיך זעהר, דאס דוא ביזט צו דער בעשטימטער שטונדע געקומען!" —

— „זיינען שוין אלע אונזערע דא?" —

— „אלע, קייזערליכע האהייט!" —

דער אלטער מיטראפאליט באראדין, דער הויפט-גלח פון דער רוסישע גייסטליכקייט, האט איהם אריינגעפיהרט אין א גרויסען צי-מער, וואס איז מיט דיא פענסטער געווענדעט געווען צום הויף. אין מיטען צימער איז געשטאנען א גרויסער טיש, אויף וועלכען עס איז געשטאנען א גרויסער גאלדענער קרייץ און ארום וועלכען עס זיינען געזעסען מעהרערע פאפעס אין זייערע לאנגע און שווארצע מאנטלען און מעהרערע אלטע רוסען, וואס האבען געהערט צום רוסישען אדעל. דיא פענסטער זיינען פערהאנגען געווען מיט שווערע און דיקע גארדי-נען און איינינע וואקסליכט האבען בעלויכטען דעם צימער.

קוים איז דער קרוינפרינץ, אלעקסייא פעטראוויטש, אריינגעקומען אין צימער, זיינען אלע אויפגעשטאנען און האבען זיך פערנייגט ביז צו דער ערד.

אלעקסייא האט פון זיך אראפגעווארפען זיין אויבערמאנטעל. אונטען האט ער געטראגען א עכט רוסישען קאסטיום: לאקירטע שטיוועל מיט לאנגע חאלעוועס, ברייטע הויזען פון שווארצען סאמעט און א רויטע זיידענע רובאסקע.

רויטע, בלויע און געלבע פלעקען האט ער נאך געהאט אין זיין געזיכט פון זיין פאטערס קנוטע, וועלכע ער האט היינט בעקומען. אלע האבען געזעהען דיא צייכענס פון פיאטר וועליקים „פאטערליבע" אבער קיין איינציגער האט געוואגט וועגען דעם איינע בעמערקונג צו מאכען.

— „איך דאנק אייך, מיינע געטרייע, דאס איהר זייט צו דער בעשטימטער צייט געקומען!" — האט אלעקסיי אנגעפאנגען — „איך האב אייך צו א עקסטרא פערזאמלונג געלאזט צוזאמען רופען, ווייל היינט האט וואס אייסעראָרדענטליכעס פאסירט. זעהט איהר דיא צייכענס, דיא בלוטפלעקען אין מיין פנים? דאס האב איך היינט אין דער פריה פון מיין פאטער, דעם קייזער, בעקומען!" —

— „האספאדי פאמילוי!" (גאָט ערבארעם זיך!) — האבען

אלע אין איין קול אויסגערופען, אזוי וויא זייא וואלטען זיין צערשלאָ־גענעם פנים ערסט דערזעהען — „פאר וואס? פאר וואס האט איין דער טיראן געשלאָגען?“ —

— „איהר ווייסט דאָך, מיינע געטרייע“ — האט אלעקסיי מיט א וויינענדיגע שטימע ווידער אנגעפאנגען — „דאס מיין געליעבטע ווייב, דיא פרינצעסין קריסטינע פון וואלפענביטעל איז מיר אזוי פּלוצ־לינג און אזוי יונג געשטארבען. אך, וויא אונגליקליך איך בין, דאס איך האב איהר ליעבעס געזיכט פאר איהר טויט ניט געקענט זעהען! נאך איז מיר דיא וואונד פון מיין הערצען ניט פערהיילט, נאך האב איך מיין געליעבטע ווייב ניט גענוג בעוויינט, און מיין גרויזאמער פאטער פערלאנגט, דאס איך זאל ווידער הייראטען, אויף דער שטעלע הייראטען!“ —

— „נון, מיין זוהן“ — האט זיך דער אלטער מיטראפּאליט אפּ־גערופען — „אין דעם איז דיין פאטער גאר ניט אזוי אונגערעכט, וויא דוא גלויבסט; אלס צוקינפטיגער קייזער פון רוסלאנד, מוזט דוא דאָך א פרוי האבען און אונזער לאנד א קייזערין!“ —

— „דאס וויים איך!“ — האט זיך אלעקסייא אפּגערופען — „אבער ווייסט איהר ועמען מיין פאטער האט מיר פאר א פרוי בע־שטימט?“ —

אלע האבען איהם מיט גרויס נייגיערדע און פאלער ערוואַרטונג אנגעקוקט,

— „וועמען?“ — האבען אייניגע געפרעגט —

— „דיא פרינצעסין קאראלינע פון זאקסען!“ — האט אלעקסייא געענטפערט —

— „וואס? ווידער א דייטשקע?“ — האבען כמעט אלע מיט פערארבטונג אויסגערופען —

— „יא, ווידער מיט אזעלכע וואס האסט אונז רוסען וויא דעם טויט און וואס גלויבט ניט אין דיא היילינקייט פון אונזער קירכע!“ — האט אלעקסייא געענטפערט — „און וויל איך האב איהם מיט

בעשטימהייט געענטפערט, דאס איך וויל בעסער שטארבען אלס איינע דייטשע פרוי צו נעהמען, האט ער מיך געשלאגען!" —

— „אבער דאס דארף ניט זיין! דאס דארפען מיר ניט דולדען!" — האט א יונגער באָיאר מיט בלאנדע האר און מיט א שיינעם בליהענדען געזיכט אויסגעשריען און איז וויא עלעקטריזירט פון זיין שטוהל אויפגעשפרונגען — „ברידער! מיר מוזען אונזער קרוינפרינץ שטיטצען! מיר מוזען זיינע הייליגע רעכטע שיטצען פון דיא גרויזאמקייט פון א ווילדען בארבאר! מיר האבען שוין פון דעם בארבארישען פיאטר גענוג געליטען, ער האט אונזער הייליגע קירכע, אונזער הייליגע רעליגיאן מיט דיא פיס געטרעטען, ער האט אין אונזער לאנד פרעמדע זיטען פון פרעמדע לענדער איינגעפלאנצט, דייטשען און פראנצויזען האבען בייא אונז דיא בעסטע שטעלען, פרעמדע בעאמטע רעגיערען איבער אונז, אויף אונזער טהראן זיצט א אויסגעלאסענע מושזיצקע; דיא עכטע קייזערין פון רוסלאנד, דיא טאכטער פון דעם פירסט לאָפוכין, פלאנט זיך אין דער עלענדער פערבאנונג, אונזער צוקינפטיגער קייזער, דער גראספירסט אלעקסייא, ווערט געשלאגען און געפייניגט, וויא א געמיינער שקלאף, ווייל ער איז א עכטער רוסע, ווייל ער ליעבט זיין פאלק און איהרע הייליגע זיטען, ברידער! מיר דארפען עס מעהר ניט דולדען! מיר דארפען אויפשטעהן וויא א מאן און מיט וואפען אין דיא הענד מוזען מיר געגען אזא בארבארישען הערשער קעמפפען!" —

— „בראוואָ זוקאָוו! בראוואָ!" — האט עס געדונערט פון אלע זייטען —

— „ווער איז דער יונגער מענש?" — האט אלעקסייא דעם מיטראפאליט אין דער שטיל געפרעגט —

— „א באיאר פון מאסקעווע, קייזערליכע האהייט!" — האט איהם דער מיטראפאליט געענטפערט — „איינער פון אונזערע פערטרויטע האט איהם מיטגעבראכט" —

— „איהר זייט א עכטער רוסע" — האט אלעקסייא צו דעם

יונגען באיאר געזאגט און האט איהם דערביי זעהר ווארעם דיא האנד געדריקט — „ווען אלע אין רוסלאנד זאלען אזוי דענקען און פיהלען וויא איהר, דאן וועט אונזער הייליגע קירכע הערשען איבער אלע רעליגיאנען פון דער וועלט!“ —

דער יונגער באיאר האט זיך טיעף פערנייגט פאר דעם קרוינ־פרינץ און האט גאר ניט געענטפערט. קיין איינציגער פון דיא פער־זאמעלטע האט ניט בעמערקט דעם בייזען שמייכעל, וואס האט אין דיעזען מאמענט געשוועבט אויף זיינע ליפען און דעם אונהיימליכען פייער, וואס האט אויפגעפלאמט אין זיינע אויגען.

— „אבער, מיינע ליעבע קינדער“ — האט זיך דער אלטער מיטראפאליט אפגערופען — „מיט ווערטער אליין קען דיא לאגע ניט פערבעסערט ווערען, מיר מוזען וואס עס איז טאהן!“ —

— „מיר האבען שוין א גרויסע מאכט, הייליגער פאטער!“ — האט איהם אלעקסייא געענטפערט — „דיא גאנצע גייסטליכקייט פון אונזער לאנד, דיא באיארען און דיא בויערן שטעהען מיט אונז אין בונד און ווארטען נאר אויף איין סיגנאל, אום עפענטליך געגען דעם קייזער ארויס צו טרעטען“ —

— „און ווען וועט דיעזער סיגנאל געגעבען ווערען?“ — האט דער יונגער באיאר געפרעגט — „ווארום ווארטען מיר אזוי לאנג, ווען מיר האבען שוין אזא גרויסע מאכט.“ —

— „מיר מוזען אבווארטען, ביז דער קריעג צווישען רוסלאנד און טירקיי וועט אויסברעכען“ — האט אלעקסייא געענטפערט — דיא ארמעע האלט ליידער מיט דעם קייזער און וויא גרויס אונזער מאכט זאל ניט זיין, זיינען מיר דאך צו שוואך צו קעמפפען געגען אזא ריעז וויא מיין פאטער, וואס איז בעשיצט פון אזא גרויסע און שטארקע מיליטערישע מאכט. גאנץ אנדערס וועט דאס אבער זיין, ווען מיר וועלען געגען איהם ארויס טרעטען אין דער צייט, ווען ער וועט זיין פערוויקעלט אין א קריעג, דיא הויפטמאכט פון זיין ארמעע וועט זיין וויים פון דער רעזידענץ און עס וועט אונז גאנץ לייכט זיין אונזער

אונטערנעהמען אויסצופיהרען. דער קריעג מיט טירקיי איז שוין ניט ווייט און ביז ער וועט אויסברעכען, מוזען מיר נאך געדולדען“ —

— „אלזא אבווארטען!“ — האט דער יונגער באיאר אויסגערו־פען — „אבער ביז דיא צייט וועט קומען, מוזען מיר אונטער דעם פאלק פאר אונזערע הייליגע זאכען ווירקען. מיר מוזען אלע שווערען, דאס מיר וועלען דיא זאך טריי בלייבען מיט לייב און לעבען. היער שטעהט דער הייליגער קרייץ, לאמיר שווערען!“ —

— „מיר שווערען!“ — האבען אלע איינשטימיג אויסגערופען, האבען ארומגערינגעלט דעם גרויסען גאלדענעם קרייץ, וואס דער מיטראפאליט האט גענומען אין זיין האנד און יעדער האט איהם בעריהרט מיט זיינע ליפען —

דאס דער יונגער באיאר האט ניט געשווארען און האט אויך דעם קרייץ ניט געקוסט, האט קיין איינציגער פון דער פערזאמלונג ניט בעמערקט. מען האט אויך ניט בעמערקט, דאס דער בייזער שמייכעלע פון פריהער האט וויעדער אויף זיינע ליפען געשוועבט.

— „און יעצט, מיינע ברידער, לאמיר געהען צו הויז!“ — האט אלעקסייא אויסגערופען — „ווען דיא נעכסטע פערזאמלונג וועט זיין, וועל איך אייך לאזען וויסען“ —

ער האט אנגעטאהן זיין לאנגען און ברייטען מאנטעל און איז אוועק געגאנגען. גלייך נאך איהם זיינען אלע פערשווערער נאך פער־שיעדענע ריכטונגען צוגאנגען.

האסטיג און פארזיכטיג זיך ארומקוקענדיג איז דער יונגער באַ־יאר זוקאוו איינינע טיעף פערשנייטע גאסען דורכגעלאפען, ביז ער איז געבליבען שטעהן ביי דער טהיר פון א גרויסע הויז און האט האסטיג אנגעקלונגען.

— „שלאפט נאך ניט דער פירסט מענשיקאוו?“ — האט ער דעם לאקיי, וואס האט איהם געעפענט, האסטיג געפרעגט —

— „אה! דוא ביזט עס! איוואן, דער קאמערדיענער! וויא קומסט

דוא צו אזעלכע קליידער?" — האט איהם דער לאקיי גאנץ איבער־ראשט צוריק געפרעגט — „וואס זאל דאס בעדייטען?" —

— „דאס איז ניט דיין באבעס דאגה, דוא עזעל!" — האט איהם דער באיאר געענטפערט — „זאג מיר נאר, צו שלאפט שוין דער פירסט, צו ניט?" —

— „ניין, איוואן; ער ערווארטעט דיך אין זיין קאבינעט!" —

צוויי מינוט שפעטער האט דער באיאר אנגעקלאפט אין א טהיר פון א צימער. באלד האט זיך דיא טהיר געעפענט און ער איז אין צימער אריין געטרעטען.

— „נון? וויא שטעהט עס מיט דער זאך?" — האט דער פירסט מענשיקאוו זיין קאמערדיענער איוואן געפרעגט — „איז דיר געלונ־גען?" —

— „פאלקאמען, מיין פירסט!" — האט איוואן געענטפערט — קיינער האט דעם קלענסטען פערדאכט אויף מיר געהאט און איך וויים אלעס!" —

און ער האט מענשיקאווען אלעס אויספיהרליך דערצעהלט, וואס ער האט ביי דער געהיימער פערזאמלונג געזעהען און געהערט.

— „גוט, איוואן!" — האט זיך מענשיקאוו אפגערופען — „דוא הסט דיא זאך גוט געמאכט און איך בין מיט דיר זעהר צופריעדען. דיא בעלאהנונג וועסט דוא בעקומען. יעצט געה און בעשטעל מיר מיין עקיפאשזע אויף מארגען פריה. אום אכט אוהר אין דער פריה מוז איך שוין אין פעטערהאף ביים קייזער זיין.

איוואן האט זיך טיעף פערנייגט און איז ארויס געגאנגען.

---

## אויף דעם אצעאן.

שטיל און פריעדליך האט דער אונענדליך לאנגער און ברייטער אצעאן, וויא א ריעזענגרויסע מאסע געשמאלצענער זילבער, געגלענצט אין דיא העלע מאנדשטראהלען, וואס האבען געטאנצט אויף דיא קליינע וועללען, איבער וועלכע דיא גרויסע, דריימאסטיגע שיף

„אמעריקא“ האט זיך געגליטשט וויא א פפייל פון בויגען און איז געפלויגען אונטער אלע איהרע זאגלען. דיא שטארקע זעגעלשיף „אמעריקא“, וואס האט געפיהרט א גרויסען טראנספארט פון פערשיעדענע ווארען און א פאר הונדערט פראנצייזישע אויסוואנדערער נאך זיד־אמעריקא, האט ערסט ניט לאנג דורכגעמאכט א שווערען קאמפף מיט א ווילדען שטורעם. מיט וואהרער העלדענקראפט האט זיא זיך א גאנצען טאג געשלאגען מיט דיא ווילדע, בערגהויכע וועלען פון דעם שטירמישען ים, וואס האבען געזוכט איהר איינצושלינגען, אדער אין שטיקער צו צעררייסען, אבער זיא האט זיך פון זיי אויסגעלאכט, איז איבער זיי אריבערגעשפרונגען, האט זיי מיט גרויס מאכט געשפאלטען און איז זיך איהר וועג ווייטער געגאנגען.

ערסט געגען אבענד זיינען דיא פינסטערע וואלקענס פון הימעל פערשוואונדען און דער קאכענדיגער, שוימבעדעקטער ים האט זיך איינגערוהיגט. דיא לבנה האט אויף דעם טיעף בלויען הימעל ארויסגעטרעטען און האט דיא אונענדליך גרויסע וואסערמאסע מיט איהרע שטראהלען פערזילבערט. דיא צושראקענע רייזענדע, וואס האבען זיך דעם גאנצען טאג אין דיא קאיוטען פון דעם ווילדען שטורעם בעהאלטען, זיינען ארויס אויף דעם פארדעק, זיינען אין פערשיעדענע גרופען געזעסען ביי דיא מאסטען אונטער דיא ווייסע זאגלען און האבען איינגעאטהמעט דיא מילדע און ערקוויקענדע ים־לופט.

— „זאגט מיר, הערבערט“ — האט זיך דער קוטשער מיטיא צו דעם אלטען הערבערט, מיט וועלכען ער איז אויף דעם פארדעק געשטאנען און האט אויף דעם רוהיגען ים אראפגעקוקט — „איך וואלט נאר וועלען ווייסען, פון וואנען האט דאס גאטט גענומען אזוי פיעל וואסער? איך רעכען אז אין ים געפינט זיך געוויס א דריי מיליאן עמער וואסער!“ —

— „עפעס מעהר!“ — האט איהם דער אלטער הערבערט מיט א שמייכעל געענטפערט —

— „וויא? נאך מעהר?“ — האט מיטיא במעט וויא ערשראקען אויסגערופען — נאך מעהר וויא דריי מיליאן עמער וואסער?“

— „עס קען זיין דריי מיליאן מיט א פערטיל!“—האט הערבערט לאבענדיג געענטפערט — „ווילסט דוא זיך איבערציינגען, נעהם און מעסט עס איבער!“ —

אָהאָ! פאלג מיר א גאנג, דעם ים איבערמעסטען!“ — האט מיטיא אויסגערופען און האט נאך אלץ ניט פערשטאנען, אז דער אלטער גוטמיטהיגער הערבערט מאכט זיך לוסטיג איבער איהם — „אבער זאגט מיר, הערבערט, פאר וואס האבען מיר נאך ביז יעצט דיא וואסער־מיידלאך ניט געזעהען?“ —

— „דוא ווילסט זיי זעהען?“ —

— „איך קוק מיינע אויגען אויף זיי אויס! מען זאגט, אז זיי זיינען אזוי שעהן, אזוי וואונדערשעהן און אז זיי הויבען אן צו זינגען, געהען פראסט אויס דיא כוחות!“

— יא, זיי זינגען זעהר שעהן“ — האט איהם דער אלטער הער־בערט לאבענדיג געענטפערט — „אבער אייער רוסישע „קאמארינ־סקע“ קענען זיי ניט זינגען!“ —

— „אזוי? האב איך זיי אין דרערד מיט זייער געזאנג! וואס דען זינגען זיי? —

— וואס עס פאלט זיי אריין אין זינען!“

— „האב איך זיי נאך א מאל אין דרערד!“ — האט מיטיא מיט כעס אויסגערופען — „וויל איך זיי טאקי דערפאר גאר ניט זעהען!“ —

— „נוא, דוא וועסט זיי סאיי וויא סאיי ניט זעהען!“ —

— „ווארום?“ —

— „ווייל עס זיינען גאר ניט דא קיין וואסערמיידלאך. דאס האָ־בען נאר פאנאטישע מענשען אויסגעטראכט!“ —

— „וויא? גאר ניטאָ?“ — האט מיטיא אויסגערופען און האט

זיך צולאכט — „איך ווייס, אז איהר דייטשען גלויבט אין קיין זאך ניט. האט מיר א גוטע נאכט!“ —.

ער האט זיך מיט כעס אבגעווענדעט און איז האסטיג אוועק געגאנגען.

אויף דער אנדערער זייט פון שיף, דארט וואו דיא קאיוטען פאר דיא רייכע קלאסע פאסאשזירען זיינען געוועזען, איז דיא פרינצעסין קריסטינע געזעסען אויף א ווייכען שטוהל און האט מיט איננערליכער פריידע אראפגעקוקט אויף דעם שפיעגעלגלאטען ים. דיא רייזע אויף דעם ים, וויא אויך דיא געזונדע און שטערקענדע זעעלופט האבען אויף איהר געזונדהייט פארטרעפליך געווירקט. איהרע באקען האבען צוריק בעקומען דיא פערלארענע יוגענדפרישע און איהר האלב אויסגעלאשענער בליק האט ווידער גלאנץ און לעבען בעקומען.

ניט וויט פון איהר, אנגעלעהנט אויף דעם געלענדער פון שיף, איז געשטאנען דער מארקיז דע־אויבאן און האט דיא ליעבליכע ער־שיינונג פון דער צוריק אפלעבענדע פרינצעסין מיט שטומען פרייד בעטראכט. זיא האט אין זיינע אויגען אויסגעזעהען, וויא יענע בלום, וואס איז פון פראסט האלבפערפרארען געווארען און איז פון דיא ווארעמע זאנענשטראהלען צוריק אויפגעבליהט. זיא איז אזוי שטיל און אונבעוועגליך געזעסען מיט דיא אויגען צוגעקעהרט צום ים, דאס עס האט אויסגעזעהען, אזוי וויא זיא וואלט אלעס ארום זיך פער־געססען.

— „קריסטינע!“ — האט דער מארקיז אין דער שטיל אויסגע־רופען — „דוא טרוימסט שוין ווידער!“ —

— „אך, גאסטאן!“ — האט זיא אויסגערופען צו איהם צו ווענ־דענדיג — „דוא קענסט עס גאר ניט וויסען, וואס אין מיין הערצען געהט פאר. ערסט ניט לאנג אזוי פיעל עלענד, אזוי פיעל שמערצען און פיין און יעצט דיא פרייהייט, דיא פאלע פרייהייט!“ —

— „אין דעם מענשענס לעבען געהט עס צו וויא אין דער נאטור,

געליעבטע, פריהער שטורעם, דונער, בליטץ און רעגען, דאן ווידער רייגער הימעל און זונענשיין!" —

— „דאן ווידער פיעלייכט שטורעם און שווארצע וואלקענס!"— האט זיא וויא צו זיך אליין מיט האלבער שטימע אויסגערופען —

— „ניין, געליעבטע!" — האט ער אויסגערופען — „יעצט ליעגט דיין שיקזאל אין דיינע אייגענע הענד, יעצט ביזט דוא פריי און ביזט הערין איבער זיך זעלבסט. דוא זאגסט, דוא ליעבסט מיך, דוא האסט מיך שוין דאן געליעבט, אלס דוא האסט מיך צום ערס־טען מאל געזעהען, וואס שטעהט אונז יעצט אין וועג, דאס מיר זאלען זיך ניט קענען אויף אייביג פערבינדען מיט דעם באנד פון דער עוויגער ליעבע און גליקליך זיין?" —

— „דאס געזעטץ, מיין געליעבטער" האט זיא איהם טרויעריג גענטפערט — „דאס מענשליכע געזעטץ; נאך בין איך דיא פרוי פון איין אנדערן!"

— „קריסטינע געליעבטע! קען איין מענשליכעס געזעטץ צוויא מענשליכע הערצען צוזאמען בינדען? דאס קען נאטור אליין און דיא נאטור איז דיא ליעבע. דאס וואס דיא ליעבע פערייניגט ברייננט נאר גליק זעגען!"—

— „דוא האסט רעכט, מיין גוטער גאסטאן!" — האט זיא זיך אפגערופען — „קיין מענשליכעס געזעטץ קען צוויי הערצען ניט פער־בינדען, דאס קען נאר דיא ליעבע, דיא טאכטער פון דער נאטור און דאך וויל איך דאס מענשליכע געזעטץ ניט ברעכען און וויל זיך מיט קיין אנדערן מאן ניט פערבינדען, זאלאנג עס עקסיסטירען נאך יענע שווערע קעטען, וואס האבען מיך מיט מיין מאן פערבונדען און וואס האבען מיך אזוי טיעף געדריקט. גלויב מיר, ליעבער גאסטאן, דיא קאמעדיע, וועלכע מיר האבען אין פעטערסבורג אויפגעשפיעלט, וועט אייביג ניט בלייבען קיין געהיימניס, ענדליך וועט מען דאך ערפאהרען דאס איך בין א לעבענדיגע אנטלאפען געווארען און איך וויל ניט,

ראס דיא וועלט זאל זאגען, דאס איך בין פון מיין מאן מיט איין גע־ליעבטען אנטלאפען געווארען!" —

— „אלזא וועל איך אייביג מוזען שטעהן ביי דער טהיר פון גן עדן, אהנע האפנונג דאס א מאל וועט זיך דיא טהיר פאר מיר עפע־נען!" — האט ער טרויעריג אויסגערופען —

— „דיא האפנונג בלייבט אונז יעדענפאלס, ליעבער גאסטאן!"— האט זיא איהם געענטפערט און איז אויפגעשטאנען — „איז אונזער פערבינדונג פון שיקזאל בעשטימט, וועט שוין יענע גליקליכע שטונדע קומען. אבער, פערצייהע מיר, איך פיהל מיך עטוואס מיעד און איך רעכען אז עס איז מיר שוין צייט צו שלאפען. גוטע נאכט, גאסטאן!"—

זיא האט איהם מיט ווארעמער צערטליכקייט דיא האנד געדריקט און איז אוועק געגאנגען אין איהר קאיוטע, וואו דיא גרעפין גאלד־מארק האט שוין געשלאפען.

— „דיא האפנונג בלייבט אונז יעדענפאלס, האט זיא געזאגט"— האט ער צו זיך זעלבסט געמורמעלט — „וועט א מאל אונזער האפנונג ערפילט ווערען?" —

— „געוויס, מיין ליעבער גאסטאן!" — האט אין דיעזען אויגענ־בליק אין זיינע אויערען ארייננעקלונגען דיא ווייכע און זאנפטע שטימע פון א יונגע דאמע — „מיינסט דוא, אז דער קאצאפ אלעקסייא וועט אייביג לעבען? זאל נאר זיין הערצענסגוטער פאטער פון זיינע פלאנען ערפאהרען, וועט ער איהם שוין מאכען מיט א קאפ קירצער!" —

גאסטאן האט זיך האסטיג אומגעווענדעט און האט דערזעהען אנאטהען האנד אין האנד מיט דעם גראף יאניסקי.

— וויא, אנאטהע? דוא בעשעפטיגסט זיך מיט דיא רוסישע פאליטיק?" — האט איהר דער מארקיז מיט א שמייכעל געפרעגט— „און נאך יעצט, ווען דוא שטעהסט אים בעגריף באלד צו ווערען איינע אמעריקאנישע קאלאניסטין?" —

— „יא, מיין פריינד" — האט זיא איהם גאנץ ערנסט געענט־

פּאַרט — „איך בעשעפטיג זיך מיט דער רוסישער האפּפאליטיק אזוי ווייט, וויא פיעל דאס קען מיר צו מיין ראכע פּלאַן נוטצען!“ —

— „ראכע?“ — האט דער מארקיז גאנץ פערוואונדערט אויס־גערופען — „וואס האסט דוא נאך יעצט מיט רוסלאנד צו טאהן? אן וועמען ווילסט דוא זיך נוקם זיין?“ —

— „אן דעם ניכטסווירדיגען מענשענפרעסער אלעקסיי פּעטראָ־וויטש!“ — האט אגאטהע אויסגערופען און איהרע אויגען האבען אין צארן אויפגעבליצט — „איך מוז זיך אן איהם נוקם זיין פאר אלע לײדען, פאר אלע שמערצען און פּיין, וואס אונזער גוטע פּרינצעסין האט דורך איהם געליטען. זיין קאפּ מוז פאלען! ניט אנדערש! איך שווער עס ביי מיין עהרע!“ —

— „חא! חא!“ — האט זיך דער מארקיז צולאכט — „וויא קאמיש דוא ביזט, ליעבע אגאטהע! וואס קענסט דוא איהם טאהן, דעם רוסישען קרוינפּרינץ? און איבערהויפּט נאך יעצט, ווען דוא ביזט פון איהם אזוי ווייט?“ —

— „פרעג מיך ניט, גאסטאן, דאס איז מיין געהיימניס“ — האט אגאטהע געענטפערט — „נאר דוא וועסט זעהען, אז אין צוויי אדער אין דריי מאנאט ארום, וועט דער רוסישער קרוינפּרינץ ליעגען נעבען דער הילצערנער פיגור פון זיין פרוי דיא פּרינצעסין קריסטינע!“ —

— „וואס רעדסט דוא, אגאטהע?“ — האט זיך יאניסקי אפּגע־רופען — „ביזט דוא ביי דיין קלארען פערשטאנד?“ —

— „איך וויים וואס איך רייד, געליעבטער!“ — האט זיא איהם געענטפערט — דער בארבאר אלעקסייא וועט אין א קורצע צייט שטארבען און דיא פּרינצעסין קריסטינע וועט מיט מיר אין איין טאג חתונה האבען, זיא מיט דעם מארקיז דע־אויבאן און איך מיט דיר, מיין געליעבטער!“ —

— „זאל איך דאס אננעהמען פאר משוגעת, אדער פאר נביאות?“ — האט איהר דער מארקיז לאכענדיג געפרעגט —

— „וויא דוא ווילסט, גאסטאן!“ — האט זיא איהם געענט־פערט — „אבער איך וויל שוין געהען שלאפען, גוטע נאכט!“ —

דער גראף יאניסקי האט איהר אפגעפיהרט אין איהר קאיוטע. נאך זעהר לאנג איז דער מארקיז אומגעגאנגען אויף דעם לעערען פארדעק פון שיף, דען אלע רייזענדע האבען זיך שוין לאנג געלייגט שלאפען. אגאטהעס ווערטער האבען אויף איהם איין טיעפען איינדרוק געמאכט, נייע געפיהלען און נייע האפנונגען האבען אין זיין ברוסט אויפגעוואכט.

— „איהר ברודער איז אדיוטאנט ביים קרוינפרינץ“ — האט ער צו זיך זעלבסט אויסגערופען — „פיללייכט האט זיא פון איהם וואס עס איז ערפאהרען!“ —

דער שיפסקאפיטאן איז צו איהם צוגעגאנגען.

— „איז נאך ניט צייט צו שלאפען, מיין העדר?“ — האט איהם דער שיפסקאפיטאן געפרעגט —

אך, דיא לופט איז אזוי פריש, הערר שיפסקאפיטאן!“ — האט דער מארקיז געענטפערט — „נאך הייטיגען שטורעם איז עס ווירק־ליך א פערגניגען אויף דעם פארדעק אומצושפאצירען און דיא געזונדע שטילע לופט צו געניסען“ —

— „און מארגען פאר נאכט ועלען מיר שוין אין ניו־ארלעאנס זיין“ — האט זיך דער שיפסקאפיטאן אפגערופען — „מיר זיינען נאר 400 זעע־מיילען וויים פון אונזער רייזעציעל!“ —

## איין קאמפף מיט זעע־רויבער.

עס האט אנגעהויבען טאג צו ווערען. דיא לבנה מיט דיא שטערן זיינען פערשוואונדען און אין מזרח־זייט האבען זיך שוין געוויזען דיא ערסטע זונענשטראהלען. אלע, אויסער דיא מאטראזען, דיא אפיצירען פון שיף און דער שיפסקאפיטאן, זיינען נאך פערזונקען געוועזען אין טיעפען מארגענשלאף און דיא „אמעריקא“, וואס איז געוועזען איינע פון דיא בעסטע פראנצויזישע שנעלזעגלער, איז מיט אלע איהרע

**זאגלען געפלויגען** וויא א פפייל פון בויגען צו דער אמעריקאנישער קיסטע, וואס איז שוין ניט וויט געוועזען.

אין דער הויך, אויף זיין פאסטען, איז געשטאנען דער שיפסקאפי־טאן און האט אלע ווילע דורך א גרויסען לארנעט געקוקט אויף דעם ים. ער האט וואהרשיינליך געזוכט דעם אמעריקאנישען ברעג.

מיט דער אבזיכט זיין פאסטען איינעם פון דיא שיפס־אפיצירען איבער צו געבען און אליין זיך געהען א פאר שטונדען אויסשלאפען, האט ער נאך איינמאל דעם לארנעט צוגעלעגט צו זיינע אויגען און האט בעטראכט דעם ים. דיעזעס מאל האט אבער דיא בעטראכטונג זעהר לאנג געדויערט.

— „זעהט איהר עפּעס, הערר שיפסקאפיטאן?“ — האט איהם דער אפיציער, וואס איז נעבען איהם געשטאנען געפרעגט —

— „איך זעה א שיף קומען!“ — האט דער שיפסקאפיטאן גע־ענטפערט און האט דעם אפיציער דעם לארנעט דערלאנגט — „זיא קומט וואהרשיינליך פון ניו־ארלעאנס. נעהמט און בעטראכט זיא!“—

דער אפיציער האט גענומען דעם לארנעט און האט איניגע מינוט געקוקט אויף דעם ים.

— „יא, א שיף, א שנעלזעגלער!“ — האט ער זיך אפגערופען— „אין צעהן מינוט וועט זיא זיין נעבען אונז!“ —

דיא אונבעקאנטע שיף איז מיט וואונדערבארער שנעליגקייט אליץ נעהענטער און נעהענטער געקומען.

— „לאמיר איהר וויזען אונזער פלאגע“ — האט זיך דער שיפס־קאפיטאן אפגערופען — וועט זיא אונז אויך וויזען איהר פלאגע און מיר וועלען וויסען צו וועלכער נאציאן זיא געהערט“ —

ער האט געגעבען דעם סיגנאל און באלד איז דיא פראנצויזישע נאציאנאל־פלאגע ארויפגעפלויגען אויף דעם שפּיטץ מאסט פון דער אמעריקא“ —

— „וואס הייסט דאס?“ — האט דער אפיציער אויסגערופען —

„זיי ציהען ניט ארויף זייער פלאגע, זיי ווילען אונז ניט זאגען, ווער זיי זיינען!“ —

— „האלט, אדער מיר שיסען!“ — האט עס פון יענע שיף פלוצלינג אריבער געדונערט צו דעם שיפסקאפּיטאן פון דער „אמע־ריקא“ —

— „אָה, וועה!“ — האט דער אפיציער אויסגערופען און איז בלייך געווארען—„דאס זיינען איטאליענישע פיראטען, זעע־רויבער!“—

— „צו דיא וואפען! שנעל צו דיא וואפען!“ — האט דער שיפס־קאפּיטאן פון דער „אמעריקא“ מיט דונערשטימע געקאָמאנדעוועט —

א רויכוואָלקען האט זיך פלוצלינג געוויזען אויף דער איטאליעני־שער שיף, איין בליטץ און איין דונער און צוויי מאטראָזען פון דער „אמעריקא“ זיינען געבליבען ליגען אויף דעם פארדעק מיט צערשמע־טערטע קעפּ.

עס איז געשטאנען א ווילדער חאָאס אויף דער „אמעריקא“. אלע פּאסאשזירען האבען זיך אויפגעחאפּט פון שלאף און זיינען האלבנאקעט, שרייענדיג און וויינענדיג, אומגעלאפען הין און אהער אנדערע האבען געלאדען זייערע ביקסען און פיסטאָלעטען, מיט דער אבזיכט זיך צו פערטהיידיגען ביז דעם לעצטען טראָפּפען בלוט פון דיא זעע־רויבער. דיא מאטראזען האבען אויף דיא אנגרייפער גאר אהן אויפהער געשאסען.

גיבט זיך אונטער, אדער איהר זייט אלע פערלארען!“ — האט עס ווידער געדונערט פון דער רויבערשיף —

ווידער א פירכטערליכער קאנאנענשוס פון דער איטאליענישער שיף און דער גרויסער מאסט פון דיא „אמעריקא“ איז צערשמעטערט געווארען.

דער מארקיז דע־אויבאן און דער גראף יאניסקי זיינען שוין אויף דעם פארדעק פון שיף געוועזן. דער אויסרוף: „זעע־רויבער!“ האט זיי פון שלאף אויפגעוועקט. האסטיג האבען זיי זיך אנגעקליידעט

האבען זיך שנעל בעוואפענט און האבען זיך פעסט ענטשלאסען מיט דיא זעע-רויבער צו קעמפפען ביז דעם לעצטען טראפפען בלוט.

קוים אבער זיינען זיי אויף דעם פארדעק געקומען, אלס דיא פרינצעסין, דיא גרעפין גאלדמארק און אגאטהע האבען זיך פון דיא קאנאנענשיסע אויף אויפגעחאפט, האבען זיך האסטיג אנגעקליידעט און אלס זיי האבען פון א שיפסדיענער ערפאהרען אום וואס עס האנדעלט זיך, זיינען זיי ניט אכטענדיג דיא געפאהר דעם מארקיז און דעם גראף נאכגעלאפען און האבען פון זיי מיט טהרערען אין דיא אויגען פערלאנגט, זיי זאלען זיך אין דעם קאמפף מיט דיא רויבער ניט מישען און זאלען צוריק אין דיא קאיוטען ארונטער געהען.

— „דאס קען איך ניט טאהן, קריסטינע!“ — האט דער מארקיז אויסגערופען — „מיר שטעהען אלע אין גרויס געפאהר. ווען דיא רויבער איבער אונז זיעגען, וועלען זיי אונז אלעמען געפאנגען נעהמען און פאר שקלאפען פערקויפען“ —

— „אָה, בעסער שטארבען!“ — האט דיא פרינצעסין אויסגערופען און איז וויינענדיג הינטער דעם צווייטען מאסט צוזאמען געזונקען —

אגאטהע האט מיט איהרעביידע ארעמס יאניסקים האלז אומגעקלאמערט און האט איהם אויף קיין פאל ניט געלאזט געהען אין דעם קאמפף מיט דיא רויבער.

— „זיי וועלען דיך ערמארדען“ — האט זיא געיאמערט — „און איך וועל דאס ניט איבערלעבען!“ —

א דריטער שוס פון דער רויבערשיף האט דעם דאך פון דער דאמענקאיוטע ארונטער געריסען און אין שטיקלאך צערשמעטערט.

יאניסקי האט זיך מיט גוואלד פון אגאטהעס ארעמס ארויסגעריסען. ער האט זיך אוועקגעשטעלט הינטער דעם גרויסען מאסט און האט גאר אהן אויפהער געשאסען אויף דיא רויבער. יעדער שוס פון זיין ביקס האט געטראפען און יעדע קוגעל האט געטויט אדער פערוואונדעט.

דער מארקיז האט דיא מאנשאפט פון שיף אויפגעמונטערט צום פערטהיידיגען זיך און אונטער זיין קאָמאנדאָ האבען דיא מאטראזען און דיא בעוואפענטע פאסאשזירען אויף דיא רויבער געשיקט איין קוגעלרעגען נאך דעם אנדערן.

— „אטאקטירט זיי פון דער פראָנט!" — האט א קאָמאנדאָרוף אויף דעם רויבערשיף אויסגערופען אין דער איטאליענישער שפראכע—

אכט אדער צעהן קליינע שיפלאך זיינען אין איין אויגענבליק פון דעם רויבערשיף ארונטער געלאזען געווארען. אין יעדער שיפעל זיינען געזעסען 10 אדער 15 איטאליענער מיט ביקסען און מיט רודערס אין דיא הענד. דיעזע קליינע פלאָטע האט זיך מיט גרויס געשווינדיגקייט גענעהערט צו דער „אמעריקא".

איין געדיכטער קוגעלרעגען האט דיא קליינע רויבערפלאָטע בעגעגענט, מיט דורכגעשאסענע הערצער און מיט צערשמעטערטע גליעדער זיינען איינ־גע פון זיי אריין געפאלען אין ים און זיינען אונטער געזונקען, אבער דיא הארטנעקיגקייט, מיט וועלכע דיא מאנשאפט און דיא פאסאשזירען פון דער „אמעריקא" האבען זיך פערטהיידיגט, האט דיא רויבער נאך מעהר ערביטערט, זיי האבען אויף דעם פייער פון דיא פראנצייזען ניט געאכטעט און האבען מיט גרויס קראפט וויטער גערודערט, ביז זיי האבען ענדליך דיא „אמעריקא" עררייכט.

ערסט יעצט האבען אייניגע פון זיי אנגעפאנגען צוריק צו שיסען אויף דיא פראנצייזען, וועהרענד אנדערע האבען אריבער געווארפען שטריקלייטערס איבער דיא ווענט פון שיף און האבען אריבערגעקלעטערט אויף דעם שיף. ביז 60 מאן איז עס געלונגען אויף דער „אמעריקא" ארויף צו קלעטערן.

נון האט זיך אנגעפאנגען א בלוטיגער געפעכט צווישען דיא רויבער און צווישען דיא פאסאשזירען פון שיף. דיא פאסאשזירען פון דער „אמעריקא" געלעהמט פון שרעק, האבען זיך זעהר שלעכט פערטהיידיגט און דיא רויבער האבען זיי איינציגווייז גענומען און איבערגעגעבען דיא אנדערע רויבער, וואס האבען אונטען געווארט מיט

זייערע שיפלאך. דיא עלטערע און שוואכערע האבען זיי ניט אנגע־ריהרט, ווייל דאס איז פאר זיי קיין סחורה געווען, זיי האבען נאר גענומען דיא יונגע און געזונדע. וואס טויגען נאך צו דער ארבייט.

דיא דריי דאמען, דיא פרינצעסין, דיא גרעפין גאלדמארק און אגאטהע זיינען אנטלאפען און האבען זיך איינגעשלאסען אין דער דאמען־קאיוטע. דער מארקיז דע־אויבאן, דער גראף יאניסקי, דער אלטער הערבערט און מיטיא, מיט ביקסען בעוואפענט, זיינען גע־שטאנען ביי דער טהיר פון דער קאיוטע, פעסט ענטשלאסען ליעבער צו שטארבען, אלס זיך אין דיא הענד פון דיא רויבער איבער צו געבען.

פלוצלינג האט מען געהערט א קאנאנענשוס פון א גאנץ אנדע־רע ריכטונג. דיא רויבערשיף האט געענפערט מיט א קאנאנענשוס און דיא רויבער האבען אנגעפאנגען צו אנטלויפען.

דער שיפסקאפיטאן פון דער „אמעריקא" איז האסטיג ארויפגע־פלויגען אויף זיין פאסטען, האט זיך נאך אלע זייטען ארום געקוקט, באלד איז ער צוריק ארונטער געקומען, און האט מיט פרייד אויס־גערופען:

— „מיר זיינען גערעטעט! איין ענגלישע קריעגס־שיף קומט אונז צו הילף!" —

אין איניגע מינוט ארום האט מען שוין דיא גרויסע ענגלישע קריעגס־שיף דערזעהען. זיא האט גאר אהן אויפהער אויף דער רויבער־שיף געפייערט און דער הויפטמאן פון דיא רויבער האט באלד איינ־געזעהען, דאס עס איז איהם אונמעגליך געגען דיא ענגלענדער צו קעמפפען. ער האט באלד געהייסען דיא זאגלען אויפשפאנען און באלד איז דיא רויבערשיף פערשוואונדען געווארען.

דיא ענגלענדער האבען איניגען באאטען מיט סאלדאטען ארונטער געלאזען און מען האט דיא רויבער מיט זייערע קליינע שיפלאך גע־פאנגען גענומען.

דער אדמיראל פון דער ענגלישער קריעגס־שיף האט זיינע

מאטראזען געהייסען דעם שארען פון דער „אמעריקא“ אויסבעסערן, און אלס דיא ארבייט איז געענדיגט געווארען, האבעןביידע שיפען צוזאמען ווייטער געזעגעלט.

געגען אבענד זיינען ביידע שיפען אין ניו־ארלעאנס אנגעקומען. דער מארקיז דע־אויבאן האט אין שטאדט אויסגעזוכט א גרויסען און עלעגאנטען האטעל, וואו ער מיט דא פרינצעסין, דיא גרעפין גאלד־מארק, דער גראף יאניסקי, אגאטהע, הערבערט, מיטיא און זייערע מיטרייזענדע האבען איינגעקווארטירט.

---

## דיא רוססישע קנוטע.

— „דא מוזט דוא ווארטען, יונגער הערר, ביז דער קייזער וועט קומען“ — האט דער קייזערליכער קאמערהערר, גראף באריאטינסקי געזאגט צו א יונגען אפיציער, וועלכען ער האט אין א גרויסען סאלאן פון דעם קייזערליכען פאלאסט אריינגעפיהרט — „איך געה איהם גלייך מעלדען. זעטץ זיך אנידער און ווארט!“ —

דער יונגער אפיציער האט זיך אבער ניט געזעטצט, אלס דער קאמערהערר איז ארויס געגאנגען, ער איז אומגעגאנגען אין סאלאן הין און צוריק. אייף זיין געזיכט איז געלעגען איין טיעפער ערנסט און זיינע אויגען האבען געפינקעלט אין איין אונהיימליכען פייער.

— „מיין שוועסטער אגאטהע פערלאנגט עס פון מיר און איך מוז עס טאהן!“ — האט ער צו זיך זעלבסט מיט האלבער שטימע געזאגט — „דער ניעדערטרעכטיגער מערדער מוז זיין לוֹהן בעקומען פאר אלע שמערצען און פיין, מיט וועלכע ער האט זיינע אונשולדיגע פרוי, דיא גוטע פרינצעסין קריסטינע, אונטער דער ערד געבראכט. ווען אזא ניעדערטרעכטיגער מענשענפרעסער א מאל קומען צו דיא הערשאפט, איז אונזער לאנד פערלארען!“ —

ער האט ארויסגענומען א בריעף פון זיין טאשע און האט עס מיט זיכטבארער פריידע איבערגעלעזען.

— „מיין געליעבטע שוועסטער!“ — האט ער מיט ענטציקען

אויסגערופען — „מיין גוטע אגאטהע! זיא לעבט, זיא איז אין זיד־אמעריקא און איז גליקליך. זיא רופט מיך צו זיך. דארט וועט זיא מיר דאס געהיימניס פון איהר פערשוואונדען ערקלערען. געוויס וועל איך איהר פאלגען. איך וויל אויך פריי זיין און לעבען צווישען פרייע מענשען. וואס בינדעט מיך דא צו דיעזעם בארבארענלאנד? אבער צוערסט זיך נוקם צו זיין אן דעם לומפיגען פרינצען און דאן מיט דיא ערסטע שיף נאך נוי־ארלעאנס!" —

דיא גרויסע פליגעלטהיר פון דעם סאלאן האט זיך געעפענט און דער קייזער פיאטר וועליקי איז אריינגעקומען אין סאלאן.

— „ווער ביזט דוא?" — האט דער קייזער דעם יונגען אפיציער געפרעגט —

— „לייטענאנט וולאדימיר ראזאנאוו, קייזערליכע מאיעסטעט!" — האט דער יונגער אפיציער געענטפערט און האט זיך דאבײ פאר דעם קייזער אויסגעצויגען וויא א סטרונע —

— „אה! אדיוטאנט בייא דעם קרוינפרינץ אלעקסייא, ניט אזוי?" — האט איהם דער קייזער עטוואס פערוואונדערט וויעדער געפרעגט און האט דעם יונגען אפיציער מיט דורכדרינגענדע בליקען בעטראכט פון קאפ ביז דיא פים —

— „דערזעלבע, קייזערליכע מאיעסטעט!" — האט וולאדימיר געענטפערט —

— „און וואס פיהרט דיך צו מיר?" —

— „איך האב אייערע קייזערליכע מאיעסטעט איינע וויכטיגע מיטטהיילונג צו מאכען!" —

— „איז עס ווירקליך אזוי וויכטיג?" —

— „אה, זעהר וויכטיג, קייזערליכע מאיעסטעט!" —

— „אלזא, לאז עס הערען!" —

— „אייער לעבען שוועבט אין געפאר, קייזערליכע מאיעסטעט!" —

— „אהא! אין געפאהר?" —

— „אין דיא גרעסטע געפאהר. איבער זעכציג טויזענד מענשען האבען זיך געגען אייער לעבען פערשוואָרען“ —

— „אה, איך ווייס, איך ווייס!“ — האט פיאטר מיט א שמייכעל אויסגערופען — „דוא מיינסט דיא פערשווערונג פון דיא מישוגענע פאפעס און פון דיא האלבווילדע באיארען? איך ווייס דער פון, מיין זוהן אלעקסייא און דער מיטראפאליט באראַדין זיינען דיא אנפיהרער פון דיזער פערשווערונג, אבער איך האב פאר זיי קיין מורא זיי קענען מיר גאר ניט טאהן, גאר ניט!“ —

— „זייט איהר וויקליך אזוי זיכער, קייזערליכע מאיעסטעט!“— האט דער אפיציער מיט א איראָניש שמייכעלע אויף זיינע ליפען געפרעגט — „ווייסט איהר אויך, וויא ווייט דיא פערשווערונג איז פארגעדרונגען?“ —

— „איך ווייס אלעס, מיין קינד!“ — האט איהם דער קייזער מיט א געוויסען שטאָלץ געענטפערט — „פיאטר וועליקים אויג זעהט אלעס!“ —

— „און ווייסט איהר אויך וואס היינט ביי נאכט וועט זיין?“ —

פיאטר איז בלייך געווארען און איז פון זיין פלאטץ צוריק אפגעשפרונגען.

— „היינט ביי נאכט?“ — האט ער מיט ציטערנדער שטימע אויסגערופען —

— „וויא איך זעה, ווייס אייער קייזערליכע מאיעסטעט דאך ניט אלעס!“ — האט זיך וולאדימיר אפגערופען — „היינט ביי נאכט וועט דיא רעוואָלוציאָן אין פעטערסבורג אויסברעכען!“ —

— „דיא רעוואלוציאן? היינט ביי נאכט?“ —

— „אום צוועלף אוהר, ווען איהר וועט שוין שלאפען. דער פלאן בעשטעהט דארין: אייער פאלאסט מיט א גרויסע מאכט ארום צו רינגלען פון אלע זייטען, אייך מיט דיא קייזערין צו ערמארדען און דעם גראספירסט אלעקסייא צום קייזער פון רוסלאנד צו פראָקלאמירען!“ —

פיאטר האט אנגעפאנגען צו ציטערן וויא א בלאט פון שטורמ־ווינד. זיין העלדישע נשמה איז איהם ארונטער געפאלען אין דיא זאקען.

— „פון וואנען ווייסט דוא דאס אלעס אזוי גענוי?“ — האט ער דעם יונגען אפיציער אויסער אטהעם געפרעגט —

— „איך בין אטיודאנט ביים גראספירסט“ — האט וולאדימיר געענטפערט — „און ער רעכענט מיך אלס איינעם פון דיא פער־שווארענע, אבער איך בין טריי מיין קייזער און מיין פאטערלאנד, דרום בין איך געקומען ווארנען!“ —

פיאטר איז האסטיג צוגעגאנגען צום טיש און האט אנגעקלונגען.

— „דער פירסט מענשיקאוו זאל אויגענבליקליך קומען!“—האט ער דעם קאמערהערר בעפאהלען—„און דוא, וולאדימיר ראזאנאוו“—האט ער זיך צום יונגען אפיציער געווענדעט — „דוא ווערסט דא ביי מיר אין פאלאסט בלייבען!“ —

— „צו בעפעהל, קייזערליכע מאיעסטעט!“ — האט וולאדימיר געענטפערט און האט זיך פאר דעם קייזער טיעף פערנייגט —

— „אייערע מאיעסטעט האבען מיך גערופען?“ — האט דער פירסט מענשיקאוו געפרעגט, אלס ער איז אין סאלאן אריינגעקומען —

— „יא!“ — האט פיאטר געענטפערט מיט א פינסטערע מיענע — „איך בין מיט דיר זעהר אונצופריעדען, מענשיקאוו! דיא פערשווערונג פון מיין זוהן איז שוין זעהר וויט פארגעדרונגען און דוא האסט, וויא עס זעהט אויס, דיא גאנצע צייט געשלאפען. דיא פער־שווארענע האבען בעשלאסען היינט ביי נאכט מיך מיט דיא קייזערין צו ערמארדען און דעם קרוינפרינץ אויף מיין שטעלע צום קייזער צו ערקלערען. ווייסט דוא עפעס דער פון?“ —

— „ערמארדען? היינט ביי נאכט?“ — האט מענשיקאוו אנגע־פאנגען צו שטאמלען און אלע זיינע גליעדער האבען וויא פון פיעבער געציטערט — „ווער זאגט עס?“ —

— „דאס האב איך דיעזע בראווען און טרייען אפיציער צו פער־

פערדאנקען!" — האט פיאטר געענטפערט אויף וולאדימיר צייגענ־דיג — „אבער מיר מוזען אונזערע מאסרעגעל טרעפען. געה שנעל אין אלע קאזארמעס און האלט מיר דיא גאנצע גארדע מיט וואפען אין דיא הענד אנגעגרייט. אין אלע גאסען פון פעטערסבורג זאלען צו זעקס קאנאנען אויסגעשטעלט ווערען. דוא אליין זאלסט מיר דעם פאלאסט מיט מיין לייבגארדע בעוואכען. אבער דאס אלעס מוז פאר־זיכטיג און אין דער שטיל געמאכט ווערען, דאמיט דיא פערשווערער זאלען גאר ניט מערקען. איך וויל זיי פלוצלינג איבערפאלען און זיי קיין צייט געבען זיך צו פערטהיידיגען. געה!" —

מענשיקאוו איז האסטיג אר׳ים געגאנגען.

— „איז דער קרוינפרינץ אין פעטערהאף?" — האט פיאטר דעם אפיציער געפרעגט —

— „אין פעטערהאף, מאיעסטעט!" — האט וולאדימיר געענט־פערט — „עס איז בעשלאסען, דאס ער זאל דא־ט בלייבען ביז דיא ערמארדונג פון דאס קייזערליכע פאר וועט געשעהען, דאן וועלען איהם דיא פערשווערער מיט טרי׳מף ברייננען נאך פעטערסבורג און דא אין אייער שלאס וועט מען איהם פראקלאמירען צום קייזער" —

— „גוט, דוא וועסט מיך בעגלייטען!" — האט זיך פיאטר אפ־גערופען — „איך וויל איהם אין זיינע אייגענע וואהנונג געפאנגען נעהמען!" —

* * *

— „אך, דער טאג נעהמט גאר קיין ענדע, מיין טהייערער!" — האט דיא פינישע בויערין עפראזינע אויסגערופען — „וויא דערלעבט מען שוין דיא נאכט! מיין הערץ שרעקט מיך אזוי!" —

— „און וואס האסט דוא מורא, געליעבטע?" — האט איהר אלעקסייא לאבענדיג געפרעגט —

— „וואס האב איך מורא? עס איז זיך גרינג צו זאגען א מלחמה מיט דיין פאטען אויף לעבען און טויט! דוא קענסט דאך איהם,

קוים וועט ער עפּעס מערקען, וועט פון אונז אלעמען קיין האר ניט בלייבען" —

— „אבער ער קען גאר ניט מערקען. דיא גאנצע זאך ליעגט זעהר גוט בעהאלטען און אין גוטע הענד. דער קייזער ווייסט פון גאר ניט. פונקט אום צוועלף אוהר אין דער נאכט, ווען ער וועט שוין שלאפען, וועלען דיא באָיארען דעם שלאס ארום רינגלען פון אלע זייטען, א צוואנציג דרייסיג מאן וועלען אין זיין שלאפצימער אריין דרינגען, מען וועט איהם און דיא קייזערין אפּטאהן זייער רעכט, דאן וועט מען מיך מיט גרויס פאראדע אריין פיהרען אין פּעטערסבורג און מען וועט מיך פאר דעם קייזער ערקלערען. דיא גאנצע זאך וועט אפּגעמאכט ווערען אהן א שום פּולווער!" —

— „נוא, און דיא מיליטער?

— „דיא מיליטער וועט זעהען, אז עס איז שוין איינמאל אפּגע־מאכט, וועט זיא שווייגען און וועט מיך אלס איהר קייזער אנערקע־נען" —

— „דעם זוהן וואס האט זיין פאטער ערמארדעט?" —

— „פון וואנען וועט דאס מיליטער וויסען, אז איך האב געלאזט דעם פאטער ערמארדען? אונזער ארמעע וויים גאנץ גוט, אז מיי פאטער האט זעהר פיעל פיינד אונטער דיא גייסטליכע און אונטער דיא באיארען, זיא וועט רעכענען, אז דיא גאנצע זאך האט זיך גאר אהן מיין וויסען אפּגעשפּיעלט, דארום האט מען אויך בעשלאסען דאס איך זאל זיך דעם גאנצען טאג אין פּעטערסבורג ניט ווייזען, און מען וועט מיר פון דאנען ערסט דאן נעהמען, ווען דיא טהאט וועט שוין זיין אפּגעטאהן" —

— „און גלויבסט דוא, אז דיא ארמעע וועט צו דיר שווערען?" —

— „געוויס! ווער דען אנדערס זאל נאך דעם קייזערס טויט קייזער ווערען, ווען ניט דער קרוינפּרינץ?" —

— „און דאך ציטערט מיר מיין הערץ. אך, וויא דערלעבט מען שוין עס זאל זיין מארגען!" —

— „נוא, נוא, מיין טייבעלע, ציטער ניט; עס וועט ווערען נאכט עס וועט אויך ווערען מארגען און דוא וועסט מיך אלס קייזער פון רוסלאנד בעגריסען!" —

ביי דיעזע ווערטער האט ער איהר מיט גרויס צערטליכקייט אומ־געארעמט און האט איהרע ליפען מיט קוסען בעדעקט.

אין דיעזען מאמענט האט זיך דיא טהיר האסטיג אויפגעעפענט און פיאטר וועליקי, דיא קייזערין קאטהארינא, דער פירסט מענשי־קאוו און דער אדיוטאנט וולאדימיר ראזאנאוו זיינען אין צימער אריין געקומען. הינטער זיי האט מען געזעהען א מאן צוואנציג מיניסטארען און גרויסע קייזערליכע האפבעאמטע און א שטארקע אבטהיילונג לייבגארדיסטען מיט וואפען אין דיא הענד.

— „הייליגע מוטער פון קאזאן!" — האט אלעקסיי אויסגערופען און איז בלייך געווארען וויא קרייד — „איך בין פערראטהען!" —

— „יא, דוא לימפ, איך ווייס אלעס און דוא ביזט מיין געפאנ־גענער!" — האט איהם פיאטר געענטפערט —

צוויי סאלדאטען זיינען צוגעגאנגען און האבען ביי איהם דעם דעגען צוגענומען.

איינינע מינוטען איז עפראזינע וויא פאראליזירט געוועזען און האט זיך ניט געקענט ריהרען מיט קיין גליד, נאר אלס זיא האט דערזעהען וויא דיא קייזערליכע גארדיסטען האבען ביי דעם קרוינפרינץ דעם דעגען צוגענומען און האבען איהם אלס געפאנגענעם אריין גענומען אין מיטען, האט זיא ווידער לעבען בעקומען. זיא האט באלד פער־שטאנען, אז ניט נאר דיא ראָלע פון איהר געליעבטען, אויך איהר ראָלע איז אויסגעשפיעלט און איהר קאפ האט אנגעהויבען צו ארביי־טען, אום איין מיטעל אויסצוגעפינען, וויא איהר אייגענעם לעבען צו רעטען. באלד איז זיא געפאלען אויף א גוטען פלאן און האט זיך גענומען מיט דיא גאנצע ענערגיע, וועלכע דער מענש בעקומט זעהר אפט אין פערצווייפעלטען מאמענטען, איהם אויסצופיהרען.

— „איך בין יונג און שעהן" — האט זיא בייא זיך געקלערט —

„דער קייזער האט שטענדיג א אפּענעם אויג פאר יונגע און שעהנע פרױען. מיט וואס בין איך דאס ערגער פון יענע אלע פרױען, וואס האבען „לייטזעליגקייט“ געפונען אין זיינע אויגען? מיט וואס בין איך דאס ערגער פון קאטהארינען? איך בין אזא יחס'נטע וויא זיא, ווארום זאל איך איהם ניט געפעלען וויא זיא?“ —

זיא איז פון איהר שטוהל האסטיג אויפגעשפּרונגען און דעם קייזער צו דיא פיס פאלענדיג האט זיא מיט געוויין אויסגערופען:

—„האב ערבּארמען, קייזערליכע מאיעסטעט! איך וויים פון גאר ניט!“ —

פּיאטר האט אויף דיא קניענדע עפראזינע א קוק געטאהן און איין ציטערן איז דורך זיין גאנצען קערפּער וויא איין עלעקטרישער פונק דורכגעפלויגען. עפראזינעס יוגענדליכע שעהנהייט האט דעם אלטען בעל-עבירה'ניק וויא א שטיק פּעכהאלץ אנגעצונדען און ער האט זיך בעשלאסען זיין זוהן צו יארש'נען.

— „ווער ביזט דוא?“—האט ער איהר מיט ציטערנדער שטימע געפרעגט —

— „איך בין עפראזינע! — „האט זיא איהם וויינענדיג געענטפערט —

—אה! דיא שעהנע פינלענדערין! אהא! דאס מוז איך איהם צוגעבען, דעם לומפּ, ער האט געשמאק!

— „אבער איך בין אונשולדיג, קייזערליכע מאיעסטעט!“ — האט עפראזינע ווייטער געיאמערט — „איך וויים פון גאר ניט!“ —

— „און ווער בעשולדיגט דיך?“ — האט זיך פּיאטר שיין בעדייטענד פריינדליכער אפּגערופען און האט זיינע פלאמענדע אויגען פון דיא פינלענדישע בויערין ניט אראפּגענומען — „שטעה אויף! מען וועט דיך בעגלייטען נאך פּעטערסבורג, מען וועט אונטערזוכען וויא וויים דוא ביזט אין דער פערשווערונג בעטהייליגט און אז מען וועט אויסגעפונען, אז דוא ביזט ווירקליך אונשולדיג, וועט מען דיך בעפרייען!“ —

ער האט א וואונק געטאהן צו איינעם פון דיא אפיצירען און האט איהם עטליבע ווערטער איינגערוימט אין אויער אריין. דער אפיציער האט עפראזינען גענומען פא־ן האנד און האט איהר ארויס־געפיהרט פון צימער.

פיאטר האט איהר נאכגעקוקט מיט אזעלבע בליקען, וועלכע מיר זעהען ביי א קאטץ אין מאנאט מערץ.

אלעקסייא האט דיעזען בליק געזעהען און האט שוין פערשטאנען אז זיין טאטע האט איהם שוין לעבעדיגערהייט געירשענט. זיין בלוט האט אין איהם אויפגעקאכט און וויא איין גערייצטער טיגער האט ער אויסגעשריען:

— „איך וויס, אז דוא ווערסט איהר דאס לעבען שענקען, חאטש זיא איז ניט וויינינער שולדיג פון מיר, זיא וועט לעבען בלייבען, ווייל זיא געפעלט דיר: פריי זיך, דוא עלענדער בארבאר! יעצט האסט דוא שוין צוויי מושזיצקעס פאר ווייבער. רוסלאנד מעג מיטביידע ישטאלצירען!“ —

— „לאזט מיך מיט איהם אליין!“ — האט פיאטר מיט דאנער שטימע אויסגערופען —

אלע זיינען ארויסגאנגען. אין צימער זיינען ניט מעהר געבליבען וויא פיאטר, קאטהארינע און אלעקסייא.

פיאטר האט פון זיין גירטעל אראפגענומען איין לעדערנע קנוטע (נאגאיקע), וועלכע ער פלעגט אימער מיט זיך טראגען. זיא איז געוועזן געפלאכטען פון דינע לעדערשטרייפען און ביי דיא שפיטצען זיינען בעפעסטיגט געוועזן שטיקלעך בליי. צו יענער צייט פלעגען דאס אלע רוסישע אריסטאקראטען און בעאמטע וויא איין שטיק ציערונג טראגען.

מיט דיא קנוטע אין דער האנד האט ער זיך אויף זיין זוהן וויא א בלוטדירסטיגער טיגער געווארפען און האט איהם אונבארמהערציג אנגעהויבען צו שלאגען. עס האט ניט לאנג געדויערט און אלעקסייא איז געפאלען צו דער ערד, שטיקער הויט און קליידער זיינען פון זיין

קערפּער געהאנגען און פון זיינע צעריסענע אָדערן האבען געשפּריצט לאנגע שטראהלען ווארעמ'ע בלוט, וואס האבען בעשמוצט דיא וואנד, דיא שפּיעגלען און דיא מעבעל.

קאטהארינע האט דיעזע שרעקליכע סצענע גאנץ קאלטבלוטיג צוגעזעהען, אזוי וויא זיא וואלט געזעסען אין טהעאטער און צוגעקוקט א שעהנע פארשטעלונג אויף דער ביהנע, נאר אלס אלעקסייא איז געפאלען צו דער ערד און האט שוין קיין לעבענסצייכען פון זיך געגעבען, איז זיא פון איהר שטוהל אויפגעשפּרונגען און האט אויסגערופען:

— „האלט איין, פּעטיא! דוא מוזט איהם פריהער פאר איין געריכט שטעלען און דאן לאזען טויטען, זאנסט וועט דיא וועלט זאגען, אז ער איז אונשולדיגערהייט געשטארבען!" —

— „וואס קימערט מיך דיא וועלט!" — האט דער ווילדער בארבאר געשריען און האט מיט זיין קנוטע ווייטער געארבייט — ווער איז דיא וועלט? איך, דער קייזער!" —

ערסט אלס דער קערפּער פון דעם פּרינץ איז שוין אין גאנצען צעריסען געוועזען און ער האט זיך שוין ניט געריהרט, האט זיך דער טיראן ארום געזעהען, דאס ער ארבייט גאר אומזיסט און איז מיט קייכענדער ברוסט פון מידיגקייט געפאלען אויף א שטוהל אום זיך אויס צו רוהען.

— „ער איז טויט!" — האט קאטהארינע אויסגערופען און איהר הערץ האט אין איהר געטאנצט פאר פרייד, דען יעצט האט זיא שוין מעהר קיין קאָנקורענט אויף דעם רוסישען טהראן געהאט — „וואס וועט דיא וועלט זאגען?" —

— „דיא וועלט האט גאר ניט צו זאגען!" — האט פּיאטר בררמענדיג וויא א בער געענטפערט — „איך דארף קיינעם קיין רעכנונג געבען! איך בין זעלבסטהערישער און קען טאהן וואס איך וויל!" —

— „דוא פערגעסט אבער, אז דוא ביסט א קייזער!" — האט זיך קאטהארינע אפּגערופען — „אויף דיר דארף קיין פלעק פאלען

און דיא וועלט וועט זאגען, אז דוא האסט דיין אייגענעם זוהן אייגענ־הענדיג ערמארדעט!״ —

— „ווארט! איך האב א מיטעל!״ — האט ער איהר געענט־פערט — „דיא וועלט וועט ניט וויסען, אז איך אליין בין מיין זוהנס הענקער געוועזען!״ —

ער איז אויפגעשטאנען, איז צוגעגאנגען צום טהיר, האט איהר עטוואס אויפגעעפענט און האט אויסגערופען:

— „דער הענקער זאל מיט זיין האק קומען! שנעל!

אין איינינע מינוט ארום איז דער הענקער אין צימער אריין גע־קומען. דאס איז געווען א הויכער, שטארק געבויטער קאצאפּ, מיט א פּאר הענד, וויא פון אייזען געגאסען. ער האט געטראגען שווארצע און ברייטע סאמעטענע הויזען, א רויטע העמד און א פארטוך פון שווארצען לעדער אויף זיין ברוסט. אין זיין רעכטע האנד האט ער געהאלטען א גרויסע האק.

נעהם און האק איהם דיא קאפּ ,ארונטער!״ — האט איהם פּיאטר בעפאהלען —

דער הענקער האט זיך צום טויטען קערפּער איינגעבויגען, האט איהם בעריהרט מיט זיין האנד, האט זיך ווידער אויסגעגלייכט און האט געענטפערט:

— „דיעזער איז שוין טויט, מאיעסטעט!״ —

— „טהוא וואס איך הייס דיר, דוא הונד!״ — האט איהם פּיאטר אנגעדונערט —

— „צו בעפעהל, מאיעסטעט!״ — האט דער הענקער געענט־פערט —

דיא האק האט אויפגעבליצט אין דער הויך, האט זיך ווידער אראפּ געלאזען און אלעקסיים קאפּ איז אפּגעטהיילט געווארען פון זיין קערפּער.

אלס דיא מיניסטארען און האפלייטע האבען אין צווייטען צימער

דעם קלאפּ דערהערט, האבען זיי אראפּגענומען דיא היטלען און האָ־
בען זיך איבער געציילעמט.

— „יעצט קען איך מיין שוועסטער אין אמעריקא שרייבען, דאס
דיא פּרינצעסין קריסטינעס בלוט איז שוין בעצאהלט!" — האט דער
יונגער אפיציער וולאדימיר ראַזאנאָוו צו זיך געזאגט —

ארום צוועלף דעם זייגער ביי נאכט האט מען אין דעם קעלער,
וואו דיא גרעבּער פון דיא רוסישע קייזער און פירסטען שטעהען, גע־
בען דעם גראב אין וועלכען דיא הילצערנע פּופּע פון דער פּרינצעסין
קריסטינע ליעגט, א נייעם גראב אוועק געשטעלט. אין דיעזען גראב
ליעגט דער בּלוטיגער קערפּער פ ן דעם פּרינץ אלעקסייא.

פּיאטר האט איהם געלאזט מיט גרויס פּאראד, וויא עס פּאסט
פאר א פּרינץ, בעגראבען און עטליכע טעג נאך זיין טויט, האט זיך
גאנץ פּעטערסבורג געבאדען אין דאס בלוט פון דיא פערשווערער,
וועלכע פּיאטר האט אויף דער גרויזאמסטער ארט געלאזט טויטען.
אין דריי טעג זיינען איבער 42.000 מענשען אויסגעמארדעט געווארען.

---

## גליקליך פעראייניגט.

וויא א קליינע פּאראדיעז האט אויסגעזעהען דיא נייע קאלאניע
„קריסטענטהאל", ניט ווייט פון ניו־ארלעאנס, וועלכע דער מוטהיגער
און פלייסיגער מארקיז דע־אויבאן האט וויא דורך צויבער געשאפען
אין דעם פערלויף פון א יאהר צייט און וועלכע ער האט א נאמען
געגעבען „קריסטענטהאל" אום צו פערעוויגען דעם אנדענקען פון דער
פּרינצעסין קריסטינע פון וואלפענביטעל.

איבער דריי הונדערט הייזער, אלע צוויי שטאקיגע, נאך איין
מוסטער געבויט, האבען געבילדעט א לאנגע און א ברייטע גאס,
וואס איז פוןביידע זייטען מיט פּרעכטיגע פרוכטבוימער פערדעקט
געוועזען. יעדעס הויז האט געהאט איהרע שטאלונגען, איהר ברונען
און איהר אייגענעם גארטען. ניט ווייט פון דער קאלאניע האט זיך
געשפּיגעלט א גרויסער טייך, וואס האט דיא איינוואהנער פון דער

קאלאניע נוטצען און פערגעניגען געבראכט. ער האט געדרעהט דיא רעדער פון דריי גרויסע מיהלען, האט זיי אלערליי סארטען פיש אין גרויסע מאסען געגעבען און פלעגט דיא לוסטיגע שפאציערפאהרער אויף זיינע שטילע וועלען אימשאקלען. אויף א קליינעם בערגיל, ניט ווייט פון דער קאלאניע איז געשטאנען א קליינע קירכע, האלב צווישען בוימער פערבארגען און הינטער דער קירכע האט מען געזעהען דאס הויז פון דעם פראנצייזישען פאסטאר, וואס האט זיך דא בעזעצט, אום דיא געמיינדע צו לייטען און דיא קינדער אונטערריכט צו געבען.

געגענאיבער דער קירכע, אין מיטען פון א גרויסען פארק, וואס איז אויסגעפוצט געווען מיט שאטיגע אלעיען, מיט גרינע אלטאנקעס מיט הערליכע פאנטאנען און מיט אלערליי שטאטוען פון בראנז און מארמאר — איז געשטאנען א קליינער פאלאסט, איין מייסטערווערק פון דער בוי־קונסט. דיעזען פאלאסט האבען בעוואהנט: דיא פרינצעסין קריסטינע, דיא יונגע גרעפין גאלדמארק, אגאטהע, דער מארקיז דע־אויבאן, דער גראף יאניסקי, דער אלטער הערבערט און דיא גאנצע דיענערשאפט.

דיא קאלאניסטען זיינען גרעסטענטהיילס געווען רייכע און געבילדעטע איינוואנדערער פון פראנקרייך, דייטשלאנד און האללאנד, וואס האבען ביי דעם מארקיז דע־אויבאן אפגעקויפט שטיקער לאנד, אום זיך מיט דער לאנדווירטהשאפט צו בעשעפטיגען. דער מארקיז האט נאר צו געבילדעטע, ארדנונגסליעבענדע, פלייסיגע און געבילדעטע לייט דיא ערדאבטהיילונגען פערקויפט, אום דיא נייע קאלאניע שטענדיג אין בעסטען ארדנונג צו האלטען און אום צו שאפען א שטילע פריעדליבע געמיינדע, וואס יעדער מיטגליעד זאל דעם צווייטען רעכנען פאר א ברודער, פאר א פריינד.

אין ווירקליך זיינען דיא דריי הונדערט פאמיליען געווען וויא איין איינציגע גרויסע פאמיליע. מען האט ניט געהערט קיין קריעג אין קיינע צאנקערייען צווישען דיא פריעדליבע מיטגליעדער, עס איז ניט

געווען קיין קנאה און קיין שנאה, יעדער האט זיך זיין ארבייט געטאהן און האט אויך געזארגט פאר דעם צווייטען וויא פאר זיך אליין. אל'ץ זונטאג איז אבגעהאלטען געווארען א קליינער פעסט ביי איינעם פון דיא קאלאניסטען און איינמאל אין מאנאט האט דיא פרינצעסין קריסטינע געגעבען א הויפטפעסט אין איהר קליינעם שלאס, צו וועלכען אלע קאלאניסטען אהנע אויסנאהמע זיינען איינגעלאדען געווען.

דיא הויפטבעדינגונג, וועלכע דער מארקיז האט דיא קאלאניסטען שוין אין אנפאנג געשטעלט איז געווען דיא, דאס אין דער קאלאניע „קריסטענטהאל“ זאלען קיינע שקלאפען זיין. דיא נעגערן וועלכע יעדער קאלאניסט האט געקויפט, האט פון זיין אייגענטהימער געמוזט באלד בעפרייט ווערען און אלס ארבייטער קאָנטראַקטליך גענומען ווערען, מיט דעם בעדינג, דאס דער נעגער האט דאס רעכט צו יעדער צייט אוועק צו געהען און זיך ערגעץ וואו אנדערש בעשעפטיגונג צו זוכען. יעדע גרויזאמע בעהאנדלונג איז שטריינג פערבאטען געווען און דארום איז עס זעהר נאטירליך, דאס דיא בעפרייטע נעגערן האבען דיא קאלאניסטען זעהר געליעבט און מיט דער גאנצער זעלע ערגעבען געווען. דיא נעגערן האבען זייער ארבייט מיט גרויס פלייס געטאהן, האבען זיך ניט געבונטעוועט וויא אין אנדערע קאלאניעס און עס זיינען קיינע שלעגערייען און קיינע בלוטפערגיסונגען ניט פארגעקומען.

דיא ערד וואס האט בעלאנגט צו דיא קאלאניסטען איז געווען זעהר פרוכטבאר, דיא קאלאניסטען אליין אויסגעצייכענטע פארמערס און זעהר פלייסיגע ארבייטער, דארום איז עס גאר קיין וואונדער, דאס דיא קאלאניע האט זעהר שנעל אויפגעבליהט און דיא קאלאניסטען זיינען פון טאג צו טאג רייכער געווארען.

דעם מארקיז דע־אויבאן, אין וועלכען דיא קאלאניסטען האבען באלד אויסגעפונען דעם העכסט געבילדעטען מאן, דעם וועלטקלוגען מענשען מיט דעם אָרדענטליכסטען חאראקטער, האבען אלע איינשטימיג אויסגעקליבען צום ראטהגעבער, צום פיהרער און צום ריכטער

פון דער קאלאניע. צו איהם פלעגען זיי זיך ווענדען, ווען זיי האבען זיך געדארפט בעראטהען, אדער ווען עס זיינען מאנכעס מאל צווישען זיי און צווישען דיא איינוואהנער פון דיא בענאכבארטע קאלאניעס קליינע צאנקערייען פארגעקומען און ער פלעגט אימער אזוי גוט דיא זאך איינארדנען, דאס ביידע פארטייען זיינען צופריעדען געבליבען און האבען איהם אימער געדאנקט.

— „דוא ביזט מיר א צווייטער שלמה המלך אין קריסטענטהאל מיין ליעבער גאסטאן!" — פלעגט צו איהם דיא פרינצעסין לאכענ־דיג זאגען — „אונטער דיין רעגיערונג זיטצט זיך יעדער קאלאניסט אונטער זיין פייגענבוים און אונטער זיין ווייגשטאק!" —

— „יא, קריסטינע" — פלעגט ער איהר לאכענדיג, אבער מיט איין געוויסע טרויעריגקייט אין דער שטימע ענטפערן — „א צווייטער שלמה המלך, אבער מיט דעם אונטערשיעד, דאס דער ערסטער שלמה המלך האט געהאט טויזענד ווייבער, און איך האב איינע אויך ניט!" —

— „ליעגט דען דאס גאנצע מענשליכע גליק אין הייראטען?" —

— „יא, ווען מען ליעבט! גיבט עס נאך א גליקליכער פאר וויא גראף יאניסקי און אגאטהע? זיי ליעבען זיך און אין אכט טעג ארום וועט זיי דער באנד פון דער הייליגער ליעבע אויף עוויג פעראייניגען. מיר איז אזא גליק ניט בעשערט. דוא ווייסט וויא גרויס, וויא גרענצ־לאז מיינע ליעבע איז צו דיר, אבער וואס האב איך צו האפען? מיין הערץ מוז בלייבען דער שטומער קבר פון מיין אונבעפריעדיגטע ליעבע!" —

— „מיר מוזען דאס געדולדיג טראגען, ליעבער גאסטאן! דוא ווייסט אז איך בין דיא פרוי פון איין אנדערן און זאלאנג מיין מאן לעבט, לאמיר צווישען זיך פריינד, טרייע פריינד בלייבען. האט אונז גאטט איינע פאר דעם אנדערן בעשאפען, וועט ער אונז שוין פיהרען צו אונזער ציעל, דיא האפנונג בלייבט אונז נאך אימער!" —

* * *

עכ איז געוועזען א ווארעמע און א העלע מאָנדנאכט. טויזענדע שטראהלען פון דער לבנה, וואס איז וויא א גרויסער זילבערנער בעקען נעשווימען אויף דעם טיעפבלויען הימעל, האבען זיך פערמישט מיט דיא שטראהלען פון דיא הונדערטער לאָמפען, וואס זיינען געהאנגען ארום דיא טהירען און דעם פענסטער פון דעם קליינעם און פרעכטיגען שלאס, אין וועלכען דיא פרינצעסין קריסטינע האט מיט איהרע פריינד געוואהנט און האבען פערברייטערט איין צויבערהאפטען שיין אויף דער גאנצער געגענד. דיא טהירען און דיא פענסטער פון שלאס זיינען געשטאנען ווייט אפען, אום אריין צו לאזען דיא באלזאמישע לופט אין דיא רייכגעפוצטע צימערן און אפצוקיהלען דיא הייסע געזיכטער פון דיא פעילע יוגענדליכע טענצער, וואס זיינען גאר ניט מיד געווארען טאנצענדיג פון האלבען טאג אן. אויף דעם גרויסען באלקאן פון דעם פאלאסט זיינען געשטאנען לאנגע טישען מיט בלומען און קריסטאל־געשיער אויסגעפוצט און א מאסע דיענער האבען דיא טהייערסטע שפייזען און געטרענקע פאר דיא גרויסע מאסע געסט סערווירט.

ניט נאר אלע איינוואהנער פון „קריסטענטהאל" זיינען געקומען צו דער האכצייט פון דעם גראף יאניסקי מיט דער שיינער אנאטהע, אויך פיעלע רייכע קאלאניסטען און פארמערס פון דער אומגעגענד זיינען מיט זייערע פרויען און קינדער געקומען א אנטהייל אין דיעזען גרויסארטיגען פעסט צו נעהמען. דיא פרינצעסין קריסטינע האט דורכאויס פערלאנגט, דאס דיא האכצייט זאל מיט דער גרעסטער גלאנץ און פראכט געפייערט ווערען, און האט אלע איהרע נאהענטע און ווייטע פריינד און בעקאנטע איינגעלאדען.

עס איז שוין געוועזען גאנץ שפעט אין דער נאכט און דאך האט נאך קיינער פון דיא געסט ניט געדיינקט דאס נייע פערמעהלטע פאר צו פערלאזען. אין דער פריה, א פאר שטונדען פאר דער טרויאונג האט דיא פרינצעסין ערהאלטען א בריעף פון דעם ניראָרלעאנסער גובערנאטאר, אין וועלכען ער האט איהר געמעלדעט, דאס ער

וועט מיט זיין פאמיליע צו דער האכצייט קומען, און אלע געסט האבען דיא געלעגענהייט געוואלט בענוטצען דעם גובערנאטאָר מיט זיין פאמיליע צו זעהען.

א גאנצע מאסע יונגע און בליהענדע מעדכען אין איינפאכע אבער זייבערע קליידער האבען זיך בעוועגט אין דיא גרויסע צימערן פון שלאָס, דיא יונגע קאוואליערען האבען זיי אלע ווילע געפיהרט צום טאנץ און דערלאנגט ערפרישונגען פון דיא טישען. מען האט געטאנצט, געזונגען, געלאכט, זיך געבאָמבארדירט מיט קליינע וויטצען און קאָמפּלימענטען און מען איז גאר ניט מיד געוואָרען.

דיא פרינצעסין קריסטינע און דער מארקיז דע־אויבאן זיינען גאר ניט מיד געוואָרען זייערע צאהלרייכע געסט צו אונטערהאלטען און אויף פערשיעדענער ארט צו אמוזירען, אָבער אלס דיא אלגעמיינע פרעהליכקייט האט איהר העכסטען פונקט עררייכט, אלס דער גרויסער אָרקעסטער מוזיק האט זיינע פרעהליכסטע שטיקער אויפגעשפּיעלט און דיא יונגע פאר האבען זיך געדרעהט אין ווילדען טאנץ — האט זיך איין וואָלקען פון טרויער אלץ טיעפער און טיעפער אויף איהר גלאטען, מארמאר־ווייסען שטערן ארונטער געלאזען, זיא האט געפיהלט וויא א נאמענלאָזער שמערץ דריקט צוזאמען איהר הערץ און אום איהר טרויער צו פערבאָרגען פון דיא לוסטיגע געזעלשאפט, האט זיא שטילערהייט דעם זאל פערלאָזען און איז פערשוואונדען.

גאנץ ווייט אין דעם גרויסען און שטילען פארק איז זיא איינע אליין געזעסען אויף א גרינע באנק. דיא הענד זיינען אויף איהר ברוסט צוזאמען געשלאָסען געווען, איהר קאָפּף האט זיא אנגעלעהנט אויף דעם גרויסען בוים, וואס איז הינטער דער באנק געשטאנען און איהרע אויגען האבען זיך וויא צום שלאָפען געמאכט.

זיא האט אבער ניט געשלאָפען. איהרע געדאנקען האבען איהר אוועק געטראגען גאנץ ווייט אין פערשיעדענע בילדער, וויא דיא צוייבערהאפטע בילדער פון איין פאָנאָראמע, זיינען פארביי איהרע אויגען פארביי געצויגען.

זיא האט געזעהן דיא גרויסע מאסע מענשען, וואס האבען איהר מיט איין געדיכטען רעגען פון בלומענקרענצע און הורראה רופען בעגריסט, אלס זיא איז צום ערסטען מאל אין פעטערבורג נאך איהר האָכצייט מיט דעם רוסישען קרוינפרינץ אלעקסייא ארייגעפאָהרען. זיא האט געזעהען דיא טויזענדער פלאַגען, וואס האבען דאמאלס פון אלע דעכער אראָפּגעוויהט, זיא האט געהערט דעם לוסטיגען מארש וועלכען איין ריעזענגרויסער מיליטער־אָרקעסטער האָט איהר צוגעשפּיעלט און וויא טויזענדע קאַנאָנען האבען איהר מיט דאָנערשטימע בעגריסט.

— „עס לעבע דיא פּרינצעסין קריסטינע!“ — האבען מעהר וויא הונדערט טויזענד מענשען געשריען און זייערע היטלען געוואָרפען אין דער הויך —

אך, וואס פאר א גליקליכע שטונדע דאס איז געוועזן! וועלכע זיסע האָפנונגען האבען דאמאלס איהר ברוסט בעלעבט!

מיט איינמאל האט זיך דיא סצענע אומגעביטען. זיא זיצט אין איהר איינזאמעס צימער אין פעטערהאָף. זיא שמיערט מיט א פעטען באלזאם דיא וואונדען אויף איהרע ארעמס און אויף איהר ברוסט. זיי שמערצען אזוי שטארק! זיא האט זיי גאר אומזיסט בעקומען. זיא האט נור געבעטען איהר מאן, ער זאָל איהר צוריק צו איהרע עלטערן אָפּשיקען, אויב ער ליעבט זיא ניט, און ער האט איהר דארויף מיט זיין קנוטע געענטפעדט. זיא הערט איהם וויעדער קומען. האסטיג פערבאָרגט זיא איהרע וואונדען. זיא ציטערט. וואָס וועט ער איהר יעצט זאגען? וועט ער איהר וויעדער שלאגען? אָט איז שוין! וועה, וואס פאר איין פינסטערעס געזיכט! ער הויבט אן צו שימפּפען, ער בעליידיגט איהר מיט דיא ניעדריגסטע וואָרטען, זיא פערטהיידיגט זיך, זיא פאלט איהם צו דיא פיס, זיא בעט זיך ביי איהם, זיא וויינט, זיא יאמערט, ער האפּט איהר ביי דיא האר, שלעפּט איהר ארום אין צימער, ער טרעט איהר מיט דיא פיס, זיא בלוטעט, אלע שטוהלען

און טישען זיינען שוין אויסגעשמירט מיט איהר בלוט. זיא פאלט אין אונמאכט, ער שליידערט איהר פון זיך און געהט אוועק.

שרעקליך? וויא זיא האט דאס געקענט איבערלעבען?

אבער זיא לעבט דאך! דאס לעבען פליסט איהר יעצט אזוי רוהיג, אזוי פריעדליך, וויא דאס וואסער פון איין וואלדקוועלע, זיא איז גע־אכטעט און געליעבט, זיא זעהט נאר פרעהליכע און צופריעדענע גע־זיכטער ארום זיך, זיא טהוט נאר גוטעס מיט איהרע מיטמענשען, יעדען טאָג ברייננט איהר א נייען גענוס, א נייעם פערגניגען, און דאך איז זיא ניט גליקליך, דאך ליעגט נאך א שווערער שטיין אויף איהר ברוסט, נאך שטעהט איהר א שווארצער וואָלקען פאר דיא אויגען.

זיא ליעבט און דיזע ליעבע האט קיינע האפנונג, קיינע צוקונפט!

אך, וויא גליקליך זיא האט געקענט זיין! אבער זיא קען עס ניט זיין, איין אייזערנע וואנד שטעהט צווישען איהר און צווישען דעם געליעבטען.

איהר מאן, ער לעבט נאך!

און דער געליעבטער, דער אָרדענטליכער, בראווער גאסטאן, וואס האט איהר אזוי פיעל אָפּפער געבראכט, אך, וויא שרעקליך ער ליידעט. ער ליידעט און — שווייגט!

איין טרעהר וויא איין גרויסער פעריל, איין הייסער טרעהר וואס איז פון איהרע אויגען ארויסגערונען, האט זיך אראָפּ געקייקעלט איבער איהר געזיכט.

— „קריסטינע! געליעבטע! דוא וויינסט?“ — האט פלוצלינג א בעקאנטע שטימע אריין געקלונגען אין איהרע אויערען —

זיא האט איהרע אויגען געעפענט. גאסטאן איז געשטאנען נעבען איהר,

— „לאז מיך וויינען, געליעבטער!“ — האט זיא איהם געענט־פערט — „אך, דיא טהרערען זיינען מיין איינציגע טרויסט!“ —

— „איז דיר היינט וואס בעזאנדערעס געשעהען, ליעבע קרים־טינע? — האט ער איהר בעזאָרגט געפרעגט —

— „דיא אלטע שמערצען, געליעבטער!“ — האט זיא איהם געענטפערט — אך, איך בין אונגליקליך! טיעף אונגליקליך! איך האב ניט דיא מאכט מיינע וואהלטהעטער, מיינע רעטער, וואס האבען מיר אזוי פיעל אפפער געבראכט, צו בעלאהנען וויא זיי זיינען ווערטה. דוא האסט מיר דיין גאנצעס לעבען געהייליגט, דוא האסט מיר דיין פערגאנגענהייט און דיין צוקונפט געאפפערט. דוא ליעבסט מיך מיט דער גאנצער גלוטה פון דיין עדלען הערצען און איך בין ניט אימשטאנדע דיך גליקליך צו מאכען, וויא דוא האסט פערדיענט. איך האב ניט קיין רעכט דיר דיא ליעבע צו שיינקען, וועלכע דוא האסט מיין ברוסט מיט אזוי פיעל יאהרען צוריק, אויפגעוועקט!“ —

— „קענען מיר דען נענען דאס שיקזאל געהען, געליעבטע?“ — האט ער זיך אפגערופען און אין זיין שטימע האט זיך איין טיעפער טרויער געהערט — „וואס קענען אונז טרעהרען העלפען? מיר מוזען ליידען און שווייגען!“ —

— „יא, ליידען און שווייגען, דאס איז אונזער שיקזאל!“ — האט זיא איהם געענטפערט און האט זיך וויינענדיג אויף זיין ברוסט געווארפען — „אימער ליידען און אימער שווייגען, דערצו האט מיר מיין שיקזאל פון געבורטה אן פעראורטהיילט!“ —

— „פערצווייפעל נאר ניט, געליעבטע“ — האט ער זיך אפגערופען איהר אין זיינע ארעמס שליסענדיג און איהרע ליפען מיט קוסע בעדעקענדיג — „דוא ווייסט ניט, וואס דיא צוקונפט קען אונז ברייננען. אך, מיר זיינען נאך אזוי יונג, און מיר קענען נאך אזוי גליקליך זיין!“ —

— „דאס גליק איז שוין דא! הורראה! הורראה!“ — האט פלוצלינג א זיסע און א פרעהליכע שטימע אויסגערופען —

דיא פרינצעסין און דער מארקיז האבען זיך איבערראשט אומגעקוקט.

נעבען זיי איז געשטאנגען דיא יונגע ברוים אנאטהע מיט איין יונגען, בילדשיינעם מאן אין דיא אוניפאָרם פון דער רוסישער גארדע.
הינטער זיי דער גראף יאנינסקי און דיא גרעפין גאלדמארק.

דער יונגער אָפיציער האט פאר דיא פרינצעסין ניעדערגעקניעט, האט איהר האנד געקוסט און האט אויסגערופען:

— „איך בין גליקליך, ווען איך זעה דאס איהר לעבט, פרינצעסין!“

קריסטינע איז בלייך געוואָרען און האט אנגעפאנגען צו ציטערן. ווער איז דיעזער פרעמדער, און ווער האט איהם איהר געהיימניס ענטדעקט?

— „פרינצעסין!“ — האט זיא ציטערענדיג אויסגערופען — „איהר האט איין אירטהום, מיין הערר! ווער האט אייך געזאגט, אז איך בין א פרינצעסין?“ —

— „אָה, מיין האָהע פירסטין;“ — האט זיך דער פרעמדער אפגערופען און איז אויפגעשטאנען — „צו לאנג האב איך דאס גליק געהאט אין אייער נעהע צו לעבען אום אייך ניט צו דערקענען!“ —

— „און ווער זייט איהר?“ — האט איהם דיא פרינצעסין האסטיג געפרעגט —

— „דער אדיוטאנט וולאדימיר ראזאנאוו!“ — האט דער אָפיציער געענטפערט — „אנאטהעס ברודער, דער אדיוטאנט פון אייער געשטאָרבענעם מאן!“ —

— „נאטט! וואס הער איך?“ — האט דיא פרינצעסין אויפגערופען און איז פון איהר זיטץ האסטיג אויפגעשפרונגען — „מיין מאן איז טויט?“ —

— „טויט וויא א אפגעריבענע שוועבעלע!“ — האט אנאטהע לאכענדיג געענטפערט — „דער שיינער טאטע האט דעם שיינעם זוהן אייגענהענדיג פערקנוטעוועט!“

— „און דאן דיא קאפ אפגעהאקט!“ — האט וולאדימיר צוגעגעבען — „איך האב עס מיט מיינע אייגענע אויגען צוגעזעהען!“

— „גאָטט! ערבארעם זיך איבער זיין זעעלע! — האָט פרינצעסין אויסגערופען מיט איין נאסען בליק צום הימעל און איז זיא אין גאסטאנס ארמען געפאלען —

— „אָט וועלען מיר באלד א צווייטע האָכצייט האבען!“ — האט אנאטהע איהר מאן אין אויער אריין געפליסטערט —

* * *

אין א יאהר ארום האבען אין „קריסטענטהאל“ צוויי האָכצייטען שטאטגעפונדען. גאנצע צוועלף מאנאט האט דיא פרינצעסין געטראגען טרויער נאך איהר מאן און אז דיא טרויערצייט איז אריבער האט זיא זיך מיט דעם מארקיז דע־אויבאן געטרויט. אין דעמזעלביגען טאג האט אויך דיא טרויאונג צווישען דיא יונגע גרעפין גאלדמארק און אנאטהעס ברודער, דעם אָפיציער וולאדימיר ראָזאנאָוו שטאטגעפונדען. אין דעם פערלויף פון א יאהר צייט האט עס דעם בראווען אָפיציער געלונגען, דאס הערץ און ליעבע פון דער גרעפין צו געווינען.

קיין גליקליכערע פאר וויא דיא דריי פאר איז צו יענער נייט געווים אויף דער גאנצער וועלט ניט געוועזען!

ע נ ד ע.